דיא אינטערנאציאנאלע ביבליאָטהעק.

# אלישע בן אבויה

דראַמא אין 4 אַקטען

פון

יעקב גאָרדין



אַרויסגעגעבען פון
דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאטהעק
פערלאַג קא.
ניו יארק.

# פּערזאנען:

אלישע בן אבויה, אַ זעהר שעהנער מענש, 50-75 יאָהר.

בתבורית, זיין פרוי, אַ מיאוס׳ע, דיזעלבע יאָהרען.

נעמי, זייער טאכטער, 20 יאָהר.

מרימי, זייער דיענסט, אַ שמרונית, 60 יאָהר.

רבי מאיר, אַ יונגער תנאי, אַ יאָהר 30.

ראש הישיבה, אַ גרא-גרייזער מאן.

שמעון הנזיר, טראָגט לאַנגע האָר און ווייסע קליידער, בלאַס און מאגער, אַ יאָהר 25.

טוביה האביוני, אַן אלטער בעטלער מיט אַ בעטעל-זאק, 70 יאָהר.

בעאַטע, אַ שעהנע יונגע פרוי.

אביונימוס הגרדי, אַ גריעך, אַ יודענפריינד.

קוועזיטאָר אנטאָניוס סערוויוס, אַ יאָהר 40.

איין יוד, אַ״ן עם הארץ.

תלמידי חכמים, יודען, נאזארעיער, רוימישע סאָלדאַטען.

עס קומט פאָר אין דער ערשטער העלפט פון צווייטען יאָהרהונדערט.

## ערשטער אַקט.

(אַ קלײנער גאָרטען לעבען אלישע בן אבויה׳ס הויז. עטליכע פּאַלמען, בײטען מיט בלומען, בענק, דיוואַנען און נידעריגע טאַבורעטען צום זיצען. אַ פאָנטאַן—א גריעכעשע געטין, בײ וועלכער עס פליסט וואַסער פון מויל.

ווען דער פאָרהאַנג געהט אויף, זעהט מען א גרופּפּע מענער און פרויען געקלײדעט אין אַרעמע, דונקעלע קלײדער, אַלע אויף די קניע. די הענד אויפ׳ן האַרצען. די אויגען צו גאָטט. אין צענטר פון דער גרופּפּע שמעון הנזיר, טוביה האביוני און מרימי.)

**ש מ ע ו ן ה נ ז י ר** (לעזט פאָר שטיל מיט גרויסע התלהבות):

דיא וועלט איז אַ חרוב׳ע אַרעמע שטוב,<br>
דאס לעבען ניט מעהר וויא אַ פינסטערע גרוב,<br>
לעבען און ליכט איז דאָ נאָר אין הימעל.<br>
קײן פרײד און קײן גליק איז ניטאָ אויף דער ערד.<br>
פון מענשען׳ס געדאַנקען ווערען זינד נאָר געמעהרט,—<br>
זײן פערלאַנג איז הבל הבלים און שימעל

(מרימי װײנט, אלע זינגען פּיאַנאָ)

**שמעון הנזיר**: טרעהרען און געבעט איז אונזער אײנציגע פרײד,<br>
אונזער אײנציג ציערונג איז פון תשובה אַ קלײד,<br>
דיא ערלעזונג ווערט געקויפט נאָר דורך שמערצען.<br>
ליעבע איז דער נאָמען פון אונזער מעכטיגען גאָט,<br>
פערגעבען און ליעבען — דאס איז זײן הייליג געבאָט.<br>
מענש, בוי איהם, א טעמפּעל אין האַרצען! (זײ פערדעקען זײערע פּנים׳ער און זינגען דיעזעלבע סטראָפע. בתבורית קומט, הערט זיך צו.)

**ב ת ב ו ר י ת** (בײז) איהר פרעפעלט שוין ווידער אײערע טרפנע תחינות דאָ בײ מיר אין גאָרטען, האַ? (אַלע ערשרעקען זיך

און לויפען פאַרט. מרימי און טוביה שטעהען אויף. שמעון בלייבט שטיין אויף דיא קניע גאַנץ רוהיג און בעט שטיל.)

איהר ווילט מאַכען מיין הויז צו שאַנדע און שפּאָט ביי אלע יו־דען, הא? אָהן אייך זיינען מיר ווייניג אין לייטישע מיילער? מרימי, וויפיעל מאָל האָב איך דיר געזאָגט: ווען דו ווילסט זיך משוגע מאַכען מיט דיין נייע עבודה זרה, זאָלסט דו זיך געפינען אַן אנדער פּלאַץ. ניט ביי מיר דאָ!

ש מ ע ו ן: (פאר זיך) איין פּלאַץ האָבען דיא גערעכטע דאָרט, ביי זייער פאָטער אין הימעל.

מ ר י מ י: בעל'הבית'טע, איך האָב מיר ערלויבט היינט, ווייל מיר האָבען אזא גרויסען גאַסט—אונזער ברודער שמעון הנזיר איז געקומען . . .

ב ת ב ו ר י ת: עס איז אַ צייטעל! יעדער שווארץ יאָהר מאַכט זיך אַ נייע עבודה זרה. און וויא מע קערט זיך נאָר אָב אויף אַ ווייַלע, קלייבען זיך צונויף דיא אַרומיגע דיענסטען, קנעכט, בעט־לער און פון וואַנען דער רוח רייסט זיך אָב און מע פּרעפּעלט. זאָג דיינע לצים זיי זאָלען געהן, מענשען דאַרפען אַהער קומען און מיר דאַרפען זיך פאַרבערייטען. דו, אַלטער בעטלער, ארויס פון מיין גאָרטען!

ט ו ב י ה: דיין גאָרטען? אויב דו האָסט בעשאַפען דאס לאַנד דאָ אונטער דיינע פיס, אויב דו האָסט געמאַכט אָט דיא גרינע בוימער, אויב דו האָסט פון זיך הערויסגעבראַכט דיעזע שעהנע, בליהענדע בלומען, דאַן איז דאס דיין גארטען. אויב ניט, איז דאס דיין גאָרטען פונקט אזוי וויא מיין גאָרטען.

ב ת ב ו ר י ת: וואס? דיין גאָרטען גאָר? איהר הערט אַ חוצפּה פון איין אַלטען שלעפּער? פאָרט פון דאַנען! אויך דוא, ווייסער עבודה זרה'ניק, שוין זאָלסט דו דאָ ניט זיין.

ש מ ע ו ן: איך בין דאָ ניטאָ, איך בין ביי מיין פאָטער אין הימעל.

מ ר י מ י: מיר זיינען אלע דאָרט, וואו אונזער ברודער שמעון איז . . .

ב ת ב ו ר י ת: דו ביסט אויך דאָרט, דו אַלטער גולם?

מ ר י מ י : אזוי זאָגט גאָטט אונזער הארר.

ש מ ע ו ן (שטעהט אויף) דאס וואס דו זעהסט, (ציגט אויף זיך) דאס איז ניט איך.

ב ת ב ו ר י ת : דו ביזט ניט דוא ? ווער דען ביזט דו ?

ש מ ע ו ן (צייגט אויף זיך) : דאָס וואָס דו זעהסט איז נור א זינדיגע שטיק ערד, א לוימענע כלי. מעגסט עס הערויסוואַרפען אהין, מעגסט עס אריינוואַרפען אהער, מיך האַרט ניט. איך בין ביי מיין פאָטער אין הימעל.

ב ת ב ו ר י ת : משוגעים, איך וויל ניט הערען אייערע ווילדע רייד. ארויס פון דאַנען ! (טרייבט זיי).

ש מ ע ו ן : (רוהיג) מעגסט מיך טרייבען און שלאָגען, ביזט דוא דאָך מיין שוועסטער.

ב ת ב ו ר י ת : איך דיין שוועסטער ? ניט דערלעבען זאָלסט דוא...

מ ר י מ י : אזוי זאָגט גאָטט אונזער הארר...

ש מ ע ו ן : מעגסט זאגען יא, מעגסט זאָגען ניין, ביזט דאָך מיין שוועסטער, — מיר האָבען איין פאָטער אין הימעל.

ב ת ב ו ר י ת : פאַרט פון דאַנען ! אויך דוא, אַלטער שד, אהיים ! אהיים !

ט ו ב י ה : גוטער מענש, איך בין אין דערהיים ! מיין היים איז דיא גאַנצע וועלט. און וואו עס וואָינען מענשען, דאָרט איז מיין וואוינונג, און וואו עס איז דאָ ערד אונטער מיינע פיס, דאָרט איז מיין ווייכעס בעט. און וואו עס איז דאָ ריינע קלאָרע קוואַל־וואַסער, דאַרט איז מיין וויין־קעלער, און וואו עס וואַקסט עפּעס וואָס מע קען קייען, דאָרט איז מיין קיך און מיין עסס־צימער... דוא דאַרפסט א סך, דערפאַר האָסט דוא גאָר ניט. איך דאַרף גאָר ניט, דערפאַר האָב איך א סך... דיא גאַנצע וועלט איז מיינע...

מ ר י מ י : (שאָקעלט צו מיט׳ן קאָפּ) אזוי זאָגט גאָטט אונזער הארר...

ב ת ב ו ר י ת : (אויסערזיך) דער איז בא זיין פאָטער אין הימעל און דער איז בא זיך אין דער היים. (כאַפּט א בעזעם) געה, צו דיין פאָטער אין הימעל !

מ ר י מ י : (לאָזט ניט) גאָטט איז מיט אייך... זעהט בעסער, אונזער הערר קומט — רבי אלישע בן אבויה געהט! (אלישע בן אבויה שעהן געקליידעט, אויף דיא ליפּען שפּיעלט אַ גוטער שמייכעלע. ביידע פרעמדע בלייבען גאַנץ גלייכגילטיג. אלישע ברענגט מיט זיך אַ גריעכישען בוך.)

ב ת ב ו ר י ת : איך וועל שווערען, ביי איהם וועלען אַט אזעלכע אויף זיין אורחים... בא איהם איז דאָך פּונקט פּארקערט

א ל י ש ע : וואָס טהוסט דוא, קינד ? א בעזעם איז געשאַפּען פיר שטויב און מיסט. (נעמט צו ביי איהר דעם בעזעם) הע! הע! מענשען זיינען אפשר שטענדיג שטויב, זיי זיינען אָבער ניט שטענדיג מיסט. פריעדען צו'ן אייך, איהר פרעמדע מענשען.

ט ו ב י ה : אויף דער וועלט איז ניטאָ און עס דארף ניט זיין קיין פרעמדע מענשען.

א ל י ש ע : אַזוי ? נו, זייט דאָ ניט קיין פרעמדע, זייט מיינע געסט, ווער עס איז בא מיר, דער איז מיין גאַסט.

ש מ ע ו ן : מיר זיינען ניט בא דיר. מיר זיינען בא אונזער פאָטער אין הימעל.

א ל י ש ע : (ענטציקט) אינטערעסאַנטע, וואונדערבארע מענשען!

ב ת ב ו ר י ת : בא אַן אנדער יודען וואָלט מען דיא עבודה זרה'ניקעס געטריבען מיט שטעקענס פון הויף און דוא ביזט א מכניס אורח. נו, יא, בא דיר קומט דאָך אויס, אז דיא נאָז דארף זיין אויף דער פּאטילניצע! (בייז אב).

א ל י ש ע : פריינדע, איהר דארפט אויף איהר קיין פּעראיבעל האָבען. דיא גאַנצע רעכטע וואָס א פרוי האָט יעצט איז דאָך נאָר צו טענה'ן אביסעל און צו בייזערן זיך. מרימי, פיהר דיא געסט אין הויז, גיעב זיי וואַסער צו וואַשען זייערע פיס, וויין צו לעשען זייער דורשט און עססען צו שטילען זייער הונגער.

ש מ ע ו ן : איך דארף ניט עססען יעצט. איך עסס נאָר איין מאָל אין טאָג, ווען דיא זון פערגעהט.

א ל י ש ע : און ווען עסט דו, מיין אלטער פריינד?

ט ו ב י ה : איך עסס, ווען איך האָב הונגער און האָב וואָס צו עססען. דיא זון קוקט ניט אויף מיר, ווען איך בין הונגעריג און איך קוק ניט אויף דער זון, ווען איך עסס...

א ל י ש ע : חע ! חע ! דאָס איז א געזונטער כלל... וויא איך זעה, בעלאַנגסט דוא, אַלטער צו דער חברה, וואָס רופען זיך אביוניטין, אביונים ?

ט ו ב י ה : וויא אַזוי האָסט דוא דערקענט, אַז איך בין אַן אביוניסט ? יאָ, איך בין עס, דאָס נעמט זיך פון וואָרט „אביון“. מיר זיינען דיא רייכסטע מענשען אין דער וועלט.

א ל י ש ע : חע! יא, איהר זייט עס. מענש, עס איז זעהר לייכט צו זיין צופריעדען, ווען מען בעדארף נאָר א בעטלער־זאַק, ניין ! דוא פערלאַנג פיעלעס, האָב גרויסע בעדערפניסע, וויל אַ סך און זיי דאַן צופריעדען !...

ט ו ב י ה : דער יצר הרע זאגט : וויל, וויל נאָך, וויל נאָך, אָהן אַ שיעור, אָהן אַ ברעג. נו, וויל גאָר ניט, בלייבט דער יצר הרע מיט אַ נאָז און דוא בלייבסט צופריעדען. קום, מרימי, איך וויל עסען.

ש מ ע ו ן : און איך וועל נאָר מיינע מיעדע פיס וואַשען און וועל אביסעלע אויסרוהען זיך. אי, גאָטט, פערגיעב מיר, וואָס איך זאָרג אַזוי פיעל פיר מיין זינדיגען אונווירדיגען קערפער. (געהט) וועה איז צו דעם מענשען, וואָס וויל זיך צופריעדען שטעלען דאָ אויף דער פינסטערער ערד.

מ ר י מ י : יא, גאָטטעניו, וואָס איז דער מענש, און וואָס וויל דער מענש ? טפוי ! (אַללע דריי אב.)

א ל י ש ע : אונזער יעצטיגער לעבען שאַפט מערקווירדיגע מענשען מיט ערשטוינליכע לעבענס־אַנשויאונגען. דער נאַזאַרעיער וויל טויטען דיא געפיהלע פון לעבען, פערניכטען דעם מענשענס גייסט און געדאַנק. פון דער יודישער פרומקייט איז אויסגעוואַקסען אַ דונקעלער גלויבען פון זעלבסט פערניכטונג ; דעם אביוניטס אנשויאונג איז שוין ניט אַזוי טרויעריג. ער מאַכט זיך לוסטיג איבער זיינע אייגענע צרות, שטעלט זיך אַליין אַ פייג אונטער דער נאָז און מיינט ער האָט עס אָבגעטהאָן אַ שפיצעל דעם יצר הרע !...

חע ! חע ! יא, דער מענש זוכט זיין גליק, און זיין געדאנק וואנ־דעלט ארום איבער דיא גרויסע פעלדער פון דענקען און פיהלען. וועט ער אמאל געפינען וואס ער זוכט ? זאלאנג ער וועט עס זוכען דארט אין דיא הימלען, וועט ער עס ניט געפינען דא אויף דער ערד ! (אב אין גארטען אריין פארטראכט.)

שמעון : (מע הערט זיין שטימע פון הויז) טרעהרען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד, אונזער איינציגע ציערונג איז פון תשובה א קלייד, דיא ערלעזונג ווערט געקויפט נאר דורך שמערצען...

בתבורית : (קומט אן, שרייענדיג) נעמי, גיעב אכט דארט, דעם טאטענס שעהנע אורחים זאלען וואס ניט אוועג לאדכענען ! (זיא קומט מיט מרימי, טראגען פיעל פערשיעדענע קאוויארען און קישענס פון העלע קאלירען, זיי פערשפרייטען עס איבער דיא ביינק און דיוואנען).

בתבורית: אין מיטען דרינען פערגלוסט זיך איהם א שמחה ! מען בלייבט אהן הענד פון ארבייט ! (זיא איז שטארק בעשעפטיגט.)

מרימי : נאך וואס דארפט איהר אייך בעמיהען ? אהן אייך וועט מען דען ניט טהון וואס מע דארף ?

בתבורית : איך זאל ניט ארבייטען, וואלט איך דאך ניט געהאט קיין רעכט א מויל צו עפענען... נעמי ! ברענג נאך א פאאר קישענס... אללע יודען קלאגען און בא איהם איז שמחה וששון... (נעמי קומט מיט א קישען) אין מיטען מיטוואך איז בא דיין טאטען א שמחה...

מרימי (ארבייטענדיג) : נאך וואס דארף מען דיא אללע שמחות ?

נעמי : איך האב ליעב שמחות !... אבער ניט וויא בא אונז.... ווייס איך, קומען זיך צונויף און ריידען פון אומעטיגע זאכען... בא דיא רוימער קומען זיך צונויף יונגע הערין און דאמען, מע עסט טהייערע מאכלים, מע טרינקט זיסע וויינען... שקלאפען זינגען און שפיעלען... נאכדעם געהט מען אין צירקוס זעהען, וויא מענשען ווערען צוריסען פון לעמפערטען..

מ ר י מ י : דאס איז טאקע א שמחה...

ב ת ב ו ר י ת : עס געהט אוועק אזוי פיעל וויין און בשמים און האניג - געבעק און וואס האט ער דערפון ? ווען קומט דערפון ארויס א טובה ?

נ ע מ י : מאמע, זאג בעסער, האסט א טויטעל ? גיב נור א קוק ביי זיך אין קעשענע.

ב ת ב ו ר י ת : טויטלען האט זיך דיר פערגלוסט ! (גיט נעמי'ן א טויטעל און קוקט אליין אויך). איך וויס, ער האט זיך פערריסען מיט דיא יודען און קען ניט זיין קיין נשיא, קיין ראש הישיבה, זאלען כאטש דיא רוימער איהם מאכען פאר א גבאי, פאר א מוכסן, פאר וואס איז... מרימי, געה צאפ אן וויין אין דיא קרוגען.

מ ר י מ י : וויין איז דעם שטן'ס בלוט, אזוי זאגט גאטט אונזער הארר.

נ ע מ י : מרימי, שש ! איא איך בין אזוי שעהן אנגעטהאן, אז מען קען ניט דערקענען, אז איך בין א אידישע מיידעל ?

מ ר י מ י : גאטט קען יעדען דערקענען ! (אלישע קומט, זיי בעמערקען איהם ניט.)

ב ת ב ו ר י ת : שמחות ! אן אנדער טאטע וואלט חאטש געזעהען א שדוך פיר זיין קינד. נו, יא ! וועלכער יוד וועט זיך וועלען מיט איהם מתחתן זיין !...

נ ע מ י : מוטער, איך וויל ניט דו זאלסט רעדען פון שדוכים ! איך שעהם זיך...

מ ר י מ י : זיא איז ניט גערעכט ? נאך וואס דארף מען גאר אין גאנצען דיא שדוכים ? (אב).

ב ת ב ו ר י ת : א שעהנער בעל תכלית איז דער טאטע דיינער ! גוט, זיין פאטער האט איהם איבערגעלאזט א פערמעגען, האט ער וואס צוווארפען אין דער בלאטע אריין. וואס וואלט געווען, אז עס וואלט ניט זיין ?

א ל י ש ע : קינד, מע דארף ניט טראכטען דערפון, וואס וואלט געווען, אז עס וואלט ניט זיין... עס איז זעהר טיעף... יא, איך וויס, זאגאר בא מיר אין דערהיים, האלט מען ניט זעהר שטארק פון מיר... עס איז שווער צו פערשטעהן א מענשען...

נ ע מ י : (שטיל) איך זאָל זיין אַ טאַטע, וואָלט דיא מאַמע בא מיר געשוויגען...

ב ת ב ו ר י ת : דוא זאָלסט זיין אַ מענש וויא אַללע מענשען.

א ל י ש ע : אַ דענקענדער מענש שטאָלצירט מיט דעם, וואס ער איז ניט וויא אַלע מענשען.

ב ת ב ו ר י ת : נו, יאָ, דו ביסט אַ למדן, דער חכם, דער מבין, און דיא גאַנצע וועלט איז משוגע. ווען אַללע יודען זאָגען יאַ, זאָגסט דוא ניין! בא אַללע יודען איז טרויער, בא דיר איז היינט אַ סעודה... אַליין ר׳ עקיבא עליו השלום איז דאָך ביי דיר קאַי אין שפּאַי, היינט וואָס בעדייטען שוין אַנדערע? (וויינענדיג) און אַט מיט אַזאַ מענשען דאַרף מען אַבלעבען דיא יאָהרען! שמחות גאָר מיט געסט, אַז דער בית המקדש איז חרוב און דיא טאָכטער האָט ניט קיין חתן! (בייז אב.)

א ל י ש ע : (זיפצט שטיל) נו, און דוא, נעמי, האָסט פון מיר אַזאַ מיינונג וויא דיא מוטער?

נ ע מ י : דיא מוטער בעלאַנגט צו דיא אַלטע וועלט. וואָס ווייסט זיא? זיא האָט דאָך מורא צו רעדען מיט אַ רוימער.

א ל י ש ע : נעמי, מיר געפעלט ניט, וואָס פונקט היינט ביזטו געקליידעט אין רוימישע קליידער... היינט פּאַסט ניט.

נ ע מ י : פערקעהרט, היינט וועלען דאָך דאָ ניט זיין נאר אידישע געסט? (אַפּאַרט) ביי איהם קומט שטענדיג אויס ניט אַזוי וויא מען דאַרף...

א ל י ש ע : ווייל דאָ וועלען זיין רוימער, האָסט דוא געדאַרפט טראָגען אידישע קליידער.

נ ע מ י : האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אידישע קליידער זיינען אַזוי הייליג, וויא רוימישע... (אַפּאַרט) וואָס פערשטעהט ער וואָס איז שעהן און וואָס איז ניט שעהן?

א ל י ש ע : געוויס, אידישע קליידער זיינען ניט הייליג. אבער קיינער דאַרף ניט דענקען, אַז מיר שעהמען זיך מיט דעם וואָס מיר זיינען אידען! איך דאַרף זיך ניט חנפה׳נען צו יענעם, דאַרף זיך ניט שעהמען מיט זיך אַליין. פערקעהרט, מען פעראַכטעט אַ מענש, וועלכער וויל זיך אַליין אַבלייקענען מיט פרעמדע קליידער, פרעמדע זיטטען און אַ פרעמדע שפּראַך, פערשטאַנען?

נ ע מ י: יא, יעצט פערשטיי איך, (שטיל) געה, פערשטיי וואס ער מיינט... אי, ער זאָל מיך וועלען פאָלגען, וואָלט ער גאר אן אנ־דער מענש געוועזן.

א ל י ש ע: וואס האסט דוא געזאָגט? קום אהער, קינד, איך האב מורא, דוא האסט מיך ניט ליעב!

נ ע מ י: איך האב מורא מיט דיר צו רעדען... ביזט אזא מענש, מען קען קיין מאָל ניט טרעפען, וואס דיר קען געפעלען און וואס דיר קען ניט געפעלען....

א ל י ש ע: טרעפען איז שלעכט... טרעפען הייסט געהן וויא א בלינדער פערד אין גרוב אריין... א מענש דארף דיינקען...

נ ע מ י: דוא אליין לאכסט פון דיא אידען, פלוצלינג, אידי־שע קליידער!

א ל י ש ע: איך לאך ניט פון דיא אידען, איך וויל ניט צייגען, אז מיין הארץ ווײנט צוזאמען מיט זיי... איך לאך פון דעם, וואס מאכט דיא אידען לעכערליך...

נ ע מ י: דיא מוטער זאָגט, דיך קען מען ניט צופריעדען שטע־לען, ווייל דוא לעבסט פיר זיך אליין און דיך הארט ניט פאר קיי־נעם...

א ל י ש ע: און וויא מיינסט דוא? (בתרובית שרייט: נעמי! אהער געה!)

נ ע מ י: איך? איך וויים ניט. דיא מוטער רופט. (שטיל) עס איז אזוי גוט, וואס זיא רופט מיך... מיר איז אונטערטערעגליך שווער צו בלייבען מיט איהם אליין ששו!... ער ווייסט ניט, אז צוליעב א רוימער האב איך היינט אנגעטהאָן א רוימישע קלייד... (לויט) פאָ־טער, האָסט ניט פערגעסען, האסט צוגעזאָגט צו קויפען מיר א שני־רעל פערל... אי, ווייסע פעריל אויף א ווייסען האלז... אי! (אב.)

א ל י ש ע: מען וועט איהר דארפען קויפען פערל....
איך האָב נאָר איין קינד... איך וויל זיא זאָל זיין צו מיר נאָהענט, און זיא איז ווייט, שרעקליך ווייט פון מיר... איך וויל, זיא זאָל פיהלען און דענקען וויא איך און זיא... איין מו־טער קען האבען מעהר איינפלוס אויף א קינד פון צעהן טויזענד פאטערס. (מרימי קומט).

מ ר י מ י: גוטער הערר, ברודער שמעון הנזיר פרעגט אויב ער קען ריידען מיט אייך, ער וויל פרעגען, ווי קומט עס, אזא גרויסער מענש, וויא איהר, וועלכער פערשטעהט, זאָל ניט וועלען גלויבען...

א ל י ש ע: דער וואס פערשטעהט גלויבט ניט...

מ ר י מ י: אה, הערר! פאָלגט מיך... רעטעט אייער זעעלע אין׳ם נייעם גלויבען.

א ל י ש ע: מיר האבען געגוג צרות מיט׳ן אַלטען גלויבען, ברענגט איהר אויף אונזער קאָפּ א נייע צרה... קינד, וואס געפעלט דיר אין׳ם נייעם גלויבען?

מ ר י מ י: מיר זיינען שמרונים, איהר זייט אידען, זיי זיינען רוימער, גריעכען — אַלע גלייך. אזוי זאָגט גאָט אונזער האַרר. מיר האַלטען זיך ניט גרוים געגען קיינעם און אַלע זיינען מיר ברידער און שוועסטער דורך דער ליעבע.

א ל י ש ע: איהר קליינע, ארעמע, פערפאָלגטע מענשעלאך! יעצט האט איהר אייך ניט מיט וואס גרוים האַלטען, זייט איהר ענוים און איהר האט אייך ליעב. וועט איהר אבער ווערען א מאַכט, דאַן, מיין אייך, וועט דיא ליעבע זיין טוידט וויא אַלע שעהנע ווער־טער פון דיא הייליגע געבאָט... איהר וועט נאָך אפשר זיין אַמאָל מעהר שטאָלץ פון דיא אידען און מעהר ברוטאַל פון דיא רוימער.

מ ר י מ י: וואס זאָגט ער? יא, ברודער שמעון, קום אריין. (שמעון און טוביה קומען. מרימי אב.)

א ל י ש ע: אַלטער, ווי מיינסט דו: מען דארף פערשטעהן וויא אַלע? אדער דער פערשטאַנד איז אונז געגעבען געוואָרען מיר זאָ־לען פערשטעהן העכער פון אַלע?

ט ו ב י ה: איך מיין, מען דארף פערשטעהן, אז מען פער־שטעהט ניט.

ש מ ע ו ן: (לעגט צונויף זיינע הענד) פאַטער אין הימעל, העלף מיר עפענען דיא אויגען פון דעם בלינדען פערבלאָנדזעטען מענשען. (בעטעט שטיל) אה, גאָט, וואס פערשטעהט א מענש און וואס ווייסט א מענש?

ט ו ב י ה: אז מען גיט א שפּרונג אין דער לופטען, ווערט מען ניט גרעסער. דיא פּיס האבען זיך אויף א ווייל אבגעטהיילט

פון דער ערד, — דיא אייגענע פיס וועלען דיך באלד אראפשלעפען צוריק צו דער מוטער ערד!

א ל י ש ע: (בייז) אונזין! מיט דיא פיס שפּרינגט אין דער הויך נאר א פערד. א מענש הויבט זיך אויף דיא פליגלען פון זיינע געדאנקען ביז דיא וואָלקענס...

ט ו ב י ה: און בלייבט זיצען מיט'ן בעל מחילה אויף דער ערד (אלישע לאכט שטארק) און איך וועל מיר דערווייל נעהמען און בעגיסען דיא בלומען, זיי ווילען נעבאך א טרונק. (נעהמט א כלי און וואַסער פון פאנטאַן).

ש מ ע ו ן: ברודער אלישע בן אבויה, איך בין געקומען צו דיר אין'ם נאמען פון אונזער פאטער אין הימעל... ער אליין האט מיך געשיקט.

א ל י ש ע: זעהר א וויטע שליחות... איך האב מורא, איך וועל דיך דארפען שיקען צוריק צו איהם...

ש מ ע ו ן: מיר האבען געהערט, דוא קריטיקירסט דיא אידען פון'ם אלטען געזעץ...

א ל י ש ע: פערקעהרט, איך קריטיקיר דיא אלטע געזעץ פון'ם אידען.

ש מ ע ו ן: אלישע בן אבויה, דוא שטעהסט שוין אויפ'ן וועג פון ערלעזונג... איך וויס, דוא ווילסט זיי פערלאָזען... און געהן מיט'ן וועג פון ערלעזונג.

א ל י ש ע: ניין! איך וויל בלייבען מיט זיי. איך זאל זיי וועלען פערלאָזען, וואָלטען מיך זייערע פעהלערען און חסרונות ניט גע־קרענקט... ברודער, דער איינציגער וועג פון ערלייזונג, איז דער וועג פון פערשטאַנד...

ש מ ע ו ן: זיי זיינען יעצט פעראכטעט און פערהאסט. עס איז איין אונגליקליכעס פאָלק...

א ל י ש ע: ברודער, ווער עס פערלאָזט זיין פאָלק, ווייל עס איז אונגליקליך, דער איז א פעררעטהער און א פייגלינג!

ש מ ע ו ן: איך זעה, גאָט האט נאָך ניט געעפענט דיין הארץ... איך גיב דיר איבער צו מיין פאטער אין הימעל. קום, ברודער אביוני.

א ב י ו נ י: געזעגענט זיינען דיא ארימע, צו זיי געהערט גאָטעס קעניגרייך. (געהט).

א ל י ש ע: בלייבט... ביי מיר איז היינט א פעסט, וויא אמאל ביים גריעכישען דענקער עפיקור. יעדען 20טען טאג אין חודש פער־זאמלען זיך מיינע פריינדע, מיר טרינקען וויין, לעזען פאעזי און גע־ניסען פרייד און פערגניגען...

א ב י ו נ י: אזא פעסט האב איך יעדען טאג אין יאהר. איך זיץ אין גאטס גארטען, טרינק רוישענדע קאלטע וואסער פון א קוואל און הער דיא זיסע שירים פון דיא ליעבע פויגעלאך. זעהסט? (נעהמט ארויס פון בוזעם א הילצערנע פייפעלע און שפיעלט אזוי וויא א פויגעלע טרעללערט).

ש מ ע ו ן: ברודער, הער אויף! פערגניגען איז פון׳ם טייוועל, שמערץ און ליידען זיינען פון גאט צו לייטער׳ען אונזערע זעעלען... (טוביה הערט אויף שפיעלען).

א ל י ש ע: ניין! וואס מעהר פרייד און וואס וועניגער שמערצען דארף דער מענש! געניסען איז א טוגענד, נור דאס געניסען דארף זיין ריין וויא דיא טוגענד אליין. (א גערויש): אהא! אימיצער קומט שוין (מאיר קומט) מיין יונגער פריינד, דער גרויסער אידישער געלערנטער רבי מאיר...

מ א י ר: שלום עליכם, רבי ומורי. (דריקט זיין האנד, נייגט זיך פון דער ווייטען צו דיא פרעמדע).

א ל י ש ע: דוא זעהסט דעם אלטען? זיין בעטלער־זאק איז לעדר, זיין קאפ אבער איז פולל מיט געדאנקען.

ט ו ב י ה: א לעערער זאק און א פולער קאפ — דאס זיינען דיא איינציגע זאכען אין דער וועלט, וואס קיינער וועט דיר ניט מקנא זיין. (אלישע און מאיר לאכען).

מ א י ר: (אפארט) דאכט זיך, אזוי שטאלץ: אין דער ווירקליכ־קייט אבער איז ער גוט צו יעדען איינעם.

ש מ ע ו ן: פאטער אין הימעל, איך פערבלייב דא מיט דער האפנונג צו לאזען הערען דיין הייליג ווארט צווישען זינד־גע בעלי תאוות.

מ א י ר: רבי, בעפאר דיא געסט וועלען קומען, וויל איך וואס פון אייך לערנען. מיר האבען היינט בשום אופן ניט געקענט דערטאנען זיך, וויא אזוי ר׳ עקיבא האט געלערנט דעם פשט פון

פסוק „גם זה לעומת זה ברא אלהים... איינס געגען דאס אנדערע האט גאט בעשאפען.... וויא האט עס ר׳ עקיבא ערקלערט?

אלישע: ר׳ עקיבא האט ניט געקענט ערקלעהרען, ער האט ניט געהאט קיין קאפ פון א דענקער.. ער האט שפעט אנגעפאנגען צו לערנען.

מאיר: רבי, ער האט אבער ליעב געהאט דאס אידישע פאלק מיט׳ן גאנצען הארצען.

אלישע: ליעבע פון א בעגרענצטען מענשען שטערט מעהר וויא זיא העלפט. ווען מען לערנט איין אלטען איז גראדע וויא מען שרייבט אויף אלטע צוריבענע פאפיער... ביי א יונגען תלמיד געהט עס אריין אין זיין בלוט. דברי תורה נבלעו בדמיו. נאך עקיבא׳ס בעגריף איז גאט א חנוני, א קרעמער וועלכער זיצט ביי זיך אין קליי־טעל, שרייבט אין פנקס אונזערע חובות און צאהלט מיט גראשען זיינע ליבלינגע... זה לעומת זה, מיינט ער: גאט האט בעצאלט איוב׳ן פיר זיינע צרות און קרעץ מיט געלד און רייכטהום. פע! דאס איז זעהר קליינליך.

טוביה: עס איז בעסער, ווען גאט גיט דיר גאר ניט און האט ניט וואס ביי דיר צו צונעהמען!

מאיר: און וויא פערשטעהט איהר, רבי, דעם געדאנק פון את זה לעומת זה?

אלישע: עס איז א פראגע: את זה לעומת זה ברא אלהים? האט גאט געקענט בעשאפען זאכען וואס זיינען א היפך, א געגען, א ווידערשפרוך איינע צו דיא אנדערע? אויב ער האט בעשאפען גוטהייט, נאך וואס האט ער אויך בעשאפען שלעכטהייט? וויא קען זיין דער בורא פון גערעכטיגקייט, זאל מאכען אויך דיא אונגערעכטיגקייט?

שמעון: (ערשראקען) גאט אין הימעל, גוטער פאטער, בעשטראף איהם ניט באלד פיר זיינע שרעקליכע רייד! גיב איהם צייט תשובה טהאן. בעשטראף איהם ניט באלד!

אלישע: שרעק דיך ניט, קינד, ער וועט מיך ניט בעשטראפען און דיך ניט בעלאהנען. מענשען בעשטראפען און בעלאהנען זיך אליין. (א גערויש, פיעלע שטימען, עס ווערט זעהר פרעהלאך). אה, מיינע פריינדע קומען! מיינע פריינדע! ווייבער, דיא געסט זיינען

דאָ ! (אבנימוס הגרדי, קוועזיטאר, עטליכע רוימער קומען. אַלע פיהרען א לוסטיגען געשפרעך). וואס מאכט אבנימוס הגרדי, דער גריעך וואס שטודירט פּלאַטאָ און ליעבט דיא אידען מעהר וויא זיי ליעבען זיך אליין. מאיר, נאָך אַזאַ שטילען, גוטען און איבערגעבענעם פריינד איז שווער צו געפינען. (דריקט זיין האַנד.) וואס מאַכט דעם דעספּאָט האדריאן'ס קוועזיטאר, וועלכער קומט אַהער אַלס פריינד און דענ־קער און ניט אַלס ציגזוען־מאָהנער און חטאים־זוכער ? (דריקט זיין האַנד).

ק ו ו ע ז י ט א ר : פריינד אלישע, איך קען דאָ היינט, ליידער, לאַנג ניט פערבלייבען.

א ל י ש ע : דאס וועלען מיר זעהן. (צו מאיר'ן מיט התלהבות) זיי זיינען אַלע אדער סטאיקער, אדער עפּיקורעער, — זיי זיינען דענקער און ווער עס דענקט, איז מיין פריינד. (אַלע גריסען זיך מיט מאיר'ן : דערווייל האבען דיא פרויען — בתוברית, נעמי און מרימי געבראכט אמפארען מיט וויין און בעכער, געבעקס, ברענענדע ליכט, וועלכע גיבען א שעהנעם גערוך. אלע זעצען זיך ארום פאנטאן אין גרופּען. מען גיסט אָן אַלע בעכער.) וויין פיר אַלע ! (מען דערלאַנגט וויין יעדען).

ש מ ע ו ן : וויין און פרויען פיהרען דעם מענשען אין שאול תחתיה... אָה, ברידער, עס איז בעסער דער האלז זאָל פערלעגט ווערען מיט א מכה, בעפאָר מען טרינקט, און דיא אויגען זאָלען אויסגערונען ווערען, בעפאָר מען קוקט אויף א פרוי !

א ל י ש ע : הייסט עס, וויין און פרויען זיינען איבעריגע זאכען ? ע ! (ציינגט אויפ'ן הימעל) אויב ער איז א קלוגער גערטנער, וועט ער ניט פלאנצען אין זיין גארטען וואס מען דארף ניט. פריינדע, דיזע מיינע אונבעקאנטע אורחים זיינען מערקווירדיגע מענשען. איי־נער איז אין גאנצען אין הימעל, דער אנדערער איז אין גאנצען אויף דער ערד.

א ב נ י מ ו ס : אַלטער, דוא ביזט דאָך קלוג, גענוג צו טרינקען א בעכער וויין ?

ט ו ב י ה : איך טרינק נאר דאן ווען עס איז ביי מיר טרוקען אין האלז....

ב ת ב ו ר י ת : ער שטאָפּט אין יעדען... אַז דער בעטלער וועט ניט טרינקען בין איך אונגליקליך !

א ל י ש ע: צו וואס לעבען מענשען, וועלכע ווילען ניט געניסען פון דער פרייד? וויאוואט!

ק ו ו ע ז י ט א ר: ליעבער פריינד, גענוס און פרייד זיינען נור שוואכהייטען. דיא הויפטזאכע, דער מענש זאָל מיט זיין פערשטאנד אונטערדריקען דיא שרעקליכסטע געפיהלע פון ווייטאָג און שמערץ.

א ב נ י מ ו ס: אה! דער סטאיקער מיט'ן עפיקורעער וועלען שוין אנפאנגען א בלוטיגען קריעג. וויוואט! (אַלע מענער טרינקען און רעדען צווישען זיך).

נ ע מ י: זעה, מרימי, איז דער שטאָלצער רוימער ניט גרויס און שטארק וויא איינער פון זייערע מארמאָרנע געטער?

מ ר י מ י: א גרויסע זאך איז א שטיינערנער גאָט!

א ל י ש ע: (צו זיין פרוי; גליקליך) גוטע, עהרליכע קערלעז, איאָ? דענקענדע מענשען? עס איז א פערגניגען, גיב אונז נאָך ויין. ווער אויך פרעהלאך, קינד!

ב ת ב ו ר י ת: טרינקען זאָלען זיי שוין צום לעצטען מאָל. דענקענדע מענשען! (זיא און מרימי אב.)

ק ו ו ע ז י ט א ר: (שטיל צו נעמי) ביזט אזוי שעהן געקליידעט, קיינער וועט ניט גלויבען, אז דוא ביזט א אידישע מעדכען.

נ ע מ י: (ענטציקט) טאקע? אה, דוא זאָגסט עס נאר אזוי.

ק ו ו ע ז י ט אָ ר: איך מיין עס... (נאָך שטילער) ליעבע נעמי, ווען?...

נ ע מ י: ווען דוא וועסט בעפעהלען!

ק ו ו ע ז י ט אָ ר: אלזאָ, זיי פאָרבערייטעט... (לויט) פריינד אלישע, דיין שעהנע טאָכטער דענקט וויא א וואהרע רוימערין (שטיל צו איינעם פון דיא רוימער) אם וועניגסטען, ווען איך וועל קומען פון יודעא צוריק קיין רוים, וועל איך האבען מיט וואס בערימען זיך...

א ב נ י מ ו ס: איך מיין, עס איז בעסער א יודין זאָל דענקען וויא א יודין. פריינד רבי אלישע בן אבויה, מען דארף ניט פערליערען קיין צייט אומזיסט.

א ל י ש ע: יא, יא! באלד וועלען מיר אנפאנגען דאס צווייטע געזאנג פון האָמערס איליאדא. אה, גרויסער האָמער, איך פערגעסער דיך... (נעהמט א בוך).

ש מ ע ו ן: פאטער אין הימעל, א מענשען פערגעטערט ער!

א ל י ש ע: ק י נ ד, בעסער א מענש פערגעטערען, איידער א גאָט פערמענשלען! אלזאָ מיר פאַנגען אָן. (פאַרבערייטעט זיך צו לעזען. בתבורית און מרימי ברענגען נאָך וויין).

ק ו ו ע ז י ט א ר: מיין פריינד אלישע, ענטשולדיג, איך קען דאָ לאַנג ניט פערבלייבען. (פיהרט איהם אן א זייט). א בריעף איז ערהאַלטען געוואָרען פון'ם פּראָקוראַטאָר רופיוס, איך זאָל איהם באַלד שיקען געלד. דוא ביזט א רייכער מאַן און דוא מוזט מיר אויף א קורצע צייט לייהען 10 טויזענד גאָלד שטיקע.

א ל י ש ע: מען מיינט, איך בין זעהר רייך, ווייל מיין האַנד איז פריי, רוימער, דיא סומע וואס דוא בעטסט איז בײנאַהע אַלעס וואס איך פערמאָג... אין אונזערע אונרוהיגע צייטען דארף מען זעהר פאָרזיכטיג זיין... פערגעס ניט, איך האב איין קינד... ניט דוא, ניט איהר מוטער, זאָגאר זיא אליין ווייסט ניט, וויא טהייער זיא איז מיר... פריינד, פערשטעה מיך, איין קינד...

ק ו ו ע ז י ט א ר: דוא קריעגסט דיין געלד אין גיכען צוריק. דערויף גיב איך דיר דאס עהרענוואָרט פון א פאַטריציער, פון א נאָבעלמאַן און דענקער...

א ל י ש ע: איך וויים ניט, אויב איך קען עס דיר פער־שפּרעכען.

ק ו ו ע ז י ט א ר: איך מוז דיר זאָגען דיא וואהרהייט. העלפסט דוא מיר יעצט, וועל איך דיר דאס געלד אומקעהרען, ווען דיא ארימע און מיטעללאָזע יודען וועלען ביסלאַכווייז אָהן נויט און צוואַנג איינצאָהלען זייערע צינזען. אויב אבער ניט, וועל איך לייי־דער זיין געצוואונגען געגען מיין ווילען, זאַמלען דאס געלד ביי דיא אידען דורך געוואַלד, גרויזאַמקייט און פּיליכט גאר דורך בלוטי־פערגיסענעס... מיר מוזען טהאָן וואס מען הייסט אונז...

א ל י ש ע: דארפסט דאס געלד באַלד?

ק ו ו ע ז י ט א ר: יא, מיין פריינד, אויב עס איז מעגליך...

א ל י ש ע: איין אויגענבליק. (געהט צו זיין פרוי, שטיל) בתבורית, זיי אזוי גוט, גיעב מיר דעם שליסעל פונ'ם אייזערנעם קאַסטען.

בתבורית: וואס? וועה איז מיר! ווענינ וואס דיא גוים צאפּען ביסלעכווייז אונזער בלוט, זויפּען אונזער וויין און פרעסען אונזער ברויט...

אלישע: שש. קינד... איך וועל דיר שפּעטער אלעס ער־קלעהרען...

בתבורית: גזלן, רוצח, ווילסט אונז בערויבען, בע׳גזלן׳ען, נעהמסט צו ביי מיר און גיסט אָב דעם גוי־חזיר, דעם רוימער!...

אלישע: (ענערגיש) שש! דער רוימער איז פריהער פון אלעם א מענש, ער איז א דענקער און דיא הויפּטזאַכע, ער איז מיין פריינד. איך זאָל ניט האָבען קיין צוטרוי צו מיין פריינד, דאַרף איך אליין צו זיך קיין צוטרוי האָבען. גיכער, עס איז ניט שעהן ער זאָל וואַרטען! (זיא גיט איהם דעם שליסעל. אלישע געהט. דער קווע־זיטאָר שיקט נאָך איהם צוויי רוימער. אליין געהט ער צו נעמי׳ן.)

בתבורית (צו רבי מאיר׳ן וויינענדיג): זעהט, וואס ער, דער משוגענער טהוט מיט אונז?

מאיר: שש! מע טאָר ניט מבזה זיין אזא מאַן וויא רבי אלישע בן אבויה! מאַנכעס מאָל קענען מיר ניט פערשטיין, וואס א גרויסער מענש טהוט. (ער בערוהיגט זיא)

נעמי: (נאאיוו) יא, אַנטאָניוס, די יודען זאָלען מיך פאָל־גען, וואָלטען זיי אלע געטהון וויא איך. נאָך וואס דאַרף מען זיין אָבגעטהיילט און אבגעזונדערט און פערהאסט?.... איז דען ניט בע־סער קליידען זיך וויא דיא רוימער און אויפפיהרען זיך וויא זיי? וואס איז דער אונטערשיעד יוד אָדער רוימער? וויא זאָגט דער פאָטער, מיר זיינען אלע מענשען. ניט וואהר?

קוועזיטאר: יא, מיין געליעבטע, מיין שעהנע יודישע־רוימערין. (רעדען שטיל.)

שמעון: (שטעהט אויף) זינדיגע, שטערבליכע מענשען, ווילט איהר הערען וואס גאָט, אונזער פאָטער איז הימעל, זאָגט אצינד צו׳ן אייך?... (אלע: הערט! הערט! א געלעכטער).

טוביה: ברודער שמעון, רעד ניט צו דער וואַנד! רעדט ניט צו א טויטען און רעד ניט צו א פרוי, ווען זיא מאַכט לאַדקעס... (געלעכטער. אלישע קומט, נאָך איהם טראגען דיא רוימער א גרויסען לעדערנאם זאק. זיי געהען אב).

ק ו ו ע ז י ט א ר : דאנקע, פריינד אלישע ! פריינדע, עס טהוט מיר זעהר לייד צו פערלאזען אזא געזעלשאפט, אבער איך מוז געהן. מיר מוזען טהון וואס מען הייסט אונז. בלייבט אלע אין פריע־דען. (ראש אב.)

א ב נ י מ ו ס : מיין טייערער גוטער פריינד אלישע, וואס איז עס היינט מיט דיר ?

א ל י ש ע : שוין... מיר קעהרען זיך באלד אום צוריק צו אונזער בעליעבטען האמער : (לעזט.)

„וויא שאארען פון זוממענדע ביהנען, וועלכע פליהען
אין רייהען געדיכטע צו דיא בליהענדע בלומען פון פריהלינג
מיט א שטורמישע פרייד און געטוממעל“ . . . (דער ראש
הישיבה מיט עטליכע אלטע תלמידי חכמים קומען.)

ב ת ב ו ר י ת : אהא ! זיי זיינען געקומען ! דו וועסט זע־הען, מיר זיינען יודען ! מיין ניט, אז עס איז גאר ניטא קיין דין ודיין בישראל ! מע וועט זיך נעהמען צו דיר !...

א ל י ש ע : אה, וועלכע אונערוואַרטעטע געסט.

נ ע מ י : (צו אבנימוס) קומט... אז יודען קומען, וועט מען גע־וויס, אדער וויינען, אדער זאגען מוסר. (זיא און אבנימוס דערווייטערן זיך אין גארטען)

ר א ש ה י ש י ב ה : אויך דו, ר׳ מאיר, ביסט דא ביי איהם ?

מ א י ר ; רבי, איך לערן דא... וויא זאגט מען. איך עסס נאר דאס איננעוועניגסטע פונ׳ם מילגרוים די שאלעכץ ווארף איך אוועק.

ר א ש ה י ש י ב ה : און דו ר׳ אלישע בן אבויה לעזט ספרים חצונים, גוישע ביכער ? הא ?... ר׳ עקיבא האט געזאגט : ווער עס לעזט ספרים חצונים, האט ניט קיין חלק אין עולם הבא !

א ל י ש ע : ווען עקיבא זאל קענען לעזען און פערשטיין דיא ספרים חצונים, וואלט ער ניט געזאגט אזא נארישקייט.

מ א י ר (שטיל צו אלישע) רבי, איהר זייט א בריה צו מאכען זיך שונאים, דערפאר דערציילט מען פון אייך גאטט וויים וואס. נאך וואס זאלט איהר אייך מיט אלעמען פערקריעגען ?

א ל י ש ע : קינד, אז מע זאגט דעם אמת, מוז מען זיך מאכען שונאים.

ר א ש ה י ש י ב ה (וועלכער האָט דערוויילע בעעמרקט דיא סטאַ־טוע) רחמנא יצילני ! וואס איז דאס ? אַן אָבגאָטט ביי אַ יודען אין הויז !

מ א י ר : ניין, רבי, עס איז נאָר פון שעהנקייט וועגען. קיי־נער, חלילה, רעכענט עס ניט פאַר אַ היילינגטהום.... (דער קוועזיטאָר גנב'עט זיך אריין אונטער א בוים און הערט זיך צו).

ר א ש ה י ש י ב ה : ר' אלישע, ניט נאָר פרעמדע, דיין איי־גען ווייב בעקלאָגט זיך אויף דיר...

א ל י ש ע : מיין ווייב ? !... (ערשטוינט)

ב ת ב ו ר י ת : איך האָב דען איין אנדער ברירה ? אַ גאַל מוז דאָך אַ מאָל פּלאַצען !...

ר א ש ה י ש י ב ה : ר' אלישע, שעהמסט זיך ניט צו מאכען דאָ שמחות, וועהרענד דיא בלוט - דורשטיגע רוימער ערלויבען אונז ניט צו פייערען אונזערע היילינגע יום טובים, צו היטען אונזער שבת קודש, צו מאכען התונות נאָך'ן אידישען מנהג, צו מל'ן אונזערע קינדער ? דיא ניעדערטרעכטיגע רוימער ערלויבען ניט, אונזערע כלות זאָלען זיך בעפּוצען מיט בלומען און דוא זיצסט דאָ צווישען פּאַלמען און בלומען און טרינקסט וויין.

א ל י ש ע : מיט וויינען און זיפצען קען מען דעם צווייטען זעהר ווענינ העלפען.

ז ק ו ו ע ז י ט א ר : (אַפּאַרט) געמיינע יודען, איהר וועט שוין האָבען אייער שטראָף.

ר א ש ה י ש י ב ה : וואס דאַרף דער יוד דיא גוישע חכמות? איז ווענינ דאָ צו לערנען אין דער תורה הקדושה ?

א ל י ש ע : זעהסט ? דער בעכער מיט וויין קעהרט זיך ניט אום, וויל דער פונדאַמענט איז שווערער פונ'ם ווין מיט'ן בעכער. איהר אבער גיסט אין אייער בעכער צופיעל דינים, הלכות, מצוות, סיגים, מנהגים.... און דער פונדאמענט איז צו גרינג. (צייגט אויף שמעון'ן מיט טוביה'ן) דאס האט זיך שוין פון יודישען בעכער הערויסגעגאָסען.

ר א ש ה י ש י ב ה : וואָ זשע, דוא בעלאַנגסט חלילה צו זיי, צו דיא מינים, צו דיא מאמינים אין ישו הנוצרי ?...

א ל י ש ע : גלויבען איז יעדען מענשענס פריוואט זאכע, איך דארף קיינעם ניט אָבגעבען קיין חשבון, וואס איך גלויב און וויא איך גלויב.

מ א י ר : (צום ראש הישיבה) רבי, פערגעסט ניט, ער איז אַ גרויסער געלעהרענטער און דערפאר אליין קומט איהם מעהר כבוד פון אַן אַנדערן.

ר א ש ה י ש י ב ה : אלישע, דיין אייגען ווייב זאָגט : דוא ביזט מעהר איבערגעגעבען צו דיא טרפנע געמיינע רוימער, וויא צו דיינע ברידער דיא יודען...

ק ו ו ע ז י ט א ר : (אַפּאַרט) יודען, דאס וועט אייך ניט גע־שענקט ווערען !

א ל י ש ע : (בעטראַכט זיין פרוי) מיין פרוי בעשולדיגט מיך ? זיא איז מיין קינדס מוטער און איך דארף איהרע רייד ניט אָבלייקענען.

ר א ש ה י ש י ב ה : ר' אלישע בן אבויה, ווילסט דוא דען געהן געגען דיין גאַנצען פאָלק ישראל ?

א ל י ש ע : איך זאָל דארפען געהן געגען דער גאַנצער וועלט, וואָלט איך דאָך ניט אַראָבגעקעהרט פון מיין וועג !

ר א ש ה י ש י ב ה : אָי, צו פערליערען אַ יודען איז א גרויסער ווייטאָג, ווער רעדט נאָך צו פערליערען אַזאַ תלמיד חכם וויא אלישע בן אבויה... אין דער צייט ווען דאס יודישע פאָלק איז אזוי צובראָכען און אונטערדריקט, דארף ביי אונז אַלע זיין איין געפיהל, איין געדאַנק, איין האַרץ... בעדענק זיך, וואוהין וועט דיך דאס אלעס פיהרען ? דוא האָסט אַ פרוי, דוא האָסט א קינד, דוא האָסט ברי־דער... דוא דארפסט געהערען צו זיי...

א ל י ש ע : יא, איך דארף געהערען צו זיי... קיינער אבער דארף ניט געהערען צו מיר... אלע האָבען צו מיר טענות, איך האָב צו קיינעם קיין טענות ניט... פיעלע בעשולדיגען מיך, איך מאַך קיי־נעם ניט שולדיג . . .

ר א ש ה י ש י ב ה : אלישע בן אבויה, מיר זיינען דיך געקי־מען פרעגען : ווילסט דוא זיין אַ יוד, וויא אַלע יודען ? וואס פאר אַן ענטפער גיסט דוא אונז ? (פויזע, קיין ענטפער. פלוצלונג אַ גע־טוממעל, אַ פרויען שטיממע, פיעלע מעננער הוקען און שרייען און פיי־

פען. בעאָטא אַ טויט ערשראָקענע, לויפט אריין. טראָגט זעהר שעהנע רוי־מעשע קליידער, וועלכע זיינען אין אַ אונאָרדנונג. נאָך איהר לויפען אריין פיעלע יודישע יונגע לייט און רוימישע סאָלדאַטען). (נעמי און אבנימוס ערשיינען). (מרימי לויפט אַרויס פון הויז אן ערשראָקענע).

ב ע א ט א : (קוים וואס זיא אַטהעמט) גוטע מענשען, רעטעט מיך... דיעזע ווילדע אונמענשען ווילען מיר שלעכטעס טהון... זיי געהן אהער ! זיי געהן אַהער !...

א ל י ש ע : ווער וועט וואַגען דיר שלעכטעס טהון דאָ, ביי מיר ? זעץ דיך, קינד, און בערוהיג דיך.

ב ע א ט א : גוטער מענש! דוא קענסט מיך ניט... דוא ווייסט ניט, ווער איך בין.

א ל י ש ע : ווער עס איז דאָ, איז מיין פריינד און מיין גאַסט. (ער ברענגט איהר אַ ביסעל וויין אין אַ בעכער)

ב ת ב ו ר י ת : נו, יא, אַזאַ פרוי איז ביי איהם אויך אַ גאַסט און אַ פריינד...

ט ו ב י ה : שוועסטעריל, מע דארף ניט רייצען דיא הינד אויף אַ פערבלאָנזעטע שאָף.

נ ע מ י : איאָ, עס איז א שאנדע צו קוקען אויף איהר !...

ש מ ע ו ן : געפאַלענע פרוי, ווארום קעהרסט דוא זיך ניט אום צו דיין גוטען פאָטער אין הימעל ? ער פערגיעבט יעדען מענשען זיינע זינד.

א י י ן ־ ג אַ ס ט : זיא האָט אַ שעהנעם קערפער... חע ! חע !

ר א ש ה י ש י ב ה : אַ מאָל פלעגט מען אזעלכע זינדיגע פרויען פערברענען אויפ'ן פייער און היינט איז מען זיי מכנים אורח! אי, גאָטעניו פאָטער !

א ל י ש ע : קינד, פאַל ביי זיך ניט אַראָפּ. דיא נאַטור האָט בעשאַפען דיא פרוי צו זיין מוטער, שוועסטער, און געליעבטע. קיין געפאַלענע פרוי דאָס דיא מוטער נאַטור ניט בעשאַפען... מענשען ווענדען פריהער אן אלע מיטלען, דו זאָלסט פאַלען און רופט דיך נאַכדעם מיט פעראַכטונג געפאַלענע... ביי מיר ביזט דוא גלייך מיט זיי אַלע דאָ !

נ ע מ י : דוא הערסט, מוטער, ער פערגלייכט זיא צו מיר !

ב ת ב ו ר י ת : ער ווייסט דען, וואס ער רעדט ?....

ב ע א ט א : (בעטראַכט איהם מיט אַ געפיהל פון פערגעטערונג) דו ביסט עס, דער גרויסער אלישע בן אבויה? דוא ביסט ניט אזא מענש וויא אַלע. דוא ביזט אַן אנדערער...

ראש הישיבה : אַה, אלישע, איך בין דיך געקומען פרע־גען, נאָך וואס זאָלסט דוא זיין, וויא זיא זאָגט, איין אנדערער, אַן איש אחר, ווען דוא קענסט זיין איין אב ושופט בישראל! און צוליעב וואס? צוליעב נארישקייטען, צוליעב ספרים חצונים, צוליעב אונ־זיניגע גוישע ביכלעך, צוליעב נידריגע תאוות!

אלישע : (גיט אויף איהם אַ קוק. צוקט מיט דיא אַקסלען. רייסט אויס אַ בלום, גיט בעאטא'ן.) ארעמעס, אונגליקליכעס קינד! איהם קיין ענטפער קען איך ניט געבען. דיר אַם וויינינגסטען, קען איך געבען אַ בלום...

ב ע א ט א : אַה, גרויסער מענש! (זיא טראגט צו דיא בלום צו איהרע ליפען.)

(דער ראש הישיבה און תלמידי חכמים געהן בייז פאַרט, בתבורית פערברעכט איהרע הענד אין פערצווייפלונג. נעמי ווייזט מרימי'ן וויא שעהן בעאטא'ס קלייד איז. שמעון בעט גאָטט. טוביה, אַ גליקליכער, צייגט אבנימוס'ן, וואס פאר א גוטער מענש אלישע איז.)

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.



## צווייטער אַקט.

(אַ גרויסער פּלאַץ לעבען אַ געדיכטען וואַלד. עס ליעגען פיעל אָבגעהאַקטע בוימער, און געזעגטע קלעצער. דער ראש הישיבה, דיא אַלע תלמידי חכמים און פיעלע יודען ארבייטען. איניגע זעגען האָלץ, אַנדערע טראָגען דיא אָבגעזעגטע שטיקער. ביי יעדע זעג האַלטען זיך 4 מענשען, אַ לייכטען שטיק האָלץ טראָגען 5—6 יודען. פון דער וויטען שטעהען רוימעשע סאָלדאַטען מיט שפּיזען און שווערטען. דיא יודען זינגען „על נהרות בבל“, פיעלע פון זיי וויינען.)

ר א ש ה י ש י ב ה : אי! זכור ד׳ לבני אדום (ציינט אויף דיא רוימער) את יום ירושלים... פערגעס ניט, נאָטעניו, וואָס זיי האָבען געטהאָן צו דיין הייליגע שטאָדט! אנשטאַט צו זינגען משירי ציון, זינגען מיר שבת על נהרות בבל! שבת קודש איז היינט, פאָטער, און דיינע קינדער זיינען געצוואונגען היינט צו ארבייטען. דיין תורה איז פערשטערט, דיין בית המקדש איז חרוב, דיין שטאדט ירושלים איז אין גוישע הענד. דאס אונשולדיג בלוט פון דיין פאָלק ווערט פערגאָסען וויא וואַסער, און קיין הילפע, קיין טרויסט, קיין האָפנונג איז ניטאָ. עד מתי, אבי? ביז וואַנען נאָך, טאַטעניו פאָטער אין הימעל? וויא לאַנג נאָך? (וויינט. זיי הויבען אָן וויעדער זינגען על נהרות בבל.) (קוועזיטאר קומט מיט צוויי סאָלדאַטען.)

א י י ן י ו ד : אי, דער בלוטזויגער געהט, וויא איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט!

ק ו ו ע ז י ט א ר : (צו דיא רוימער) ערלויבט זיי ניט רעדען. ערלויבט זיי ניט זינגען. דער יוד דאַרף ניט זינגען! פון ליעדער ערוועקט זיך דער רעוואָלוציאָנערער גייסט... שווייגען דארפען זיי און ארבייטען געצוואונגענע ארבייט!

ר א ש ה י ש י ב ה : ארבייט, קינדער. גאָטט זעהט אז מיר מוזען מחלל שבת זיין און וועט אונז חלילה ניט שטראָפען דערפאַר. (אַלע ארבייטען.)

ק ו ו ע ז י ט א ר : אהא, אַלטער יהודי, דיר איז שווער צו ארבייטען? איך האָב אייך געהייסען צווינגען ארבייטען דעם שבת

ווייל איהר פערפאָלגט יעדען, וואס איז א פריינד צו דיא רוימער...
אונזער פריינד אלישע בן אבויה זאָגט, אז שבת ארבייטען איז ניט
קיין פערברעכען... איהם צוליעב ארבייטעט איהר היינט.

ראש הישיבה: אלישע בן אבויה? אָה, גאָטט, ניט
אומזיסט האָט איינער פון דיינע נביאים געזאָגט: מהרסיך
ומחריביך ממך יצאו... דיא צושטערער און פערדערבער פון יודישען
פאָלק זיינען יודען...

קווועזיטאר: איהר מיינט, איך ווייס ניט, ווארום א
גאַנצער קהל יודען טראָגט איין שטיקעל האָלץ? דאס איז א יודי־
שער שפּיצעל אבצונארען דיא רוימער. איהר ווילט אייך מאכען דיא
ארבייט אזוי גרינג, אז אייער גאָטט זאָל זעהען אז אידר ארבייט
דאָך ניט אום שבת... אייערע ראַבאַים לערנען אייך דאס צו טהון.
מיר ווייסען אלעס.

ראש הישיבה: (שטיל) רבונו דעלמא, וויא אזוי קען א
גוי וויסען פון דעם סוד?

קווועזיטאר: ווען דיא רוימער האָבען אזעלכע איבער־
געגעבענע פריינדע, וויא אלישע בן אבויה, איז זיי ניט שווער צו
וויסען, וויא אזוי איהר ווילט ארומגיין דיא געזעצע און דיא בעפעה־
לע פון אונזער אימפּעראַטאָר האַדריאַן... פון יודען ערפאהרען מיר
דיא יודישע געהיימניסע!

ראש הישיבה: גאָטט אין הימעל, אלישע איז ניט נאָר
א כופר בעיקר, ער איז א מסור אויך!...

קווועזיטאר: עי! נאָר צוויי יודען זאָלען שטיין ביי א
זעג און נור איין יודע זאָל טראָגען יעדען שטיק האָלץ!

איין יוד: האר אויס, ווען משיח וועט קומען, וועלען די
גוים ארבייטען מיט דיא זייטען. וויא איהר זעהט מיר א מענשען
אויף דער וועלט.

קווועזיטאָר: איהר ווילט אונז אבנארען? מיר וועלען
זיך ניט בערוהיגען, ביז מיר וועלען ניט אויסמעקען דעם הארטנע־
קיגען יודען פון דער וועלט!

ראש הישיבה: רוימער, פיעלע האָבען געוואָלט דיא
יודען אויסמעקען און וואו זיינען זיי? וואו זיינען דיא מצריים,
וועלכע האָבען דיא יודען פערקנעכט? וואו זיינען דיא פלישתים,

וועלכע האָבען דיא יודען פערפאָלגט ? וואו איז בבל, וואס האט דיא יודען אונטערדריקט ? דיא מעכטיגע פעלקער, וואס האָבען פער־פאָלגט דיא שוואכע יודען זיינען פערשוואונדען פון דער ערד און ישראל לעבט. אויך רוים וועט פאלען, אבער ציון וועט ניע חרוב ווערען !...

קוועזיטאר: אַלטער נארר, דיין ציון ליעגט אין רואינען.

ראש הישיבה: רוימער, מע קען ציון ניט חרוב מאכען! וויא קענסט דו חרוב מאכען א שטאָדט, וועלכע איז ניט געבויט אין דרויסען, נאָר וועלכע שטעהט פעסט און וועט עוויג שטעהן אין דיא הערצער און אין דיא געדאנקען פונ'ם גאנצען יודישען פאָלק ?

קוועזיטאר: (צו א סאָלדאַט) צייג דעם פרעכען יהודי, ווי מע דארף ארבייטען און שווייגען !

(אַ סאָלדאַט שלאָגט איהם. אַלע יודען: אי, טאַטע פאָטער אין הי־מעל !) (קוועזיטאָר זעצט זיך אויף אַ שטיק האָלץ. שמעון הנזיר און טוביה האביוני קומען, מיעד פון אַ וויטען וועג.)

עי, וואס איז דאס פאר שפאציער־געהער—ווער זייט איהר ?

טוביה: ווער? איך? איך בין קיינער ניט, דערפאר הער איך קיינעם ניט. איך צאָהל קיינעם אין דער וועלט קיין צינזען ניט, דערפאר צאָהלט דיא גאנצע וועלט צינזען מיר...

קוועזיטאר: מיט וועמען רעדסט דוא דאס ? איך פרעג, ווער זייט איהר און וואוהין געהט אירר ?

שמעון: מיר זיינען גאָטטעס קינדער.

קוועזיטאר: גאָטט האט געמעגט האָבען א ביסעל מעהר אנשטענדיגע קינדער...

שמעון: און מיר טראָגען איבער דער וועלט גאָטטעס וואָרט.

קוועזיטאר: נאָך וואס זאָלט איהר אייך אומשלעפען איבער דער וועלט מיט אזא נארישקייט ? שטעלט אייך בעסער אר־בייטען. יודען דארפען ארבייטען אום שבת... עי, נעהמט זיי צו דער ארבייט ! (דיא סאָלדאַטען שטויסען זיי).

שמעון: מיר געהערען ניט צו זיי, מיר געהערען צו אונזער פאָטער אין הימעל.

ק ו ו ע ז י ט א ר : צום פאָטער אין הימעל ? זאָל ער צוויי מאָל אזוי פיעל אויסארבייטען !

ט ו ב י ה : דוא ווילסט, איך זאָל שבת ארבייטען, וועל איך ארבייטען. ניט דער מענש איז געשאַפען געוואָרען צוליעב דעם שבת, דער שבת איז געשאַפען פיר'ן מענשען. דוא ווילסט ניט, היינט זאָל מיין שבת זיין, וועט זיין מיין שבת, ווען איך וועל פון דיר פטור ווערען. (ארבייטעט לוסטיג) ווען מיין זעעלע איז צופריעדען, קען קיינער מיין שבת ניט צושטערען...

ש מ ע ו ן : רוימער, וויא שטארק און שטאָלץ דוא זאָלסט ניט זיין, איך וועל דיך בעזיעגען מיט גאָטטעס וואָרט...

ק ו ו ע ז י ט א ר : עזעל ! בעזיעגען בעזיעגט מען נאָר מיט דעם ! (שלאָגט איהם מיט זיין פויסט. שמעון פאַלט.)

ש מ ע ו ן : מעגסט שלאָגען מיין גוף, מיין זעעלע קענסט דוא ניט ערר־ייכען... דיין רוימישע קעניגרייך איז גרויס—אלעס אבער וועט בעלאנגען צום נאזאריער... ביסלעכווייז און שטילערהייד נעה־מען מיר איין דיא וועלט... מיר האָבען אונזערע צווישען אייערע (סאָלדאַט שלאָגט איהם.)

ש מ ע ו ן : שלאָג, ברודער, דאס הארט מיך זעהר וועניג. מיר האָבען ביידע איין פאָטער אין הימעל...

ט ו ב י ה : ווען עס וואָלט אבער ניט געווען קיין אונזערע, זייערע, אייערע, מיינע דיינע,—וואָלט דאָך ניט געדארפט זיין קיין אויבערשלאָגער און קיין אונטערשלאָגער (ציינט פריהער אויפ'ן קוועד־זיטאָר, נאכדעם אויפ'ן סאָלדאַט.)

ק ו ו ע ז י ט א ר : ביז זון־אונטערגאנג זאָלען זיי אלע דאָ שווער און פלייסיג ארבייטען.

א י י ן י ו ד : ארבייטען זאָל מיט דיר דער מלאך המות, רב"ע.

ק ו ו ע ז י ט א ר : איך געה ! (דיא סאָלדאַטען טרייבען אונטער אַלעמען פלייסיגער צו ארבייטען. קוועזיטאר געהט, אנקעגען קומט אבנימוס.)

א ב נ י מ ו ס : דאָ איז דאס... אנטאָניוס סערוויוס, דיך זוך איך...

ק ו ו ע ז י ט א ר : מיך פרייט זעהר צו זעהען איינעם פון מייד נע געאכטעטע פריינדע...

א ב נ י מ ו ס : הער, מיין יונגער פריינד און גרויסער געלער־טער—ר' מאיר איז געקומען צולויפען צו מיר זעהר א בעטריעבטער. מע האט זאגט ער, אליין דעם אלטען ראש הישיבה און פיעלע גע־אכטעטע זקנים געטריעבען ארבייטען אים הייליגען יודישען טאג שבת.

ק ו ו ע ז י ט א ר : מיר מוזען טהון וואס מע הייסט אונז.

א ב נ י מ ו ס : אה, לאזט זיי, אם ווענינסטען, אכטען דיא געזעצע פון זייער רעליגיאן.

ק ו ו ע ז י ט א ר : קיין רעליגיאן אין דער וועלט איז ניט אזוי שעדליך פיר רוים, וויא דיא יודישע. זאגט דען ניט דאס זעלבע, זאגאר אזא יודישער געלערענטער וויא אלישע בן אבויה ?

ר א ש ה י ש י ב ה : אה, אלישע, וויא שווער דוא זינדיגסט געגען דיין פאלק.

א ב נ י מ ו ס : איך האב איהם פערשפראכען, באלד דיך געפינען און בעטען דוא זאלסט זיי בעפרייען. זייט דאך ניט אזוי אונגערעכט צו זיי...

ק ו ו ע ז י ט א ר : מיין פריינד, שטאאטס אינטערעסען שטעהען העכער פון דעם, וואס מיר רעכנען גערעכט און אונגערעכט.

א ב נ י מ ו ס : ווארום זאלט איהר צו דיא יודען זיין גרויי זאמער, וויא צו אנדערע פעלקער ?

ק ו ו ע ז י ט א ר : דיא יודען זיינען דיא געפעהרליכסטע געגנער פון רעגיערונג — ניט נאר זיינען זיי אליין שטענדיג אונ־צופריעדען, זיי פערגיפטען אויך אנדערע מיט'ן גיפט פון אונצו־פריעדענהייט און פראטעסט ! דיא העכערע פאליטיק פאדערט, מען זאל דיעזע רעבעלישע נאציאנאליטעט פערניכטען, אדער, אם ווענינסטען, אזוי אונטערדריקען, אז פון זייער פרייען גייסט זאל גאר נישט בלייבען.

א ב נ י מ ו ס : רוימער, דיעזע שוואכע נאציאנאליטעט האט א גרויסע מאכט, וועלכע איהר וועט ניע בעזיעגען. לכו וחזרו על בתי כנסיות ובתי מדרשות שלהם, געה אונטערזוך זייערע צאהלרייכע

שוהלען, הייזער פון פערזאמלונגען און פארשונג, אין דעם ליעגט זעהר גרויסע מאכט (דער ראש הישיבה הויבט אויף א שווערען קלאָץ און פאַלט) זעה, דער עהרענסווירדיגער אלטער מאַן פאַלט אונטער זיין לאַסט. אין׳ם נאָמען פון אונזער פריינדשאַפט בעט איך דיך, בעפריי זיי פון דער ארבייט.

ט ו ב י ה : (העלפט דעם ראש הישיבה אויפשטעהן) אלטער, דוא האָסט אַ שטאַרקען קאָפּ און שוואַכע פיס... עס איז דערפאַר, ווייל דוא דרשן׳סט אַ סך אין בית המדרש, און געהסט אום וועניג אין פרייען פעלד. דאָס גאַנצע יודישע פאָלק האָט אַ שטאַרקען קאָפּ און שוואַכע פיס..

ק ו ו ע ז י ט אָ ר : אה! וואָס טהוט מען ניט צוליעב פריינדשאפט? יודען, איהר זייט פריי פון דער ארבייט. (שטיל צו דיא רוימער) דעם צווייטען שבת זאָלען זיי צוויי מאָהל אזוי פיעל אויסארבייטען. געהט! (סאָלדאטען פאָרט). קום, אבנימוס הגרדי, דוא געהסט? (ראש הישיבה גיט אַ צייכען אבנימוס׳ען, ער זאָל בלייבען).

א ב נ י מ ו ס : ענשולדיג, דער גרייזע וויל מיר וואָס מיט־טהיילען, איך מוז איהם אויסהערען...

ק ו ו ע ז י ט אָ ר : עס איז פראַקטישער צו האלטען זיך פון דיא יודען וואָס ווייטער.

א ב נ י מ ו ס : ביזט דוא דען ניט אַ פריינד צו אלישע בן אבויה?

ק ו ו ע ז י ט אָ ר : אַ יוד וואָס איז געגען יודען, איז דעם רוימערס פריינד.

א ב נ י מ ו ס : יא, מען זאָגט, אלישע וועט באַלד זאָגאר דיין שוויגער־פאטער ווערען.

ר א ש ה י ש י ב ה : וועה איז מיר! ער געהט זיך מתחתן זיין מיט דעם בן אדום, מיט דעם צורר היהודים....

ק ו ו ע ז י ט אָ ר : אַ יוד מיין שוויגער־פאטער? אבנימוס, איך בין רוימער און פאטריציער! אויפס־ווידערזעהען! (אב).

ר א ש ה י ש י ב ה : אבנימוס הגרדי, דוא איבערצייגסט אונז אז אויך צווישען דיא אומות העולם גיבט עס צדיקים.

א ב נ י מ ו ס : אלטער ראבאי, יעדעס פאלק האט גוטע און שלעכטע מענשען. (דער ראש הישיבה פיהרט איהם, זיי רעדען שטיל, נאך זיי דיא זקנים און עטליכע יודען. זיי פערשווינדען אין וואלד).

ש מ ע ו ן : און מיר וועלען געהן אין איינזאמקייט, דאנקען גאטט פיר דעם, וואס ער טהוט אונז נור גוטעס, און נור גוטעס, ווארום ווען גאטט הייסט אונז שלאגען און טהון געצוואונגענע ארבייט, איז דאס אויך נור ווייל ער וויל אונז גוטעס טהון. אי, מיר האבען א גוטען פאטער אין הימעל. (פערשווינדעט אויך אין וואלד. שפעטער גנב'ען זיך עטליכע מענשען אוועק אהין צו איהם).

ט ו ב י ה : (אללע זעצען זיך ארום איהם) ווייסט איהר, וואס מיר וועלען טהון ? ברידערלאך, מיר וועלען שפיעלען א שיר צו דעם, ווער עס האט בעשאפען דיא גרויסע שעהנע וועלט. (נעמט ארויס זיין פייפעלע).

א י י ן  י ו ד : אום שבת שפיעלען !

ט ו ב י ה : ווען איך שפיעל ווערט ביי מיר שבת און ווען עס איז ביי מיר שבת — שפיעל איך. יא חברים'לאך מיינע ווען איך שפיעל, זעה איך מיין זיסע יוגענד און פיהל דיא גליקליכע צוקונפט... איך זעה גרינע פעלדער מיט ווייסע לעמעלאך, הער דעם גערויש פון'ם גרינעם וואלד, און דאס געזאנג פון דיא פויגעלאך. (שפיעלט, אלע הערען אויפמערקזאם). הערט, קינדער, איך האב... דאס הייסט, איך האב גארנישט, אבער מיין זאק האט פיינע נים, וועלכע איך האב אבגעריסען געהענדיג דור'ךן וואלד. ווער עס האט ציין, דעם לאדעט מיין זאק איין צו א גרויסען מאהלצייט דארטען, אונטען, לעבען קליינעם טייכעלע... (שטעהט אויף) ברידערלאך, האט איהר געזעהען אויף דער וועלט נאך אזא גביר אדיר, וויא איך, טוביה אביוני ? (גהעט שפיעלענדיג. אללע נאך איהם. אב... מע הערט אין וואלד טוביה'ס שפיעלען. פויזע, א גערויש—אלישע'ס שטיממע).

א ל י ש ע : עס שפרייזט דער פערד מיט מונטערע טריט, דאס ווינטעל שטופט אין'ם פרייען פעלד (אלישע קומט רייטענדיג אויף א פערד, ר' מאיר געהט איהם צופוס, שפעטער זעהט מען בעאטען, זי איז פערהילט אין א מאנטעל. זיא האלט זיך פון דערווייטען).

שטעה! מאיר, דוא דארפסט זיך אומקעהרען. מיר זיינען פונקט א תחום שבת פון שטאָדט.

מ א י ר : שוין א תחום? רבי, הערענדיג דיך, האָב איך גאָר ניט בעמערקט דעם מהלך. וויא אזוי ווייסט דוא, רבי, אז עס איז שוין א תחום?

א ל י ש ע : איך בין משער נאָך דיא טריט פון מיין פערד. (שטייגט העראב) קער זיך אום, מאיר.

מ א י ר : אה, רבי, קער זיך אויך אום. קער זיך אויך אום... איך מיין, רבי'נו, קעהר זיך אום צוריק צו דיין פאָלק און צו דיין גאָטט...

א ל י ש ע : חע! חע! קינד, איך האָב געהערט א בת קול: שובו בנים חוץ מאלישע. קערט זיך אום מיינע קינדער אויסער אלישע... (לאַכט) מיך דארף מען ניט. מיך דארף קיינער ניט, איך בין א'ן איבריגער... ווארט איין אויגענבליק, איך וועל צובינדען מיין פערד. (פיהרט דעם פערד צו א בוים).

מ א י ר : רבי, וואָס מיינסט דוא מיט'ן בת קול?...

א ל י ש ע : מאיר, געוויס גלויב איך ניט, אז א בת קול קומט פון הימעל — עס איז פשוט דיא שטימע פון פאָלק, איך זאָל זיך אומקערען, מוז איך ווערען אויס אלישע. וועל איך זיך אָבער אומקערען אלס אלישע, דאַן וועל איך זייער ליעבע און זייערע סימפאטיען זאָ וויא זאָ ניט געווינען, איך וועל זיך נור מאַכען צום נאררען. מאיר, מע קען זיך ניט אומקערען און זיך אליין ניט ברעננען מיט זיך. חע! חע! איך קען ניט געהן צוריק אָהן אלישע'ן!

מ א י ר : אה, רבי, מיט וועמען ביזט דוא אויף דער גרויסער וועלט?

א ל י ש ע : קינד, איך בין אליין מיט זיך. נאָר א קליינער מענשעלע האָט מורא פיר זיך אליין, און ער לויפט צום המון - עם...

מ א י ר : איז דען ניט א גרויסע זאך צו געהן צוזאמען מיט'ן פאָלק פיר זייער אלגעמיינעם גליק?

א ל י ש ע : יא, קינד, עס איז א גרויסע העלדענטהאט צו געהן מיט'ן פאָלק פיר'ן פאָלק. עס איז אָבער נאָך א גרעסערע

העלדישקייט צו געהן געגען דאָס גאַנצע פאָלק, שטרעבענדיג דער־מיט דאָס פאָלק גליקלאַך צו מאַכען.

מ א י ר : פאַר וואָס, רבי, איז דאָס אַ גרעסערע העלדישקייט?

א ל י ש ע : דיא וואָס געהען מיט'ן פאָלק זיינען געליעבט און געאַכטעט ווען זיי טהוען זאָגאַר פראַקטיש גאָר ניט אויף. דיא אָבער וואָס געהען געגען פאָלק, ווען זיי טהוען זאָגאַר פיעלעס אויף, זיינען זיי דאָך געהאַסט און פעראַכטעט!... דוא מיינסט, מיר איז גרינג צו געהן געגען אַלע? איך וויל אָבער דערמיט עפּפענען זייערע בלינדע אויגען. דוא מיינסט, מיר טהוט ניט וועה דאָס הארץ צו פערשפּאָטען דאָס, וואָס ביי זיי איז הייליג? איך וויל אָבער דערמיט וועקען זייער פערשלאָפענעם געדאַנק. דוא מיינסט, עס וואָלט מיר ניט געשאַפט מעהר פערגניגען צו פאַהרען שפּאַציערען ניט דוקא אום שבת? איך וויל אבער דערמיט אָבלאַכען זייערע בעגריפע וועגען דעם וואָס מע טאָר און מע טאָר ניט! עס איז לייכט צו מאַכען זיך פריינדע מיט דעם, וואָס דוא זוכסט זכיות פיר זיי, עהרליך איז אָבער דער, וואָס זאָגט דעם אמת, אָבוואָהל, ער קויפט זיך פיינדע דערמיט. מאיר, קער זיך אום!

מ א י ר : בעפאָר מיר וועלען זיך שיידען, רבי, וויל איך דיך פרעגען, וויא - זשע קומט עס וואָס, וויא דיא חכמים זאָגען, מטטרון זוכט זכיות אויף יודען?

א ל י ש ע : מטטרון זאָל יעצט דאָ זיין, וואָלט איך איהם געזאָגט, אַז ער ווייסט ניט פון זיין חיות...

מ א י ר : אה, רבי, מטטרון איז אַ טהייל פון דער גאָטטהייט!

א ל י ש ע : אַ טהייל?! קינד, טהיילען קען מען נאָר אַ קערפּער, דאָס וואָס עס איז ניט קערפּערליך, טהיילט זיך ניט. איז גאָטט ניט קיין קערפּער — טהיילט ער זיך ניט. און עס איז ניטאָ קיין מטטרון'ס. איז ער יאַ אַ קערפּער, דאַן איז ער גאָר קיין גאָטט ניט! (אבנימוס קומט).

מ א י ר : רבי, ווייטער געהן האָב איך מורא. לעבע וואָהל. (וויל געהן).

א ל י ש ע : לעבע וואָהל, מאיר.

א ב נ י מ ו ס : עי, יונגער פריינד, דיך דארף איך. (קוקט ניט אויף אלישע'ן).

א ל י ש ע : און דיין אלטען פריינד דארפסט דוא גאר ניט ? עי, אבנימוס־, וואס זעהסט דוא עפעס אוים אזוי, וויא ביי דיר זאלען זיין האיליג דיא ציין... חע ! חע !

א ב נ י מ ו ס : (קערט זיך אום פון איהם מיט פעראכטונג) מאיר נהראי, דער אלטער און דיינע איבריגע פריינדע זיינען בעפרייט פון דער ארבייט. זיי האלטען יעצט דארט אין וואלד א וויכטיגען ראטה און, איך גלויב, דיין געגענווארט דארט איז נאטהווענדיג...

מ א י ר : אה, מיינע ארעמע אונגליקליכע ברידער. רבי, וויא קען יעצט א יוד געהן זיך בעזונדער מיט זיין וועג, ווען זיי זיינען אללע אזוי נידערגעשלאגען, ערניעדריגט און פערפאלגט ?... דארטען זיינען זיי ? איך געה שוין. לעבע וואהל, אבנימוס. רבי, ווילסט אפשר שטייגען צוריק אויף דיין פערד ? וועל איך מיך איינבויגען און דוא וועסט שטעלען דיין פוס אויף מיין רוקען...

א ל י ש ע : ניין, קינד, איך דארף ניט קיין פרעמדען רוקען... ווער עס קען אליין ניט אויף'ן פערד הערויפשטייגען, דער דארף ניט רייטען.

מ א י ר : דאן לעבט וואהל ! (שטיל) פאהרט בעסער אוועק בעפאר זיי וועלען אייך דא טרעפען...

א ל י ש ע : אנטלויפען ? קינד, איך בין אין מיין לעבען נאך קיינמאהל פון קיינעם ניט אנטלאפען. (מאיר ראש אב אין וואלד).

א ב נ י מ ו ס : לעבע וואהל, פריינד מאיר ! (געהט)

א ל י ש ע : איז אלישע בן אבויה דיין פריינד ניט מעהר ?

א ב נ י מ ו ס : א מענש, וואס פערקויפט זיינע ברידער, א פעררעטהער און מסור קען מיין פריינד ניט זיין !

א ל י ש ע : שוטה, קענסט דוא דעם, ווען דוא בעשול־דיגסט ? אדער פיללייכט האט דיא יודישע זין ניט גוט געווירקט אויף דיין גוי'שען קאפ ?

א ב נ י מ ו ס : וואס טויג א גוטער יודישער קאפ, ווען דאס הארץ איז ניט יודיש ? איך שעהם זיך דערמיט, וואס איך

האָב דיך אמאָהל פיר א פריינד גערעכענט. איך קען דיך ניט מעהר !
(ראש אב).

א ל י ש ע : דו ? ! (וויל איהם רופען צוריק) ניין ! פערענטפערן דארף זיך נאָר דער, ווער עס שטייט ניט העכער פון דער בעשול־דיגונג. הם, זאָגאר דער גוי מיינט, אז איך בין ניט יודיש גענוג... (פערטראכט זיך. ווערט טרויעריג. זעצט זיך.) הייסט עס, נאָך א פריינד פערלאָרען. וויפיעל איז מיר געבליבען און וויפיעל האָב איך גאָר אין גאַנצען געהאַט ? (בלייבט זיצען פערטראכט. ב ע א ט א קומט שטיל און לאַנגזאַם).

ב ע א ט א : איך ציטער געראדע וויא איך זאָל דארפען יעצט רעדען מיט א גאָטט. ער איז יעצט ווייט פון מיר. זיינע געדאנקען זיינען יעצט אין דיא הימלען ביי דיא געטטער. ווער ווייסט, פיללייכט האָט ער מיך שוין לאַנג פערגעסען. איהם אָבער... אזעלכע וויא ער פערגעסט מען ניט. (לויט) גרויסער מענש, דערקענסט דוא מיך ?

א ל י ש ע : הא ? יא, קינד, איך האָב דיך דערקענט. וויא וואונדערבאר ! איך האָב געמיינט, איך בין דאָ אליין צווישען ערמאָרדעטע בוימער און טויטע שטיקער האלץ, און דאָ לעבען מיר איז א לעבעדיגער מענש... איך בין ניט אליין ?

ב ע א ט א : ניין, דוא ביזט ניט אליין, איך בין דאָ לעבען דיר. און ווען איך בין ניט געווען לעבען דיר, זיינען מיינע געדאנקען און מיין הארץ געווען מיט דיר. זינד איך האָב דיך געזעהען, טרעט דיין הערליכער געשטאַלט ניט אָב פון מיר. אזא מענש וויא דוא קען מיט איין בליק צושמיעדען צו זיך אויף עוויג...

א ל י ש ע : צושמיעדען ? דיא וואָס זיינען געשמיעדעט, זיינען שקלאַפען.

ב ע א ט א : עס איז פאראנען קעטטען, וועלכע זיינען טהייערער פון דער פרייהייט. גרויסער מאַן, איך האָב יעדען טאָג געזוכט דיך צו זעהען.

א ל י ש ע : קינד, ווארום ביזט דוא ניט געקומען ?

ב ע א ט א : קומען צו דיר האָב איך ניט געוואגט. איך האָב דיך נאכגעפאָלגט פון דער ווייטען... אבוואהל, איך האָב

א רעכט צו דענקען, דוא דארפסט זיך יעצט ניט שעהמען מיט מיר...

א ל י ש ע : ווער עס שעהמט זיך מיט זיינע מיט־מענשען, דער איז אליין קיין מענש ניט.

ב ע א ט א : דוא האסט מיך געמאכט צו א מענשען. פיעלע מענער האבען מיר געזאגט זיסע רייד, זיי האבען אבער גערעדט צו דער פרוי. דוא ביזט דער ערשטער, וואס האט גערעדט צו מיר, וויא צו א מענש. אין געהיים זיינען זיי אללע בערייט פאלען צו מיינע פיס, עפענטליך אבער געפינען זיי פיר נויטיג מיך מיט דיא פיס טרעטען... דוא האסט אפען געצייגט מיר אכטונג און פריינדשאפט.

א ל י ש ע : א! ביי אונז איז א גאנצער חידוש צו זעהען, אז א מענש האנדעלט וויא א מענש.

ב ע א ט א : מיט דיין איין ווארט האסט דוא מיך אויפ־געהויבען פון'ם שטויב. מיט דיין בליום האסט דוא מיך רייך געמאכט. זעהסט איך טראג זיא אויף מיין הארץ. (נעמט ארויס דיא בליום) איך האב פיעלע טהייערע שטיינער און דיאמאנטען, דיעזע בליום אבער איז מיין רייכסטע און טהייערסטע ציהרונג..

א ל י ש ע : חע! חע! קינד, ביזט אליין איינע פון דיא שעהנסטע בליומען, וואס דיא מוטער נאטור האט בעשאפען.

ב ע א ט א : (ליידענשאפטליך) גרויסער, שטארקער מאן, זיי מיין פריינד!

א ל י ש ע : פריינדשאפט רעדט ניט מיט אזא ליידענ־שאפטליכע שפראך. זיי פארזיכטיג, איך קען דיא שפראך! קינד, איך קען זיין דיין ראטהגעבער, דיין בעשיצער, אבער ניט דיין פריינד. א געזונטער, ליידענשאפטליכער מאן נעמט אן דיא פריינדשאפט פון א שעהנע פרוי, נאר דאן, ווען ער דענקט דערמיט פון אנפאנג פערמאסקירען זיינע אנדערע געפיהלע. איך האב פיינט פערמאסקירטע מיטלען! געה אין פריעדען, קינד, און ווען דוא וועסט דארפען ראטה, שוטץ און הילפע קום צו מיר. אלישע בן אבויה ענטזאגט זיך ניט צו טהון גוטעס זאגאר פיר דיא וועלכע צאהלען איהם מיט שווארצע אונדאנקבארקייט, און

דוא ביזט איין ערלע, גוטע זעעלע. געה אין פריעדען. (ראש הישיבה, מאיר, זקנים, און פיעלע יודען קומען. איין יוד.)

ב ע א ט א : ווען דוא בעפעהלסט מיר צו געהן, מוז איך געהן. ערלויב מיר פריהער א קוש טהאן דיא נאָבעלע האנד, וועלכע האָט דערלאַנגט א בלום דער ביליג־געשעצטער, פון אלעמען ערנידריג־טער און פעראַכטעטער בעאטא׳ן. (קושט זיין האַנד.)

ר א ש ה י ש ב ה : איהר זעהט, מיט וועמען אלישע בן אבויה פערברייננגט זיין שבת קודש? מיט געמיינע, אויסגעלאסענע פרויען.

ב ע א ט א : (בייז) ראבאי, ווען אלע וואָלטען מיט אונז אזוי פערבראכט דיא צייט, וויא אלישע בן אבויה, וואָלט קיין געמיינע אויסגעלאַסענע פרויען ניט געוועזן אויף דער וועלט! (פערשווינדעט אין וואַלד).

ר א ש ה י ש י ב ה : אלישע בן אבויה, מיר האָבען ערשט געהאט א ראטה וועגען דיר. און אז דוא ביזט שוין יא דאָ, דארפען מיר איין מאָל פיר אלע מאָל זיך ערקלעהרען — הלנו אתה אי לצרינו — בעלאנגסט דוא צו אונז, אָדער צו אונזערע בלוטיגע שונאים? געגען דעם פרעמדען פיינד זיינען מיר שוואך, אָבער געגען אייגענע פיינדע האָבען מיר נאָך געגוג מיטלען.

א ל י ש ע : יא, דער שוואכסטער מענש האָט געגוג מיטלען צו טהאָן אונרעכט..

ר א ש ה י ש י ב ה : אלישע בן אבויה, אלעס רעדט געגען דיר!

א ל י ש ע :דאָס קימערט מיך וועניג, זאָ לאַנג איך אליין רעד פיר זיך!

ר א ש ה י ש י ב ה : יודישקייט טרעטסט דוא מיט דיא פיס!

א ל י ש ע : דיא יודישקייט פיהלט ניט קיין וועהטאָג, ווען איך טרעט זיא מיט דיא פיס, און פיהלט ניט קיין פרייד, ווען איהר לויבט זיא! איהר בעסער קימערט אייך וואס וועניגער פיר יודישקייט, און וואָס מעהר פיר׳ן לעבעדיגען יודען, וועלכער ליידעט און פיהלט...

א י י ן י ו ד : דערפאר אליין איז ער דאָך שוין ווערטה,

מע זאָל מאַכען פון איהם אַ תל עולם, וויא איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט!

ר א ש ה י ש י ב ה: גאָטטעס הויז איז חרוב און דוא טרויערסט ניט.

א ל י ש ע: ביים גרויסען גאָטט, וועלכער האָט אַלע מלוכות, אַלע הימלען, וועלטען מיט עולמות, ביי איהם איז חרוב געוואָרען אַ שטוב, דארף איך, קליינער מענשעלע, טרויערען!

ר א ש ה י ש י ב ה: (בייז) בלינדער מענש! ווייסט דוא דען ניט, אַז צוזאַמען מיט'ן בית המקדש איז געפאַלען גאָטטעס תורה און זיינע הייליגע געבאָטט?

א ל י ש ע: וואָרום דערלאָזט ער דאָס? אַ שטערבליכער קינד טהוט אַלעס, אום זיינע געזעצע זאָלען ניט פאַלען, ווארום האָט ער געשוויגען? דער אונגליקליכער בר כוכבא און הונדערט טויזענד יודען זיינען ערמאָרדעט געוואָרען בעשיצענדיג זיינע הייליגע געבאָט, ווארום האָט ער זיי ניט געהאָלפען? ר' עקיבא איז געווען אַ מארמאָרנע זייל פיר גאָט'ס תורה הקדושה, וואָרום האָט ער דערלאָזען, מע זאָל ר' עקיבא מיט אַלע זיינע תלמידים אויסשלאַכטען וויא שאָף? רבי חוצפית המתורגמן האָט זיין לעבען לאַנג מיט זיין צונג ערקלעהרט און גענעבען צו פערשטעהן דיא מיינונג און בעדייטונג, פון דער תורה, פון דעסטוועגען, ווען דיא רוימער האָבען זיין צונג העראויסגעריסען און געוואָרפען צו דיא הינט, האָט ער ניט געשיקט זיינע דוננערן און בליצען, צו בעשטראָפען דיזע הענקער און מערדער!

מ א י ר: (צום ראש הישיבה) רבי, איהר זעהט, איהם טהוט וועה דאָס האַרץ פיר דיא אונשולדיגע יודישע קרבנות!

ר א ש ה י ש י ב ה: ניין! איך זעה נאָר, אַז ער לייקענט אָב גאָטט, אונזער בורא יתברך! (אלע מורמלען).

א ל י ש ע: איך לייקען גאָרנישט אָב. איך זאָג נאָר, אַז קיינער מישט זיך ניט אין דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער ערד, אין'ם מענשען'ס לעבען.

ר א ש ה י ש י ב ה: הייסט עס, דוא גלויבסט ניט אין שכר ועונש?

א ל י ש ע: ניין! איך גלויב ניט!

א י י ז י ו ד: אויף שטיקער דארף מען איהם צורייסען דערפאר! וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט! (אלע מורמלען).

א ל י ש ע: עס שטעהט אין דער תורה, ווען דוא געפינסט א נעסט, זאלסט דוא דיא מוטער אוועקשיקען און דיא קליינע פויגעלאך זיך נעמען — והארכת ימים, דערפאר וועסט דוא לעבען לאנג. איך האב געזעהען וויא איינער האט געטהאן פונקט פערקערט: ער האט דיא מוטער גענומען און דיא קליינע פויגעלאך אוועק־געווארפען, און דאך לעבט ער ביז יעצט. און איז געזונד וויא א פערד! א צווייטער אבער האט געטהאן וויא מע דארף: ער האט דיא מוטער געלאזט און דיא קליינע פויגעלאך גענומען, איז ער דוקא אויף'ן שטעל אראפגעפאלען פון ביים און דער'הרג'ט געווארען. וואו איז דער והארכת ימים?!

ר א ש ה י ש י ב ה: וועה! וועה! אוי לאזנים שכך שומעות! (אלע מורמלען).

מ א י ר: רבי, ער לערנט אפשר א פאלשען פשט אויף'ן פסוק. דאס, חלילה, איז דאך נאך ניט אזא אונגליק...

ר א ש ה י ש י ב ה: וואס? איצט לערנען אזעלכע פשטים, ווען מיר אלע דארפען זיין פעראייניגט וויא איין מענש, ווען מיר דארפען אונזער גאנצען שכל, אונזערע אלע קרעפטע אנווענדען וויא אויפצובויען צוריק גאטטעס היילינע שטאדט ציון?!

א ל י ש ע: ניט אין ציון, ליעגט דעם יודענס רעטונג! ניין! ציון איז א קעניגרייך פון גאטט, דער יוד דארף א קעניגרייך פון'ם מענש. אייער אונגליק איז, וואס איהר זארגט נאר פיר גאטט, דערפאר קענט איהר ניט זארגען פיר זיך. ווען דאס יודישע פאלק איז געווען שטארק, האבען זיי געפאדערט גאטט זאל וואס מעהר טהאן פיר זיי און אליין האבען זיי וואס ווייניגער געטהאן פיר איהם. איצט אבער האט איהר איין אויפגאבע: צו בעשיצען גאטט, צו רעטטען זיין תורה, צו טהאן זיינע געבאט. איהר וואגט ניט אליין, זאגאר א געדאנק צו האבען. יעדע קלוגע און נארישע זאך וואס איהר אליין טראכט אויס מיט אייערע געהירען איז גאר געגעבען געווארען פון גאטט אויף'ן בארג סיני! איהר אליין זאגאר געהערט ניט צו זיך. איהר זייט גאטטעס פאלק!

(אַ מורמעל) איהר נעמט זיך אָן צו פיעל פיר גאָטט, דערפאַר פערפאָלגט איהר און אונטערדריקט דעם מענשען ! (אַלע מורמלען בייז. דער ראש הישיבה בעראַטהעט זיך מיט דיא זקנים)

אלע: רשע ! רשע !

מאיר: (שטיל צו אלישע'ן) רבי, איך בעט אייך, רעדט ניט געגען זיי מיט אַזאַ גרויסקייט. עס איז בעסער ווען מען איז אַ שפל רוח בפני כל אדם.

אלישע: וואָס ? אַ שפל רוח ? איך זאָל ערניעדריגען מיין גייסט געגען אַ מענשען, ווען איך רעכען, אַז דער מענש דאַרף ניט ערניעדריגען זיין גייסט, זאָגאַר געגען גאָטט ! !

מאיר: רבינו, גלויבט איהר דען, אַז דערמיט וואס מען פערקריעגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט, קען מען דיא וועלט קלוגער און בעסער מאַכען ? (אלישע ענטפערט ניט).

שמעון: (מע הערט זיין שטוממע פון וואַלד) טרעהרען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד. אונזער איינציגע ציערונג איז פון תשובה אַ קלייד. ליעבע איז דער נאמען פון אינזער מעכטיגען גאָטט. (כאָר זינגט עס).

אלישע: איהר הערט ? דאָס טרויעריגעס געזאַנג דאַרף אייך שרעקען מעהר פון'ם חורבן ירושלים. דאָס טרויער ליעד איז שאַרפער און געפעהרליכער וויא דער שווערד פון דיא רוימער. איהר האָט אַזוי לאַנג זיך געלערענט צו ענטזאגען זיך פון זיך אַליין, ביז עס האָט געמוזט געבוירען ווערען אַ געדאַנק, אַז גאָטט אַליין וועט זיין אַ גאָטט, נור דאַן ווען ער וועט זיך ענטזאַגען פון זיך אַליין. איהר ווילט, דער מענש זאָל זיין אַ שפל - רוח, אַט איהר שפלים, בעטלער און אביונים, וועלכע געהען איינגעהמען דיא וועלט !... איהר דולדעט ניט קיין מיינונגס פערשיעדענהייטען, און איהר פערפאָלגט זיי, דאָס מאַכט זיי שטאַרק און פעראייניגט. איהר ווילט זיי פערניכטען, און שאַפט פון זיי אַ מאַכט... איך האָב מורא, זיי וועלען נאָך אַ מאָל צינעהמען ביי אייך אייער גאָטט, אייער תורה, אייערע געדאַנקען, און אייך אַליין וועלען זיי בעצאַהלען מיט פעראַכטונג און פערשפאָטונג ! (כאָר הערט אויף זינגען).

איך קוק אין דער צוקונפט און זעה, דיא נאַכוועלט וועט זיין

דאַנקבאַר דיא גריעכען, ווייל זיי האָבען געשאַפען גרויסע פּאָעטישע און פילאָזאָפישע ווערק. דיא יודען וועט מען ניט דאַרפען דאַנקבאַר זיין. פאַר וואָס קומט זיי? זיי האָבען דאָך אַליין גאַרנישט געשאַפען. גאָט האָט דאָך אויפגעשריבען ישעיה׳ס בוך, גאָטט האָט געזונגען שיר השירים, גאָטט איז דער דיכטער פון דוד׳ס פּסאַלמען, גאָטט איז געווען דער אווטאָר וואָס האָט פערפאַסט דיא מערקווירדיגע יודישע טראַגעדי „איוב“. נון, וועלען זיי ביי אייך צונעהמען גאָט דעם מחבר מיט אלע זיינע חבורים און אייך וועט מען פיר אייער פּאָעזי, אייערע געדאַנקען, אייערע הימנען, אייערע משלים בעצאָהלען מיט שנאה, רציחה, פעראַכטונג און שפּאָט!...

ראש הישיבה: גענוג! איך קען ניט און וויל ניט פערשטעהן, וואָס דוא דרשן׳סט דאָרט. ניט דוא רעדסט דאָס, דאָס רעדען פון דיר דיא טרפה ספרים חצונים. ניט צו׳ן אונז געהערסט דוא, דוא געהערסט צו דיא מינים! (אַלע: יא, יא, צו דיא מינים!)

איין יוד: צו דיא מינים, וויא איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט!

ראש הישיבה: עס איז בעוויעזען געוואָרען אַז גוים זיינען דיר ליעבער פון יודען, ספרי מינים שטעלטס דוא העכער פון דיא הייליגע שריפטען. אום צו וועיזען אַ נצחון געגען דיין גאָטט און דיין פאָלק געהסט דוא זאָגאַר זיך מתחתן זיין מיט א גוי, ערל טמא, וועלכער פערצאַפּט יעדען טאָג יודיש בלוט און רויבט אונזער לעצטע ביסעל אָרעמקייט. דיין טאָכטער געהט זיין דאָס ווייב אָדער קעבס־ווייב פון דעם רוימישען קוועזיטאָר, האַ?

אלישע: וואָס? מיין טאָכטער! (פערטראַכט) אַבוואָהל איך ווייס שטענדיג דער לעצטער, וואָס אין מיין אייגען הויז קומט פאָר... אָבער ניין! אונזין! אונזין! אונזין!

ראש הישיבה: גלויבסט ניט אין גאָטט, וויא א יוד דאַרף גלויבען. לייקענסט אָב שכר ועונש, לעסטערסט גאָט׳ס תורה, ביזט אָפען מחרף ומגדף דאָס יודישע פאָלק, ביזט מחלל שבת בפרהסיא, דוא גיעבסט איבער דיינע ברידער צום שונא אין דיא הענד. (איין יוד: מומר להכעיס און משומד!) (אַלע שרייען,

דאס זעלבע) מיר האָבען בעונותינו הרבים, פערלאָרען אונזער מאַכט און מיר קענען דיך איצט ניט בעשטראָפען, וויא דיר קומט !

אַ ל י ש ע: יא, אַמאָל וואָלט איהר מיך פערשטיינערט ? פאַר וואָס ? ווענען האָב איך שלעכטס געטהאָן ?

ר אַ ש ה י ש י ב ה: אַלע פיער מיתות משונות — סקילה, שריפה, הרג וחנק איז וויניג פאַר אַ יודען, וואָס פערשפּאָטעט זיין גאָטט און פערראַטהעט זיינע ברידער ! דאַרום...

מ א י ר: רבי, אפשר וואָלטען מיר זיך נאָך אַ מאָל בעטאַטהען... מיט גוטען קען זיין...

ר אַ ש ה י ש י ב ה: ניין ! מע דאַרף וואָס גיכער אויסרוימען דאָס שלעכטע מעדת ישראל ! אלישע, אזוי וויא עכן דער עכר ישראל, האָסט דוא אריינגעבראַכט חרם אין דיין שטוב. און אזוי וויא עכן דאַרפסט דוא צוזאַמען מיט דיין חרם נחרם ווערען מקהל ישראל ! ניט אונזערער ביזט דוא, געהערסט צו אונזער שונא. ביזט ניט קיין יוד, ביזט פון דיא מינים ! דיא אויסגעלאָסענע פרוי האָט דיר געגעבען דיין פּאַססענדען נאָמען : אחר ביסט דוא און אחר וועט דיין פערפלוכטער נאָמען זיין ! פון דור צו דור וועט דיין נאָמען זיין לחרפה ולשמצה בישראל !...

מ א י ר: (פערברעכט דיא הענד) אָה ! אונגליקליכער גרויסער מענש !

ר אַ ש ה י ש י ב ה: יעדער יוד וועט לויפען פון דיר וויא פון אַ פּעסט ! קיין מגע ומשא וועט קיינער פון אונז מיט דיר ניט האָבען ; פערנעמט וואָס איך זאָג ! פערשאָלטען זאָל זיין דער יוד, וועלכער וועט שטיין אין אחר'ס ד' אמות ! (אלע טרעטען אָב פון איהם). פרעמדער, געה צו דיא פרעמדע ! פון אונז ביזט דוא אָבגעשניטען אויף עוויג ! (אלע געהען ראש אָב).

אַ ל י ש ע: מאיר, מיין טרייער תלמיד און איינציגער פריינד, אויך דוא ? (מאיר פארדעקט זיין געזיכט און צו־וויינט זיך שטארק. דער ראש הישיבה פיהרט איהם פארט. אלע אב) אַלע ! אַלע ! אַלע ! (בלייבט זיצען אויף א אבגעהאקטען בוים. בעאטא, וועלכע האָט שוין פריהער עטליכע מאָל ערשינען צווישען דיא בוימער, געהט ראַש צו איהם) דוא ? (שטעהט אויף).

ב ע א ט א : גויסער מענש, איך האָב אַלעס געהערט און מיין הארץ בלוטעט פאר דיר...

אלישע : (שטאָלץ) וואס ? דומהייטען... מיין פערד ווארט שוין געווים אויף מיר מיט אונגעדולד... איך מוז פאָהרען. (געהט) קען וואָס אלישע בן אבויה טהאָן פאר דיר ? דארפסט דוא מיין הילפע ? ווילסט דוא וואָס בעטען ?..

ב ע א ט א : יא, איך וויל בעטען... אלישע בן אבויה, טרייב מיך ניט פון דיר... דאָס איז דיא הילפע וואס איך וויל פון דעם הילפסלאָזען מענשען... האסט ניט קיין איין זעעלע ארום זיך... ביזט אליין... קיינער שעצט דיך ניט, קיינער פערשטעהט דיך ניט, קיינער האָט דיך ניט ליעב... ערלויב מיר צו זיצען ביי דיינע פיס און שוויינען שטיל... איך וועל ניט וואגען א וואָרט צו רעדען אין דיין געגענווארט... איך וועל נאָר אין דער שטיל גיסען טרעהרען, ווען דיין נאָבעלעס הארץ וועט וועה טהאָן און וועל וויינען ווען דוא וועסט פיהלען שמערצען. אלישע, שענק מיר דאָס גליק און דאָס רעכט צו נעמען אויף זיך א טהייל פון דיינע ליידען !

א ל י ש ע : (געריהרט) קינד, עס איז גענוג, אז יעדער פון אונז זאָל ליידען פיר זיך אליין. עה ! מיינע ליידען זיינען גאָרניט אזוי גרויס, איך זאָל נאָך דארפען א טהייל פון זיי ארויפווארפען אויף א'ן אנדערן. וואָס ? זיי זיינע אלע געגען מיר ? דערפאר בין איך דאָך געגען זיי אלע ! דער וואָס געהט מיט אלע, איז געבונדען, געהינדערט פון צו טהאָן נוצליכעס פיר אלע... דער אָבער וואָס געהט אליין איז אונאבהענגיג און פריי צו טהאָן פיר אלע פיעלעס. איך געה אליין ! מיך שרעקט מען ניט איבער מיט ווייבערשע קללות און מיין פרייען ווילען קען מען ניט צוברעכען מיט פערפאָלגונגען ! זאָ לאנג דער געדאנק לעבט אין מיר, איז ניטאָ אויף דער וועלט אזא קראפט, וועלכע זאָל קענען מיך בעזיעגען און פערניכטען ! זאָ לאנג אלישע בן אבויה זאָגט, אז איך בין גערעכט, איז ניטאָ אזא משפט און ניטאָ אזא בית דין, וועלכער זאָל מיך אונגערעכט מאכען ! (געהט).

ב ע א ט א : אה, גוטער, שטארקער מענש, וויא גרויזאם און שוואך דוא ביזט ! (פערברעכט איהרע הענד אין פערצווייפלונג. פלוצלונג וויט טוביה'ס פייפעלע. ער שפיעלט דאס זעלבע וואָס פריהער).

א ל י ש ע: (שטעלט זיך אָפּ און הערט זיך צו ענטציקט) דוא הערסט, קינד? ניט נאר פלוך און האס איז דאָ אויף דער וועלט, עס איז אויך דאָ ליעדער און פרייד! (דאס פייפעלע שפּיעלט,ביידע הערען זיך צו).

פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.



# דריטער אַקט.

(דערזעלבער גארטען לעבען אלישע בן אבויה'ס הויז וויא אין ערשטען אקט. טאָג).

אײד: (ער קומט פאַרזיכטיג ביז'ן גארטען, קוקט זיך אום, מאַכט מיט'ן האַנד און רופט שטיל. נאָך עטליכע אידען קומען). ששש! אָט דאָ פון דער זייט וועט מען עס דארפען מאַכען. ששש! איהר ווייסט ווען? פונקט פארנאַכט, ווען דיא רוימישע לעגיאָנען וועלען אנהייבען מארשירען און עס וועט ווערען א געטומעל. ששש! דעם רויטען האָן וועט מען דארפען שיקען פון דער זייט דיא געצקע צוברעכען, דיא גוי'אישע זאַכען צושטערען, פון אַלעם מאַכען א תל. וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט. פערשטאנען? (אלע: יא!) האר אוים, אחר הרשע! מיר וועלען לערנען מיט דיר דיא גאַנצע פרשה בלק! אזא רשע! ער מסור'ט אַלע אידען. וויא עס איז נאר א אידישע חתונה, א ברית, א שמחה, דערצעהלט ער באַלד דיא רוימער! (אַלע מורמלען און דראָהען) תלמידים וואס גערען אין בית המדרש לערנען, הרג'עט ער און קוילעט מיט א מעסער. (אַללע: יא?) וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט. איהר ווייסט, פון וואנען דער רוח הטומאה האט זיך אין איהם אריינגעכאפט? ווען זיין מאַמע איז געווען מעוברת מיט איהם, איז זיא געגאַנגען פערביי א גוי'שע בית תפילה און האָט אריינגעקוקט אינוועניג אריין צו דיא געטשקעס — האט זיך דאס באַלד אריינגעכאַפט אין איהר. (אַללע: יא?) וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט. איך בין כמעט וויא אליין געווען דערביי: איך האב דאס געהערט מיט מיינע אויערן פון א תלמיד חכם. (א גערויש) איך הער, מען געהט, חברה, שטעלט פים. (לויפען פאָרט אַ"ע. באַלד הערט מען זיין שטימע) אחר'ס מכשפה! טפו אויף דיר! אחר'ס מכשפה! (מען הערט שטימען: אחר'ס מכשפה: אחר'ס מכשפה! — מרימי לויפט אריין פון גאַס אין גארטען).

מרימי: אָט האסט דוא דיר! איך האב איצט קיין אנדער נאמען, וויא אחר'ס מכשפה. אז איך בין געווען יונג, איז מען נאָך

מיר אַזוי ניט נאכגעלאָפען, וויא איצט. נו, מסתמא וויל דאָך אַזוי גאָט אונזער האַרר. (שרייט אין הויז אריין) בעל הבית'טע, קום אקערשט אַהער (בתוברית קומט, ארעמער געקליידעט) איך האב גאר ניט געבראַכט: ניט בוימאייל, ניט איילבערטען, ניט מעהל.

ב ת ב ו ר י ת : וואס הייסט, דוא האסט ניט געבראַכט?

מ ר י מ י : איהר ווייסט דאָך, אידישע קרעמער ווילען אונז ניט פערקויפען, מען זאָל אפילו געבען א רענדעל פאר א טראָפּען, פלעג איך שטענדיג נעהמען ביי'ם שמרוני אין קלייטעל. ער איז מיר א שטיקעל קרוב און א „ברודער“ אויך דערצו, וויל ער אבער מעהר אויף באָרג ניט געבען.

ב ת ב ו ר י ת : נו, יא, ביי וועמען איז איצט א ח ר א בטוח? ער איז נאר ביי זיך א גרויסער בטוח. זיצט דאָרטען מיט דיא גוי'שע ביכלאך, פונקט ווי ניט איהם מיינט מען. עס הארט איהם עטוואס? אן אַנדער איד לעגט זיך אין דר'ערד פיר זיין ווייב און קינד, אזא אבער וויא ער וועט זיך ניט לעגען. נו, וואס טהוט מען? מען וועט דאַרפען ווידער שיקען צו ר' מאיר'ן לייהען אביסעל געלד. ער איז דער איינציגער וואס צוליעב מיר האָט ער רחמנות אויף איהם אויך. וועסט מוזען אריבערגעהן, מרימי.. (נעמי קומט פון שטוב).

מ ר י מ י : אי, דיא אידען טשעפּען זיך צו מיר!

נ ע מ י : מרימי, האסט מיר געקויפט טייטלען?

ב ת ב ו ר י ת : אָי! איין קינד, און אַז זיא וויל נעבאך א טייטעל איז ניטאָ! (זיפצט).

מ ר י מ י : ניין, איך האב ניט געקויפט קיין טייטלען.

נ ע מ י : ניט געקויפט? הערסט א חכמה! זיא בעריהמט זיך נאָך....

מ ר י מ י : דיא אידישע קרעמער ווילען אונז ניט פערקויפען קיין טייטלען.

נ ע מ י : זיי ווילען אונז ניט פערקויפען קיין טייטלען אויך? אַזאַ געמיינהייט! פאר וואס שווייגט זיי דער טאַטע! איך וואָלט זיי פאר אַזאַ זאך אנגעלערנט!

מ ר י מ י : און אויסער דעם, אז מען וויל עפעס קויפען, דאַרף מען האבען געלד.

נ ע מ י: געלד? נו, פאר וואָס זאָגסט דוא ניט דעם פאטער? דיר איז שווער צו זאָגען?

ב ת ב ו ר י ת: עס ווענדעט זיך נאָר אין'ם זאָגען! נעמי, דער טאַטע דיינער דער זיסער, האט דאָך אונז בענומען, בע'גזל'ט, בע־רויבט, מיר וועלען דאָך גיך אויסגעהן פון הונגער, אדער געהן איבער דיא הייזער בעטלען. ער האט אבגעגעבען אין גאַנצען וואס ער האט געהאַט.

נ ע מ י: ער האט אבגעגעבען אין גאַנצען? איך האב פריהער געוואוסט, אז ער קען טהאָן אזא חכמה. א מענש, וואס וויל אַלעס נאר פאר זיך.

ב ת ב ו ר י ת: זיא איז ניט גערעכט? נעמי, אפשר וואָלסט דוא געגאַנגען צו ר' מאיר'ן באָרגען אביסעל געלד? ער איז געווים אין בית המדרש... זאָג איהם, אז...

נ ע מ י: וואס? א שעהנער איינפאַל! אלישע בן אבויה'ס טאָכטער זאָל געהן אין בית המדרש לייהען געלד... וואס קוקסטו אויף'ן טאַטען? זאָג איהם, ער זאָל געבען געלד. נאָך וואס דען איז ער א טאַטע? יא, מאַמע, און דערמאָהן איהם, איך דאַרף א נייע פאָאר אויערינגלאך. (אב).

מ ר י מ י: אי! זיא איז ביי אייך אויסגעוואַקסען אזוי, אז זיא ווייס ניט פון וואנען וואָס עס נעהמט זיך.

ב ת ב ו ר י ת: וויא אזוי דען דאַרף וואַקסען א טאַטענס א קינד? זיא איז דאָך ניט שולדיג, וואס זיא האט אזא טאַטען..

מ ר י מ י: (געהט) יא, בעל הבית'טע, היינט איז דאָך דער צוואַנציגסטער טאָג אין חודש, דאַרף מען זיך ריכטען אויף מענ־שען?

ב ת ב ו ר י ת: מענשען! ווער דאַרף איהם איצט און ווער וועט קומען צו איהם? און וואס וועט ער זיי געבען פאר כבוד? קדחת מיט א מכה.

מ ר י מ י: מסתמא וויל אַזוי גאָט אונזער הארר. (זיפצט. אב אין שמוב).

ב ת ב ו ר י ת: אי! נאָר אזא שטאַרקער מענש וויא איך קען דאס אַלעס אויסשטעהן און אויסהאַלטען. ער זאָל האבען איין אנדער

ווייב, וואָלט שוין פון איהם קיין שריד ופליט ניט געבליעבען. איך האָב איהם דאָך ביז איצט אבגעהיט. מען קען פערהיטען אזא חסר דעה! אָט איז ער! (אלישע קומט מיט א גראָבען שטעקען) רוהיג! געהט זיך שעפּען פרישע לופט! עס נעהמט איהם וויא דיא וואַנד. פערזאָרגער מיינער! אונזער ברויט־געבער, וואס וועט זיין דער תכלית פון אונז? מיר האבען פון דיר נאר חרפּות, ביזיונות און צרות. מען לויפט פון אונז וויא פון פערפעסטעטע. מען וויל אונז ניט קענען, מען וויל אונז ניט וויסען, מען וויל אונז קיין זאך ניט פער־קויפען, ניט באָרגען, ניט לייהען, איבער דיר רעבענט מען מיך אויך פאר א משומדת׳טע! מיר לעבען דאָך איצט וויא אויף א בית עולם. מיר זיינען איבער דיר אלע וויא לעבעדיג בעגראָבענע.

אלישע: קינד, האב געדולד, זיי זיינען דאָך מענשען און וועלען זיך גיך איבערצייגען, אז זיי פערפאָלגען אונז אומזיסט.

בתבורית: האָסט געמאכט ווי א חכם, הא? דיין גאנצעס פערמעגען אבגעגעבען א פרעמדען, א גוי חזיר, און מיר וועלען דארפען באלד געשוואָלען ווערען פון הונגער.

אלישע: ער איז טאקי א גוי, און אפשר א חזיר אויך, ער איז אבער א דענקענדער מענש און ער האט מיר געגעבען זיין עהרענוואָרט... ווערסט זעהן, היינט וועט ער דאָך דאָ זיין, וועט ער געוויס דאס געלד אויך ברענגען.

בתבורית: ניט היינט מאָרגען נאָכ׳ן קאלטען קוגעל וועט ער עס דיר ברענגען, וואס הייסט דוא ווערסט משוגע און גיבסט איהם אָב מיין בלוט, מיין גוטס! מען דארף דאָך שכל האבען! וואס איז, ער צאָהלט דיר א גרויסען פראָצענט דערפאר? אדער ער וועט טהאָן עפּעס פון דיינעט וועגען?

אלישע: ניין! דאס ניט... נאר ע... איך האב אפשר געהאט אנדערע אורזאכען.

בתבורית: איבער אנדערע אורזאכע האָסט דוא אונז בדיל הדל געשטעלט, אונגליקליך געמאכט! וועה איז מיר! וועה איז מיר! (וויינט. אלישע בעטראכט זיא מיט מיטלייד).

אלישע: וויין ניט, קינד, דוא ביזט ניט קיין פרעמדע, דיר מעג איך זאָגען דיא וואהרהייט. עס האט זיך מיר זעהר ניט געוואָלט איהם געבען דאס געלד...

בתבוריתׂ: אז מען וויל ניט, גיט מען ניט!

אלישע: יא, אבער ווען ניט איך, וואלט ער דאס געלד גע־זאמעלט מיט געוואלד פון דיא פעראָרעמטע אידען. ווייסט דאך, וויא דיא רוימער מאַהנען צינזען מיט געוואלד! זיי מאַרטערען, זיי פול־טערען, ברענען אויפ׳ן פייער, שניידען שטיקער פלייש, שלאָגען אריין דיא תפילין אין מארך אריין.

בתבורית: אזוי? האָסט דוא, הייסט עס, געוואָלט זיין א גוטער אויף אונזער חשבון? פארוואס ביזטו עפעס מעהר מחויב פון אן אנדערען? עס איז דאָ קליגערע און בעסערע פון דיר, זאָלען זיי דאס טהאָן!

אלישע: קינד, דיא קליגערע פון מיר וואָלטען עס ניט געטהאָן, און דיא בעסערע? חע! חע! ער האט גערארפט דאס געלד באלד און וואלט דיא בעסערע געמוזט זוכען צו לאַנג...

בתבורית: ביי מיר טריפט דאָס בלוט און דוא חכמ׳עסט זיך! וואס הארט דיך פאר אן אנדערן? פיהלסט דען וויא א מענש? דיין חכמה איז דאָך נאָר שמד־שטיק מיט נאררישקייטען. פער־שטעהסט דען עפעס וויא מען דארף? לייענסט ביכלאך וואס זיינען גוט פאר שקצים מיט שיקסעס. דוא לערנסט דאך דאס, וואס קיי־נער דארף ניט און טהוסט דאס וואס קיינער טהוט ניט, נאך וואס לעבסטו? דוא לעבסט נאר, אום מיט אלעמען קריגען זיך, מאַכען דיא גאַנצע וועלט פיר שונאים, טהאָן יעדען דוקא אויף צולהכעיס, פיהרען זיך פערקעהרט פון אלע מענשען און פערררייסען זיך מיט יעדען איינציגען! האר אוים, דוא וועסט זיך דערשפיעלען! (וויינט) אי, ווען ניט איך, א שעהנעם פנים וואָלסט דוא איצט געהאט. איך געה צו מאיר׳ן לייהען געלד... (ראש אב דורכ׳ן גארטען. אלישע בלייבט זיצען לאַנג מיט פערבראָכענע הענד. מרימי קומט).

מרימי: און אָט איז דער בעל הבית... זאָגט מיר, וועלען היינט זיין מענשען דאָ?

אלישע: (שטעהט אויף) יא, מרימי, געווים. וואס מיינסטו, אלישע בן אבויה האט שוין מעהר קיין פריינד ניט? זיי וועלען קומען. מען דארף אָבער אזוי מאַכען, זיי זאָלען אונזערע אומ־שטענדען ניט בעמערקען. עס איז ניט שעהן צו שפיעלען דיא

ראָלע פון א נעבאכעל. רוים אויף אלעס וויא עס געהער צו זיין, איך וועל זיך דורכגעהן און קום באלד צוריק.

מ ר י מ י : בעל הבית, מיר האָבען אפילו ניט קיין טראפּען ווייז.

א ל י ש ע : ניטאָ קיין וויין? נו, דארף מען קויפען (וויל נעהמען געלד פון דער טאַשע.) אך, יא!... נו, וועלען מיר היינט לעזען מעהר פּאָעזיע. איך געה איך קען יעצט אָהן דעם פריינד ניט בע־ווייזען זיך אויפ'ן גאַס (צייגט אויפ'ן שטעקען) דער שטעקען איז גע־שאַפען פיר הינט און איך דאַרף איהם געברויכען פאַר מענשען. עס איז דאָ מענשען, ליידער, וועלכע פערשטעהען נאר דיא שטעקען שפּראַך. (אב דורכ'ן גאָרטען).

מ ר י מ י : אזא גוטער מענש און וויל ניט גלויבען אין אונזער גלויבען. (נעמי קומט אין א מאַנטעל) נעמי, וואוהין?

נ ע מ י : שש! דער פאטער און דיא מוטער זיינען אוועקגע־גאַנגען? איך מוז זיין אויף אן אָרט, איך קום באַלד צוריק... זאָלסט גאר ניט זאָגען ניט דער מוטער, ניט דעם פאטער. זיי דאַרפען ניט וויסען.

מ ר י מ י : אי, נעמי, מען טאָר ניט נאַרען א טאַטען.

נ ע מ י : דער טאַטע מעג טהאָן וואס מען טאָר ניט? מעג איך אויך. ער האָט זיך ניט פיינט, איאָ? פארוואָס זאָל איך זיין א נאַרר? דוא זאָלסט הערען, וואס דיא מאַמא דערצעהלט פון איהם. (זינגט שטיל א מיליטערישען מאַרש און מאַרשירט אָב דורכ'ן גאָרטען. מרימי ברענגט קאַוויאָרען און קישענס וויא אין ערשטען אַקט).

מ ר י מ י : גוטער גאָט, וואס איז דאס פאר א וועלט? יונגע און אַלטע — אַלעמען ווילט זיך זינדיגען (פערשפּרייט דיא קאוויאָרען איבער דיא בענק. בעאטא קומט).

ב ע א ט א : מען רופט אייך, דאַכט זיך, מרימי? זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר: קען איך איצט זעהן ר' אלישע בן אבויה? ער האט מיר געזאָגט: ווען איך וועל איהם וועלען זעהן, זאָל איך קומען.

מ ר י מ י : (בעשעפטיגט) ר' אלישע איז ערשט פאָרטגעגאַנגען, ער וועט אבער באַלד קומען. דוא קענסט דאָ וואַרטען אויף איהם, אויב דוא האסט גענוג צייט.

ב ע א ט א : (מיט א שמייכעל) יא, איך האב גענוג צייט צו

ווארטען אויף איהם.. (שטיל) עוויג! (לויט) איך האב געהערט, זיי זיינען יעצט אין זעהר א שלעכטע לאגע. וויא פיהלט ער? איז ער ניט קראנק?

מ ר י מ י: וויא און וואס ע ר פיהלט, קען קיינער ניט וויסען, אי, לאז מיך עפּעס טהאָן. מיר ערוואַרטען דאָ היינט מענ־שען.

ב ע א ט א: (שטיל) זיא פערשטעהט, ער איז א מענש, וואס מען קען ניט וויסען וויא און וואס ער פיהלט. איז זיא ניט א טהייע־רע? מרימי, איהר ערוואַרטעט דאָ מענשען! גיט, איך וועל אייך העלפען (הויבט אָן פלינק צו אַרבייטען). מיינט איהר ניט, אז דאָ לעבען דיא בלומען וועט זיין בעסער א גרינער טעפּיך. און דאָ א וואָלענע דעקע... און דאָ צוויי טאבורעטען אהער... (איין אויגענבליק איז אַלעס איבערגעשטעלט מיט גוסט) אָט אזוי, און וואו זיצט ר' אלישע בן אבויה, דאָ? וועלען מיר דאס אונטערשפּרייטען אונ־טער זיינע פיס (פערשפּרייט א טעפּיך אויף דער ערד) געזעגנעט זיינען דיא פיס, וואס טראָגען איבער דער וועלט אזא גרויסען, קלוגען קאָפּ, (קושט דעם טעפּיך לײַדענשאַפטליך. לויט) ער איז שטענדיג פערזאָרגט, שטארק פערזאָרגט, הא?

מ ר י מ י: ער זאָגט ניט און דערקענען איז שווער. איך קען איהם לאנג און האב ניט געהערט, ער זאָל זיך קלאָגען. אפילו אז ער איז קראנק קרעכטשעט ער ניט און שווייגט...

ב ע א ט א: יא, ער זאָגט ניט און ער קלאָגט זיך ניט. דאס איז ער! (לויט) איצט, דאס רויטע קישעלע אהער... אָט אזוי. זיין פרוי איז געוויס יעצט זעהר גוט און צערטליך צו'ן איהם, הא?

מ ר י מ י: יא, זיא עסט איהם וויא א וואָרעם.

ב ע א ט א: ארעמער גרויסער מענש! (לויט) דיא בלומען דארף מען אביסעל אויפפרישען (נעהמט א קרוג וואַסער פון פאָנטאַן און בעשפּריצט דיא בלומען) אָט אזוי... נו, און דיא טאָכטער?

מ ר י מ י: וואס ווייס זיא? שפּרינגט וויא א ציעג און קייט טייטלען... זאָל מיך גאָט ניט שטראָפען... ניט דיא מאַמע, ניט דיא טאָכטער, קיינער ניטאָ אין דער היים.

ב ע א ט א: קיינער ניטאָ? (קוקט אריין אין הויז) אי, וואָלט

איך געוואָלט זעהן זיין צימער, וואו ער זיצט און לערנט און דענקט... זיינע ביכער מיט וועלכע ער פערברענגט אזוי פיעל צייט. זיין טיש... איך וואָלט געקושט דעם טיש, אויף וועלכען ער שפּארט זיך אָן מיט זיין נאָבעלע האַנד... (שמעון הנזיר קומט, מיעד, דיא שיך פערשטויבט. א לאַנגער שטעקען אין האַנד, א פּעקעל אויף דיא פּלייצעס. נאָך בלאַסער וויא פריהער. דיא אויגען ברענען מעהרער).

מ ר י מ י: (מיט גרויס פרייד) אונזער ברודער! אונזער שמעון!

ש מ ע ו ן: פריידען צו דיר, שוועסטער מרימי, פריידען צו אַלע. וואס מאַכסטו? איך האב געהערט אלעם וועגען אלישע'ן. עס איז גוט, וואס איהם איז אזוי שלעכט... דורך שמערצען וועט זיין הארץ גערייניגט ווערען פאר גאָטעס וואָרט. דארום בין איך גלייך פון וועג געקומען אהער. יא, איך קום יעצט פון ווייט, איך און ברודער טוביה זיינען מיר געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָדט צו שטאָדט, ביז מיר זיינען געקומען צו א גרויסען כרך ביי'ם ים, מיר זיינען געגאַנגען איבער גאָט'ס וועלט מיט גאָטעס וואָרט. אום און אום געפינען טרייע ברידער און שוועסטער, אום און אום פערזאמלונגען און געבעט. דיא פיס זיינען מיר געשוואָלען, דיא אקסלען אנגעריבען פון'ם קלומיק... אי, מיר האבען א גוטען פאטער אין הימעל!

מ ר י מ י: (נעהמט אַראָפּ דעם פּעקעל פון זיינע פּלייצעס) ברודער שמעון, ווערסט דוא געהן רוהען און וואַשען דיינע מיעדע פיס?

ש מ ע ו ן: ניין, איך זעה דאָ א פערלאָרענע זעעלע, וועלכע איך וויל רעטען פיר אונזער פאטער אין הימעל (ציינט אויף בעאטא'ן).

ב ע א ט א: עס איז שוין געוועזן איינער, א גרעסערער, א שטארקערער פון דיר, וועלכער האָט מיין פערלאָרענע זעעלע גערעטעט....

ש מ ע ו ן: ניין! ער האָט גערעטעט נאָר דיין קערפּער פון שאַנדע און ערנידרונג, דיין זעעלע אָבער וואַנדעלט נאָך אַרום אין דער פינסטערניס. אָה, שוועסטער, וואָס איז אונזער לעבען? איין אויגענבליק. היינט ביסט דו יונג און שעהן און מאָרגען שטעהט שוין הינטער דיר דער מלאך המות. און אַז דו וועסט קומען אויף יענער וועלט פאר דיין פאטער אין הימעל, וועט ער דיך פרעגען: נאָך וואָס האָסט דו געלעבט? וויא פיעל גוטעס האָסטו געטהאָן? וועמען האָסטו געליעבט אויסער זיך. אויסער דיין אייגענעם זינדיגען

קערפער? (בעאטא קוקט אויף איהם ערשטוינט) שוועסטער, דיינק פון דיין טויט.

בעאטא: שוין דיינקען פון טויט? ניין, איך האב נאך צייט. דו, יונגער קברות מאן, בעגראבסט מיך שוין? איך וויל לעבען. איך וויל נאך ערשט ליעבען און זיין געליעבט.... איך וויל זיין גליקליך....

שמעון: ניטא קיין לעבען, קיין ליעבע, קיין גליק, אויסער דארט, ביי אונזער פאטער אין הימעל. (ער וויינט, מרימי ווישט איהרע אויגען.)

בעאטא: זעהט נאר.... ניין! ניין! דיא וועלט איז שעהן, דיא זונן איז ליכטיג, דאס בלוט קאכט. ווארום זאל איך דיינקען פון טויט, ווען איך וויל ערשט אנפאנגען צו לעבען. (א גערויש).

שמעון: צוליעב דאס אונזיניגע לעבען דא ווילסטו פערליערען דאס עוויגע לעבען דארט?

מרימי: אימיצער געהט אהער. קומט אלע צו מיר אין אל־קער... קום, שוועסטער, ווילסט דאך ווארטען אויף ר' אלישע'ן? קום, ועסט אזוי לאנג הערען ברודער שמעון הנזיר, ביז דו ועסט מוזען זאגען: יא, ער איז גערעכט.

שמעון: גערעכט איז נור אונזער פאטער אין הימעל. (געהט אב אין הויז).

בעאטא: דער מוז אויך זיין א גרויסער מענש. אבער וואס פאר אן אונטערשייד: דער איז יונג און שוין אלט און יענער איז בעיאהרענט און איז יונג.... דער רופט אין קבר און יענער רופט אין דער גרויסער וועלט, אין פרייען פעלד, אין'ם גרינעם טהאל.... הא, הא! צוויי מלאכים! דער איז דער מלאך המות און יענער איז דער מלאך החיים. (זיא און מרימי אב. מען הערט שטימען: משומד! אחר! אחר! נאכדעם טוביה'ס שטימע, נאכדעם אלישע'ס שטימע, אלישע און טוביה קומען.)

אלישע: יא, יא, קום אריין. ביזט ביי מיר זעהר א גוטער גאסט...

טוביה: מיר זיינען ביידע געגאנגען צו דיר. ברודער שמעון איז שוין געווים דא. איך בין טאקע זעהר מיעד. דיא פים וויא

צוויי קלעצער. איך האָב אָבער פריהער געדארפט איבערגעבען א בריעף צו אן אלטער מאמע פון איהר געפאנגענעם זוהן, האָב איך א שפאן געטהאָן א דריי מייל. מיינע צוויי אלטע שפרייזער זיינען אביסעל אויסגעהאָרעוועט. איך הער זיי וויא דעם פאר־א־יאָהריגען שניי. (נעהמט אראָפּ פון זיך זיין פעקעל און זעצט זיך.)

אלישע (קוקט זיך ארום): וויא געמיהטליך דאָ איז. גליקליך איז דער מענש, וואָס האָט אן איינגען ווינקעלע, וואו ער קען בלייבען אליין מיט זיך, ווייט פון דיא גאסען־יונגען, ווייט פון גאסען־מיינונגען און גאסען גערעכטיגקייט.

טוביה: ברודער, דיין ווינקעל איז צו קליין. דיין ווינקעל, דאָס איז דוא אליין. דוא זיצט אין זיך. עס איז איינג, און אין דיזער איינגער וועלט, ביזט דוא גרויס,... מיין ווינקעל אבער איז דיא וועלט פון איין עק ביז'ן אנדערען. איך בין טאַקע דאָרט קליין וויא א מילבעלע, עס איז אָבער אזוי גערוימיג ארום מיר.... און ווען איך בין צום ערשטען מאָל צוגעגאנגען מיט שמעון'ען צו מיין גרויסען ים, האָב איך דערזעהען דיעזען גרויסען וואסער־שטח און דערהערט זיין רוישען, איז מיר געוואָרען אזוי ברייט און פרעהלאך אויפ'ן הארצען, אז איך האָב א געשריי געטהאָן: אָי, טאַטע פאטער, וואָס פאר א גרויסע היים איך האָב! און איך האָב ארויסגעכאפּט מיין פייפעלע און האָב פלוצלונג אנגעהויבען צו שפּיעלען א נייעם אונ־בעקאנטעם ליעד.... איך וויים ניט, פון וואנען עס האָט זיך גענומען. דאָס האָבען הפנים דיא וועללען און דער ווינד געבראכט צו מיר דאָס ליעד פון יענער זייט ים, פון דיא מענשען, וואָס לעבען דאָרט..... ווארום מיין זעעלע איז דאָך א טהייל פון זייער זעעלע און זייער ליעד איז מיין ליעד... אי, ברודעריל, איז דיא וועלט שעהן און גרויס, און גוט! פאר וואָס ווילסטו זיך ניט ארויסקלייבען פון דיין איינגע דירה אין מיין גרויסען פאלאסט אריין, הא?

אלישע: ארימער אביוני, דעם פאלאסט דיינעם, וואו דוא בלאָנדזעסט ארום מיט דיין בעטלער־זאק, בין איך דיר מוחל.... אָבער דו האָסט א רייכע זעעלע. איך האָב פיעל מאָל גערדיינקט פון דיר. און עס איז זעהר גלייך פון דיר, וואס דוא ביסט איצט געקומען. נאר, אויב מיין פרוי....

טוביה: ניט איין מאָל האָט מען שוין מיר געשפיעלט א קבלת

פּנים מיט אַ שטעקען, און ווען איך האָב געבעטען ברויט, האָבען מיר מענשען געגעבען אַ שטיין.. דאַריבער דאַרף איך האָבען יסורים? (שטיל) אלישע בן אבויה, איך האָב געוואוסט, אַז אַלע האָבען זיך אָפּגעקעהרט פון דיר, בין איך צו דיר געקומען... ברודער, ערלויב דעם אַלטען בעטלער בלייבען לעבען דיר. דער רייכסטער פריינד אין דער וועלט איז אַן אביון.... (אבנימוס קומט צום גאַרטען).

אַ ל י ש ע: (אויסער זיך פון פרייד) הידד! וועמען זעה איך? מיינע פריינדע פאַנגען אָן צו קומען! איך האָב געפיהלט, אַז דיין האַרץ וועט דיר ערקלערען די וואַרהייט. קום אַריין, אבנימוס.

אַ ב נ י מ ו ס (געהט ניט אין גאַרטען): ניין, איך בין ניט געקומען צו גאַסט. איך דאַרף דיר אַליין וואס מיטטהיילען. (קוקט אויף טוביה'ן).

ט ו ב י ה: זיי ווילען דער גביר אדיר זאָל זיך אָפּטראָגען פון דאַנען... נו'ם איך געהן זעהן, וואס מאַכט מיין שוועסטער מרימי. עי! עפּענט טהיר און טהויערן. טוביה האביוני געהט! (נעהמט זיין פּעקעל. אב.)

אַ ב נ י מ ו ס: היינט מאַרשירען אַרויס פון דאַנען די אַלטע רוימישע לעגיאָנען און נייע לעגיאָנען מאַרשירען אַריין....

אַ ל י ש ע: איז וואָס? לעגיאָנען, מאַרשען, סאָלדאַטען! דוא ווייסט, אַ מענש אינטערעסירט זיך ניט דערמיט.

אַ ב נ י מ ו ס: ווייסט דוא אָבער, אַז צוזאַמען מיט די לעגיאָנען געהט צוריק קיין רוים אַנטאָניוס סערוויוס, דער קוועזיטאָר? האָט ער דיר בעצאָהלט זיין חוב?

אַ ל י ש ע: איך האָף, ער וועט קומען מיך זעהען. זאָגען מיר „לעב וואָהל" און בעצאָהלען....

אַ ב נ י מ ו ס: איך וואָלט דיר געראַטהען ניט האָפען און זעהן וואָס טהאָן....

אַ ל י ש ע: איך האָף, אַז ניט אַלע מיינע פריינדע זיינען מענשען, אין וועלכע איך האָב זיך גענאַרט....

אַ ב נ י מ ו ס: און אויסער דאָס געלד... זיי פאַרזיכטיג.... מען זאָגט, דיין טאָכטער....

אלישע: דאס האב איך שוין לאנג געהערט און לאנג אויסגעפונען, אז עס איז רכילות... ערלויבט מיר אליין זארגען פאר מיין טאכטער!

אבנימוס: מיין פליכט איז געווען דיך צו ווארנען. איצט, אונגליקליכער אחר, נאך איין ווארט....

אלישע: ניט אחר, אלישע בן אבויה איז מיין נאמען!

אבנימוס: דער נאמען פון א מענשען איז ניט וויא ער רופט זיך, נאר וויא ער ווערט פון דער וועלט גערופען...

אלישע: דיא וועלט? דיא וועלט האט סאקראטעס'ן גערופען פערברעכער און פערבערעכער!... .

אבנימוס: (נעהמט געלד פון זיין טאש). איך האב דיר געבראכט, וואס איך בין דיר שולדיג....

אלישע: איך האב דיר קיין מאל ניט געבארגט און דוא קענסט מיר ניט שולדיג זיין.

אבנימוס: וואס הייסט? דוא האסט מיר געגעבען... ע...

אלישע: דאס וואס איך שיינק, נעהם איך ניט צוריק!

אבנימוס: איך האב דיך געווארענט און דוא טהו וויא דו פערשטעהסט, (געהט). דאס געלד וועט מען דארפען געבען זיין פרוי, זיא איז גאר ניט שטענ'דיג. ווען עס האנדעלט זיך וועגען געלד. (אב).

אלישע: אי, קיינער קען אונז ניט אזוי וועה טהאן וויא דיא, וועלכע מיר רעכנען פאר אונזערע פריינדע... קיינער איז אונז ניט אזוי פרעמד וויא דיא, וועמען מען רופט אייגענע... קיינער איז פון אונז ניט אזוי ווייט, וויא דיא וואס זיינען אונזערע נאהענטע. פריינדע ליעבען אונז נאר דאן, ווען מיר זיינען געליעבט.... (פערדעקט זיין געזיכט. נעמי לויפט אריין, דערזעהט דעם פאטער, וויל זיך ארויב־גנב'ענען אין שטוב. געהט אויף דיא שפיץ פינגער, גיט א קלאפ. אלישע בעמערקט זיא.) נעמי, דו? וואו ביסט דוא געוועזן?

נעמי: איך בין ערגיץ ניט געוועזן... אזוי ארויסגעגאנגען אויף איין ווייל... איך האב געוואלט — איך האב געוואלט קויפען טויטלען, פערקויפט קיינער ניט. שלעכטע מענשען!

אלישע: האר אוים, נאשעריין, עס וועלען קומען צייטען, ווען

דיא שלעכטע מענשען וועלען דיר פערקויפען טויטלען און פייגען און ראָזינקעס און דיא אַלע גוטע זאַכען, וואָס דוא האָסט ליעב.

נ ע מ י : פאָטער, איך מוז געהען זאָגען עטוואָס מרימי'ן, (וויל געהן), דער מאַמע'ן קען מען ניט אַזוי לייכט אָבנאַרען. ער אָבער — ער גלויבט, האַלט זיך פאַר אַ קלוגען און עס איז גאָר קיין קונץ ניט איהם אָבצונאַרען....

א ל י ש ע : האָר אויס, נעמי, איך וויל דיך עטוואָס פרעגען.

נ ע מ י : דאָס וועט זיך שוין אנהויבען... אָי ! (זיפצט).

א ל י ש ע : דוא ווייסט, נעמי, אַז איך בין ניט זעהר אַ גליק־ליכער מענש... וואָס פאַר אַ פרייד האָב איך אין לעבען און וועמען האָב איך אויסער דיך אויף דער גרויכער וועלט? איין קינד — דאָס איז אַלעס... נעמי, עס קען זיין, איך וועל גיך שטאַרבען, אָדער מען וועט מיך ערמאָרדען, טרויסט איך מיך דערמיט: — מיין קינד וועט בלייבען נאָך מיר. זיא וועט האָבען זעהנע און טעכטער, קלוגע, גוטע מענשען, דענקער און לערנער. דורך זיי וועט מיין זעעלע לעבען. דאָס איז דיא איינציגע אונשטערבליכקייט אין וועלכע איך גלויב.

נ ע מ י (אונגעדולדיג) : פאטער, וואָס ווייס איך פון אונ־שטערבליכקייט!

א ל י ש ע : ביסט גערעכט, קינד. הער, איך האָב שוין אמאָל נאַכגעפרעגט און עס האָט זיך אויסגעצייגט אַ געמיינער ליגען... און דאָך היינט האָב איך ווידער געהערט וועגען דעם רוימער...

נ ע מ י : וועגען וואָס פאַר אַ רוימער? ווייס איך! אז מען רעדט פון דיר דער רוח ווייסט וואָס? מען קען לייטישע מיילער ניט פערשטאָפען.... איין זאַך פערשטעה איך ניט: דוא זאָגסט שטענ־דיג, ביי דיר איז גלייך וואָס יוד און וואָס רוימער....

א ל י ש ע : יא, קינד. א י ך זאָג עס, אָבער דער רוימער זאָגט ניט, אַז ער איז גלייך צום יודען, און זאָלאַנג דער שטאָלצער רוימער האַלט זיך העכער פון'ם יודען, דאַרף יעדער יוד, וואָס רעספעקטירט זיך אליין ניט שטעלען זיך נידריגער פון'ם רוימער, ניט נידריגער פון קיין מענש אין דער וועלט! פערשטאַנען?

נ ע מ י : יא, איצט פערשטעה איך. (שטיל) געה פערשטעה אַ מענשען וואָס זאָגט אַהין און אַהער...

א ל י ש ע: זיא איז צו אונשולדיג און צו נארריש, מען זאל וועגען איהר קענען וואס גלויבען. אה, וועגען איהר קען איך גאנץ רוהיג זיין.

נ ע מ י (געהט אין הויז. בעאטא קומט אנטקעגען.): אה! דאס איז אפנים דיא דאזיגע, פון וועלכע דיא מאמע האט מיר דערציילט. (לויט, מיט א גרימאסע) פאטער, דוא האסט א גאסט (געהט) נאר ער מעג אלעס, אן אנדערער טאר גאר נישט (אב).

ב ע א ט א (טרויעריג): ער האט מיר צו־וויטאגט מיין הארץ און פערשראקען מיינע פרעהליכע געדאנקען. מען דארף זיך ניט צוהערען מעהר צו זיינע רייד. (פיהרט מיט'ן האנד איבער'ן קאפ.)

א ל י ש ע: בעאטא, ענדליך ביסט דוא געקומען צו מיר?

ב ע א ט א: האסט דוא מיך ערווארטעט?

א ל י ש ע: ניין! דאס הייסט, איך האב ניט געוואלט דוא זאלסט קומען און בין געוועזן בייז, פאר וואס דוא קומסט ניט.

ב ע א ט א (ווערט פרעהלאך): פאר וואס זיצט דוא ניט דא? דאס האב איך דעם טעפיך פארבערייטעט פאר דיינע פים. (קוקט אויף איהם) אה, גרויסער מענש, קיינער זעהט ניט, אבער מיין הארץ פיהלט וויא טיעף דיינע שמערצען זיינען איצט.... דוא ליידעסט שטארק, הא?

א ל י ש ע (קוקט זיך אום): איך זעה, דאס דוא האסט אלעס דא אויפגערוימט. עס איז גאר אנדערש. אה, בעאטא, וויא גליקליך איז דער מענש, וואס האט א ליעבענדע האנד, וועלכע זארגט פאר איהם. א האנד, וועלכע מען קען צודריקען צום הארצען, ווען עס איז פערוואונדעט. קינד, קענסט דוא בעגרייפען, וויא שרעקליך עס איז א גאנצעס לעבען פערבלייבען אליין, אן אבגעזונדערטער, א פרעמדער? (זיין שטימע האט זיא געריהרט. זיא גיט א וויין און בעהערשט זיך באלד).

ב ע א ט א: יא, איך בעגרייף עס און וואס איך בעגרייף ניט, פיהל איך. ביסט וויא א גרויסער פעלז אין א וויסטע... ארום דיר געפינען זיך קליינינקע זעמדילאך... גרויסע געדאנקען טראגסט דוא אין דיין געטליכען קאפ, ווער קען זיי אפשעצען? טיעפע געהיימניסע פערבארגסט דוא אין דיין מעכטיגע ברוסט, ווער קען זיי

ערקלערען? אה! ערלויב מיר מיט מיין שוואכע האנד ווען עס איז שטיצען דיין שווער בעלאסטיגטען קאפ... ערלויב מיר מיט מיין אונווירדיגע אויג צו זעהען דיך וויא דוא ביסט אין דער ווירקליכקייט, ניט וויא דוא שיינסט צו זיין פיר דיא אלע פרעמדע... איך וייס, אז אונטער דעם געשטאלט פון דיעזען אבגעזונדערטען, שטאלצען, צארניגען, אלעס קריטיזירענדען און אבשטויסענדען מענשען איז פערבארגען איין אנדער מענש, א גוטער מענש, א ליעבענדער, א צארטער, א גוטהערציגער, א גרויסמוטהיגער, א ליידענשאפטליכער... דוא ביסט פערשלאסען אין זיך אליין — עפען מיר אויף דיין הארץ, ליעב מיך! איך וויל דיר אפפערען מיין לעבען, מיין זעלע, מיין הארץ... קענסט דוא מיך ניט ליעבען?

אלישע: אָה, קינד, זאגאר נאר דערפאר אליין וואס דוא ליעבסט מיך אזוי און פערשטעהסט מיך, דערפאר אליין קען מען און מען דארף דיך ליעבען. (גיט זיא פלוצלונג א שלעפ צו זיך ליידענשאפטליך), אונגליקליכע, איך וועל דיך פארברענען, וויא דיא זונן פארברענט א צארטע בלום! איך וועל דיך צוברעכען, וויא א שטורם־ווינד צוברעכט א יונגען בוים!

בעאטא: יא! יא! פערברען מיך! צוברעך מיך! אה, וויא גליקליך איך בין! (זיא פארדעקט איהרע אויגען. א פויזע.)

אלישע (לאזט זיא אב): ניין, בעאטא, איך האב קיין רעכט. מיין לעבען איז יעצט צו פערפלאכטען און איך דארף ניט וואגען ארייגצופלעכטען אין דיעזער אונזיניגער טראגעדיע נאך איין יונגעס לעבען. דאס וואלט געוועזען צו אייגענזיכטיג, צו גרויזאם, צו אייגענוציג. ניין! ניין! אין קיין פאל אין דער וועלט ניט! (זעצט זיך פון דער ווייט און זיפצט שווער.)

שמעון (מען הערט זיין שטימע פון הויז): דיא וועלט איז א הרוב'ע ארימע שטוב, דאס לעבען ניט מעהר וויא א פינסטערע גרוב... קיין פרייד און קיין גליק איז ניטא אויף דער ערד.

בעאטא: אה, אונגליק! אונגליק! דער וואס פרעדיגט לעבען, שטויסט מיך אב פון זיך, און דער וואס פרעדיגט טויט ציהט מיך צו זיך צו. (פערדעקט איהר געזיכט. בתבורית קומט אן.)

בתבורית (קאיט וואס): נעמי, איך האב דיר געקויפט טויטלען. (כאפט אריין נאך א טויטעל אין מויל, דערזעהט אלישע'ן) הער,

וואס זאגסט דוא צו אבנימוס'ן? ער האט מיך בעגעגנט און האט מיר געגעבען געלד. הא? אאו! זיא דא?

אלישע: ששש! איך בעט דיך, מאך ניט קיין ליארעם און בעליידיג ניט א מענשען אומזיסט.

בתבורית: א מענשען! אי, אזא חוצפה וועל איך ניט איבערטראגען! צו מיר אין הויז! צו מיר אהיים!....

בעאטא (מאכט זיך פארטיג צו געהן): פערגעסט ניט, עס איז ניט נאר הויז און אייער היים. עס איז אויך זיין הויז.... ליידער, פערגעסט איהר דאס צו אפט!

בתבורית: אונפערשעהמטע פרוי! איך טרעף דיך דא ביי מיר מיט מיין מאן און דוא האסט נאך א העזה צו ריידען? (אלישע וויל זיא פערהינדערן צו מאכען א סקאנדאל).

בעאטא: ער איז אייערער? פאר וואס? קענט איהר איהם? ליעבט איהר איהם? פערשטעהט איהר איהם? אינטערעסירט אייך זיין חכמה, זיין גרויסקייט? טהוט אייך וועה דיא הארץ, ווען ער ליידעט? קימערט עס אייך, ווען ער ווערט ערנידריגט? זיינע ערהאבענע געדאנקען, זיין גרויסער מוטה, זיין אייזערנער ווילען, זיין ענערגיע, זיין קוראזש, — אלעס איז דאך ביי אייך ניט ווערטה קיין פרוטה! ווען פון זיין מויל גיסט זיך א גאלדענע דרשה — געניצט איהר, און ווען ער איז מיט דיא געטער אין דיא הימלען, זייט איהר ביי דער שיסעל מיט יויך: איהר זייט צוואנציג יאהר געווען לעבען איהם און איהר זייט ווייט פון איהם, וויא דיא ערד איז ווייט פון'ם הימעל. אויב ער איז אייערער, ווארום זייט איהר איהם א פרעמדע?

בתבורית: אזוי? ער האט דיר דערציילט אויף מיר, געקלאגט זיך פאר דיר, הא? זעהט, צו וועמען ער האט מיך פערקלאגט דא! ארויס פון דאנען! שוין ארויס!

בעאטא: ער האט זיך געקלאגט? איהר האט געדארפט צוואנציג יאהר דיענען ביי אייער דיענסט, וואלט איהר אם וועניגסטענס פערשטאנען איהם אזוי פיעל, וויא פיעל זיא פערשטעהט.

בתבורית (וויינט): וועניג צרות האב איך פון דיר, האסט דוא מיר געבראכט אין שטוב אריין א נייע פרעניות!...

ב ע א ט א : אונגליקליכע, נעבאך... ערשט געקאיט זיסע טויטלען און איצט גיסט זיא ביטערע טרעהרען!... שש! איך געה, אָבער נאָר ווייל ער וויל איך זאָל געהן. (אב.)

ב ת ב ו ר י ת : איך וועל לאנג פון דיר ניט דולדען. מען איז ניט מעהר וויא א לעבעדיגער מענש און דיא גאל קען פלאצען ביי יעדען! (אב אין הויז אריין).

א ל י ש ע : יא, וויא שעהן און געטליך דיא ליעבע זאָל ניט זיין, זיא ברענגט אונז גליק נאָר ביי גינסטיגע אומשטענדען.... ווען אָבער דיא אומשטענדע זיינען אונגינסטיג, ברייננט זיא נאָר איבּ־ריגע, אומזיסטע ליידען און שמערצען. (טוביה און שמעון קומען פון הויז.)

ט ו ב י ה : נייער כמעט אביוני, זיצסט דאָ גאָר אליין?

ש מ ע ו ן : קיינער פון אונז זיצט ניט אליין. מיט יעדען פון אונז זיצט אונזער פאטער אין הימעל. (בתבורית קומט ראַש צוריק).

ב ת ב ו ר י ת : יא, בעל תכלית מיינער, מען זאָגט דאָך, דער גוי, דער פריינד דיינער, פאָהרט הייננט אוועק..... ווער וועט בע־צאָהלען דאָס געלד?

א ל י ש ע : איך מיין, ער וועט קומען און וועט בעצאָהלען....

ב ת ב ו ר י ת : און טאָמער ניין, איז גאָר ניט?

א ל י ש ע : נו, יא, פון גאָר נישט, קען מען גאָר נישט מאכען....

ב ת ב ו ר י ת : נו, און וואו זיינען דיינע געסט? וואו זיינען דיינע פריינדע? יא, נאָר בעטלער און עבודה־זרה'ניקעס וועלען איצט דיינע געסט זיין. אוים! ניטאָ קיין וויין, ניטאָ קיינע מאכלים! וועסט פלעפלען מיט זיי דיא עבודה זרה!

ש מ ע ו ן : אלעס איז פאַרבערייטעט דאָרט ביי אונזער פא־טער אין הימעל.

ט ו ב י ה : ניטאָ קיין וויין גאָר? זאָלען נאָר דיא געסט קו־מען. מיר האָבען א טהייערע, א געזונדע, א קלאָרע משקה, וויא זילבער! (נעהמט א קרוג וואסער פון פאנטאן און שטעלט אויפ'ן טישעל) ניטאָ קיין מאכלים? ווער האָט געזאָגט? גיב א קוק אהער, דוא אונצופריעדענער מענש! (נעהמט ארויס פון זיין זאק דריי עפעל) זעהסט? דריי רויטהע, שעהנע עפעל, וויא גאָלד, פונקט וויא דריי

געשטאָפּטע קעלבער! וועלען קומען זעקס געסט, וועלען מיר צו־שניידען יעדען עפּעל אויף צוויי. צוועלף? שוועסטעריל, קען מען דאָך יעדען עפּעל צושניידען אויף פיער טהייל. (לעגט דיא עפּעל אויס) און טאָמער ווילען דיא געסט מוזיק זאָל זיי שפּיעלען? נו, איז ניטאָ? נעהם איך מיין קליינינקע פּייפעלע און שפּיעל זיי אַ זמר צו גאָט. וועלען זיי פאָדערען עטוואָס בעסערעס, געטליכעס? וועלען מיר זיי בעטען, זיי זאָלען צוזאַמען מיט אונז קוקען אויף דיא בלויע הימלען, וואָס דער גוטער גאָט האָט פערשפּרייט איבער דיא קעפּ פון אַלע געסט, און מיר וועלען אַלע זיצען, דיינקען און שוויי־גען — און טאָמער... (א געראַוש).

בתבורית: שששש! בעטלער, שווייג שוין בעסער, איך הער אימיצער קומט. (קוועזיטאר קומט מיט א בוקעט בלומען) אלישע, זעה נאָר, דיינער געהט דאָך טאַקע....

אלישע: זעהסט? ניין, מען דאַרף ניט דיינקען נאָר שלעכ־טעס פון יעדען מענשען (קוועזיטער ראש אריין אין גארטען.)

קוועזיטער: וואָס מאַכען מיינע פריינדע? וויא געהט עס? וואו איז אייער ליעבענסווירדיגע טאָכטער? איך רייזע היינט אָב און וויל אויך פון איהר אבשיעד נעהמען... דיעזע בלומען זיי־נען פיר איהר....

בתבורית (שרייט): נעמי! קום אהער, טאָכטער! (נעמי קומט, קוועזיטאר געהט איהר אנטקעגען).

קוועזיטאר: הויכווירדיגעס מעדכען... (נייגט זיך העפ־ליך, גיט איהר דיא בלומען).

נעמי (שטיל): איך בין געווען ביי דיר און האָב דיך ניט געטראָפען.

קוועזיטאר (שטיל): זיי פאָרבערייטעט. דיא לעגיאָנען טרעטען באַלד אַרויס. ווען דוא וועסט דערהערען אידישע מוזיק.... דיר צוליעב און דיא יודען אויף צו להכעיס האָב איך געהייסען שפּי־לען א יודישען מארש... זאָלסט זיין לעבען דיא דריי בוימער...

אלישע: אלזאָ, הייסט עס, איהר פערלאָזט אונז?

קוועזיטאר: יא, היינט, באַלד... איך בין אייך נאָר געקומען זאָגען מיין לעבע וואָהל....

נעמי: איך וועל אַוועק טראָגען דיא בלומען אין מיין צי־

מער, (שטיל) איך בין אזוי ערשראָקען — זיי וועלען נאָך דער־קענען.... (אב צוריק).

ב ת ב ו ר י ת : נו, און ווען וועט איהר אונז בעצאָהלען אונ־זער געלד? (אלישע מאכט א צייכען זיא זאָל שווייגען).

ש מ ע ו ן : אונזער פאטער אין הימעל וועט בעצאָהלען יעדען, וואָס איהם קומט.

ק ו ו ע ז י ט א ר: ווי? איהר רעכענט דאס פאר א חוב! זעהט איהר, אייער מאַן פערשטעהט שוין בעסער.... ער זאָגט מיר גאָר נישט וועגען צאָהלען...

א ל י ש ע : וואס דארף איך זאָגען? איך האָב ניט געצוויי־פעלט, אז אן עהרליכער מאַן וועט האלטען זיין עהרענוואָרט....

ק ו ו ע ז י ט א ר : אזוי? און איך האָב געמיינט, איהר וועט האָבען טאקט גענוג זאָגאר ניט דערמאָנען דאס מיזעראַבלע געלד... איך האָב געקענט איהם אַליין שיקען קיין רוים אָדער פערקויפען דאָ און זיין גאנצעס פערמעגען קאָנפיסקירען. מיר דארפען דאָ גאָר ניט בעטען און ניט באָרגען — אלעס וואס געפינט זיך דאָ בע־לאנגט צו אונז רוימער.... דאָך, איך האָב איהם גערעכענט פאר אן אנשטענדיגען מענשען, האָב איך ביי איהם גענומען אין אן אנשטענ־דיגען וועג....

ב ת ב ו ר י ת : אָי, א שלאָג האָט מיך געטראָפען!

א ל י ש ע (סארקאַסטיש) : ער האָט מיך גערעכענט פאר איין אנשטענדיגען מענשען! דאָס איז זעהר פיין פון איהם!

ק ו ו ע ז י ט אָ ר : יא, איך האָב זיך אזוי פיעל יאָהר געפלאָגט אין דער פערפלוכטער יודעא, דארף איך קומען צוריק אין רוים מיט גאָלד, שקלאַפען און אַלעס גוטעס... און איך דארף לעבען וויא עס פאַסט פיר א רוימער און פאַטריציער...

א ל י ש ע : סטאַיקער, און וואו איז דיא פילאָזאָפי?

ק ו ו ע ז י ט אָ ר : פילאָזאָפיע איז גוט, ווען מען האָט לוקסוס דערצו... הערסט? איך האָב געקענט יעדען טאָג זיי ברענען, שינ־דען פון זיי לעבעדיגערהייט דיא הויט, מאַכען זיי פאר שקלאַפען און זיי מאָהנען גאָר דאָס געלד! פוי! וויא אונדאנקבאר און געלד־גייציג דיא יודען זיינען.... (געהט ראש) עס פרעהט מיך זעהר, מעהר ניט האָבען מיט זיי וואָס צו טהאָן....

ב ת ב ו ר י ת: געוואלד! הערט אונזער אונגליק!...

ק ו ו ע ז י ט אָ ר: רייד נאָך איין וואָרט!... דיא סאָלדאטען ווילט זיך זעהר פאר'ן אוועק געהן א שטיעף טהאָן! (אב. אלישע בלייבט זעהר נידערשלאָגען.)

ב ת ב ו ר י ת: גזלן! רוצח! פרא אדם! פאר וואָס שווייגסט דוא?

א ל י ש ע: נאָר שוואכע און דומע מענשען שרייען דאן, ווען מען קען מיט'ן שרייען גאָר ניט העלפען.

ט ו ב י ה: שוועסטעריל, זיי גוט צו איהם.... דיא וואס שרייען, פילדערען אריין זייער שמערץ צו'ן אן אנדערן... דער וואָס שווייגט... טראָגט אליין אין זיך אלע שמערצען און ווייטאָגען.. ער שווייגט. איהם איז זעהר שווער....

ש מ ע ו ן: פון אלעס וואס עס איז שווער, קען מאכען גרינג אונזער פאטער אין הימעל....

ב ת ב ו ר י ת: דיין נייער קרוב בעט איך זאָל דיך צו רוה לאָ־זען. הער זשע, גביר מיינער, בעליעבטע פערזאָן, געאכטעטער יוד! דוא הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען. איך בלייב דאָ ניט מעהר! איך געה לעבען מיט מיין ברודער, וועלכער איז א יוד, וויא אלע יודען.... איך האָב געזאָגט נעמי'ן וויל זיא פלוצלונג בעסער בלייבען מיט איהר ליעבען טאטען.

א ל י ש ע : ליעבעס קינד... עטוואָס בלייבט מיר דאָך...

ב ת ב ו ר י ת: איך געה, איך דארף ניט און איך וויל ניט זיין אין חרם! איך האָב דאָס לאַנג געדארפט טהאָן. נאָר איך האָב גע־וואָלט דוא זאָלסט זעהען מיין גוטסקייט און בעסער ווערען. איך זעה, דיר ועט שוין קיין זאך ניט העלפען... אלע יודען זאגען, עס איז א חטא און א שאנדע צו בלייבען מיט א מענשען, פון וועלכען גאָט און לייט האָבען זיך אבגעקעהרט... צוליעב וואָס און צוליעב וועמען זאָל איך ליידען צרות? (וויינט) ווען נעמי וועט דארפען מיך זעהן, וועט זי קומען צו מיר, אחר! מיין פוס וועט דיין שוועל מעהר ניט אריבער טרעטען! (ראש אב).

(אלע בלייבען זיצען שטיל, דיא זון פאנגט אן זיך זעצען, איין יוד געהט פערביי, קוקט אריין אין גאָרטען און פערשווינדעט).

ט ו ב י ה: ברודער, עס טרייסעלט? האלט זיך שטארק. מע פאלט ניט, ביז מע פאלט ביי זיך אליין ניט אראָפּ...

אליש ע: נאַרר, ווען דיא גאַנצע וועלט וועט מיר שרייען אחר, בין איך און וועל דאָך בלייבען אלישע בן אבויה! ווען דיא גאַנצע וועלט זאָל מיך פערלאָזען, וועל איך דאָך זיך ניט ענטזאַגען פון דעם וואָס איך האַלט פיר רעכט... חע! צולאָפען זיך פון מיר!... נו, צו מיין פרוי קען איך קיין טענות האָבען, זיא איז דאָך מיר ניט געוועזען קיין פריינד, — זיא איז נאָר געוועזען מיין פרוי... אָבער מיינע פריינדע?

שמעון: אָה, מענש, פאַר וואָס ווילסטו ניט קומען צו דיין איינציגען פריינד אין הימעל?

אליש ע: האָסט דוא שוין דעם פריינד דיינעם ווען עס איז געליהען געלד? אויב מיר קענען זיך אָבנאַרען אין א פריינד, וואָס מיר זעהען, הערען, בעאָבאַכטען... ווילסט דוא מיר איינרעדען, אַז דוא נאַררסט זיך ניט אָב אין דיין פריינד וועלכען דוא זעהסט ניט, קענסט ניט, בעאָבאַכטעסט ניט, בעגרייפסט ניט... (בייז) דוא אויסגעדאַרטע נשמה! דוא האָסט אפשר א גוטע שטיממע צו זינגען תחינות מיט ווייבער.. דוא האָסט אָבער װעניג געהירען צו ערקלעהרען מיר, ווער איז דער פאָטער אין הימעל!..

טוביה: זיי ניט בייז, ברודער... איך ווייס, דוא ביזט ניט קיין שלעכטער, דוא ווילסט נאָר זיין א שלעכטער, ווייל דיר נעבאך איז שלעכט... ער אָבער איז נעבאך א שוואכער, לאָז אוים דיין כעס צו מיר...

אליש ע: ניין, איך וויל זיין גוט צו אייך... צו דיר, געוויס, אביוני, איך זעה, האָמער'ן איז ניטאָ היינט פאַר ווענען צו לעזען... און אונזערע משקאות און מאכלים, ווי איך זעה, וועט אויך קיינער ניט בעריהרען. (פּלוצלונג ווייט א אידישער מארש) דיא לעגיאָנען! הם! אביוני! דו ווייסט, — זא לאַנג דיא לעגיאָנען מארשירען, געהט דער מענש ניט. (נעמי קומט אין א מאַנטעל).

נעמי: (אונשולדיג) פאטער, קען איך געהן זעהען, וויא דיא סאָלדאַטען מאַרשירען? איך וועל שטעהן פון דער ווייט... אָט דאָ לעבען אונזער הויז...

אליש ע: גוטעס, נאַרישעס קינד, וואָס איז דאָרט דאָ, וואָס צו זעהען?

נ ע מ י : אַללע לויפען זעהען, וויל איך אויך זעהען...

א ל י ש ע : אַ ל ל ע ! אַט דאָס אַליין איז דאָך דיא בעסטע איבערצייגונג, אַז דאָס איז געווים איין אונזינן... אויף אַ קורצע צייט קענסט דוא געהן... און, זעה קינד, זיי פאַרזיכטיג...

נ ע מ י : יא, פאַטער, איך וועל זיין פאַרזיכטיג... (געהט, בלייבט שטעהן אַ מינוט) ווילסט אפשר ניט איך זאָל געהן ?

א ל י ש ע : פאַר וואָס ניט ? געהסט דאָך אויף אַ ווייל'ע...

נ ע מ י : (קוים וואָס זיא בעהערשט זיך) יא, פאַטער, אויף אַ ווייל'ע... (שטיל) אוי, ווער איז מיר ! (לאוט) אָבער וויל דוא ביזט היינט אַזוי טרויעריג... זאָל איך געהן פאַטער ? האָסט היינט געהאַט צו פיעל יסורים... אויב דוא ווילסט, גיעב מיך אַ קוש...

א ל י ש ע : קינד, האָסט רחמנות אויף'ן טאַטען? ביזט דוא דאָך טאַקע אַ גוטעטשקע... (אומאַרמט זיא און קושט, זיא קושט זיין האַנד. ווייגט, געהט אָב וויינענדיג, אָבער אַזוי עס בעמערקט קיינער ניט. דער פאַטער איז ענטציקט). אביוני, דו ביסט גערעכט, דער מענש דאַרף ניט פערצווייפלען. עס בלייבט נאָך שטענדיג גענוג פרייד אין לעבען ! (מאַרש נעהענטער. עס ווערט דונקעלער)

ט ו ב י ה : איך זעה פון דיינע רייד, דוא הויבסט שוין אָן ווערען רייך... איצט ערשט ועסט דוא האָבעי פריינדע. פריהער ביזט דוא געוועזן גרויס, איז קיינער דיר ניט געוועזן גלייך, איצט אָבער ווערסט דוא קלענער, וועלען פיעלע דיך גלייך זיין. און ברודעריל מיינער ווען אַמאָל אַז אַללע, אַללע וועלען זיין גלייך וועלען אַללע זיין גליקליך. און ווען אַללע וועלען זיין גליקליך, וועלען אַללע זיין גוט, און ווען אַללע וועלען זיין גוט, וועט ניט זיין קיין שלעכטעס אויף דער וועלט.

א ל י ש ע : שוטה, ווען דיא צייט וועט קומען וועט קיין מענשען ניט זיין אויף דער וועלט. עס וועט זיין נאָר, אָדער מלאכים, אָהן בהמות, קיין מענשען ניט !

ש מ ע ו ן : נאָר דורך תפילה תשובה וצדקה קענען אַללע ווערען גלייך ביי אונזער פאַטער אין הימעל. (מאַרש ווייטער און ווייטער. שפּיעלט פיאַנא ביז ענדע אַקט.) (עס ווערט דונקעל. מאַנד שיין).

(אלישע פערדעקט זיין געזיכט. עס ווערט שטיל. פּאוזע).

ט ו ב י ה: נייער גביר, וואָס איז דיר? דאָס האָרץ הא? איך פערשטעה און פיהל עס... דוא דענק יעצט בעסער וואָס ווענינער... הער, וואָס זאָל איך דיר זאָגען א גוטע זאך? ווילסט הערען? איך וועל דיר שפּיעלען אויף מיין פייפעלע (נעהמט זיין פייפעלע).

א ל י ש ע: אביוני, איך בין דיר מקנא! עס דאַרף זיין א גרויס גליק קענען אויסדריקען דיא געדאַנקען פונ'ם קאָפּ און דיא וועהטאָגען פון האַרצען דורך שעהנע, זיסע טענער... (וויא טוביה וויל נאָר אָנפאַנגען שפּיעלען, הערט מען בעאַטא'ס שטיממע, לויפט אריין)

ב ע א ט א: וואו זייט איהר דאָרט? ר' אלישע בן אבויה!... אום גאָטטעס ווילען, פערליערט קיין אויגענבליק! איך האָב ערשט ערפאַהרען, אַז פיעלע יודישע מיידלאך און אויך אייער נעמי זיינען אַוועק מיט דיא רוימישע לעגיאָנען... גיכער, אפשר איז נאָך מעגליך זיי צו רעטען! (מוזיק הערט זיך גאַנץ ווייט)

א ל י ש ע: הא? נעמי? ! דאָס קינד אויך? רופט זיא צוריק! קערט זיא אום צוריק! (לויפט פאָרט שרייענדיג: נעמי! נעמי! נאָך איהם בעאטא, טוביה, שמעון, אויך מרימי לויפט פון הויז און נאָך זיי. פּאוזע, מע הערט פון ווייט נאָך אלישע'ס שטיממע: נעמי!

(איין יוד מיט פיעלע אַנדערע קומען וויא אַ שטורם־ווינד, צוברעכען דעם פאַנטאַן, צו־וואַרפען דאָס מעבעל, —רייסען אויס דיא בלומען און צינדען אונטער דאס הויז).

א י י ן י ו ד: אחר הרשע! מיר געהערט דיא מצוה! וויא איהר זעהט מיך אַ מענשען אויף דער וועלט! (לויפען אַללע פאָרט).

(דאָס פייער ווערט גרעסער... ווייט הערט זיך דער מאַרש).

א ל י ש ע: (מע הערט זיין שטיממע לאוט) נעמי! (פּאוזע. מע הערט נאָך ווייטער). נעמי! (צום לעצטען מאָהל הערט מען זיין שטיממע מיט פערצווייפלונג און געוויין) נעמי! נעמי!...

(מוזיק גאַנץ ווייט, קוים וואָס מע הערט. דאָס פייער ברענט שטאַרקער).

פ אָ ר ה א נ ג.

## פיערטער אקט.

(דער זעלבער גארטען. איין בוים איבערגעבראכען, דאס צווייטע שטעהט מיט אבגעברענטע צווייגען. דער פאנטאן צובראכען. איין צובראכענער דיוואן און א פאאר צוגעברענטע טאבורעטען. דאס הויז האלב חרוב און פערברענט. דיא גראטיעס צוגעברענט. קיינע בלומען. חאר זינגט אין הויז גאנץ פיאנא:)

טרעהרען און געבעט איז אונזער איינציגער פרייד
אונזער איינציגע ציהרונג איז פון תשובה א קלייד.

**א. ז. וו.**

(מרימי קומט פון גאס מיט צוויי קרוגען וואסער, שטעלט זיי ביידען אנידער: כאר הערט אויף צו זינגען.)

מ ר י מ י : פו! אמאל האבען מיר געהאט וואסער אונטער דער נאז און איצט, שוין העכער פיער חדשים אז איך דארף טראגען... א שעהן שטיקעל ארבייט פאר מיר אויף דער עלטער. (א גערויש) הא? ווער איז דארט? (מאיר קומט, נאך איהם איין יוד טראגט א גרויסען קארב פול מיט פראוויזיע, נאך זיי עטליכע נייגעריגע).

א י י ן י ו ד : קוים דערשלעפט, וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט! (שטעלט אוועק דעם קארב, געהט אוועק און זעצט זיך).

מ א י ר : מרימי, מיר האבען דיר געבראכט אללעס נויטיגעס. דא האסט דוא עטוואס געלד (גיט איהר געלד) עס דארף אין הויז קיין זאך ניט פעהלען... וואס טהוט ער? וויא פיהלט ער?

מ ר י מ י : ער זיצט גאנצע טעג איבער זיינע גריעכישע ביכער און לערנט תורה...

מ א י ר : קלאגט ער זיך פאר דיר אפשר?

מ ר י מ י : ער קלאגט זיך ניט, חלילה, נאר ביי נאכט שלאפט ער ניט. ווען איך זאל זיך ניט אויפכאפען, הער איך זיינע שווערע טריט. ער געהט אום איבער זיין צימער אהין און צוריק אזוי וויא א געפאנגענער לייב.

מ א י ר: (שטיל) וויא ריכטיג אן איינפאכער מענש בע־מערקט. ער איז א געפאנגענער לייב. מרימי, פרעגט ער דיך וועגען וועמען עס איז?

מ ר י מ י: ניין! ער זארגט נאר, וואס וועט ווערען פון זיין קינד, פון זיין נעמי. ער פרעגט אפט וועגען דעם אלטען אביוני, ער האט איהם זעהר ליעב געהאט דעם אלטען. אין יענער שרעקליכער נאכט, ווען ער איז ארויסגעלאפען נאך דיא לעגיאנען, איז ער אוועק און אוועק און ניטא.

מ א י ר: קיין גרעסערער שאדען זאל זיך ניט טרעפען. וועט זיין ווענינער מיט אן אביוני.

מ ר י מ י: יא, ער פרעגט מיך אפט, פון וואנען נעהמט זיך דאס אלעס אין הויז.

מ א י ר: בעהיטע גאט, זאלסט איהם ניט זאגען. ער דארף ניט וויסען. מרימי, זאג איהם ניט, אז איך בין דא געווען. איך וועל איהם קומען שפעטער זעהן. (געהט).

א י י ן  א י ד: (שטעהט אויף) מען דארף אויפשטעהן פאר א תלמיד חכם.

מ א י ר: הייסער עזריה, זאלסט דא ניט האלטען קיין מלחמה מיט דער אלטער שמרונית! (אב).

א י י ן  א י ד: ניין, רבי! איך וואלט שוין לאנג געמאכט א תל פון'ם גאנצען נעסט משומדים, וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט! נאר אז ר' מאיר זאגט, מען דארף נאך ניט, ווייסט ער דאך דעם דין מין התורה. ר' מאיר איז איצט דער גרעסטער בקי אין לערנען, ער וועט זיצען אויף ר' עקיבא'ס שטוהל. איך ווייס אלעס, ווארום איך רייב זיך ארום דיא תלמידי חכמים און בין כמעט אליין א תלמיד חכם געווארען, וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט. למשל, דוא ווייסט, וואס איז פרדס? איא ניין? דאס איז דיא זעלבע זאך וואס מעשה המרכבה, דוא ווייסט וואס דאס איז? איא ניין? דאס איז דאס, וואס איז שוין אריבער דער וועלט, פון יענער זייט וועלט... א מענש טאר אהין ניט קוקען, חלילה וחס! בן עזאי, בן זומי, ר' עקיבא און אחר הרשע האבען דאך אהין אריינגעקוקט. נו! נו! איז טאקי נאר ר' עקיבא ארויס א גאנצער פון דארטען. איינער איז געשטארבען, דער צווייטער איז משוגע

געוואָרען און אחר האט א קוק געטהאָן און האט אנגעהויבען צוברע־
כען דיא צווייגען פון דער מעשה המרכבה. דוא פערשטעהסט, דיא
מעשה המרכבה האט צווייגען, וויא דוא זעהסט מיך א מענשען אויף
דער וועלט. איך בין כמעט וויא איין געוואָרען דערביי. דאס אלעס
האב איך אליין געהערט מיט מיינע אויערן פון א תלמיד חכם. אזא
משומד וויא אחר און האט אויך אריינגעקוקט. דוא שפּיעלסט זיך
מיט איהם? ווען ער זאָל ניט אריבער אין שמד, וואָלט ער געווען
דער גרעסטער מרבנן „ודרמננו". אי! אז איך דערמאָן מיך, וואָס
ער האט געטהאָן געגען גאָט ב"ה, וואָלט איך דאכט זיך!... נומיר
בעסער אוועקגעהן, וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער
וועלט! (אללע אב, מרימי קומט און שלעפּט מיט גרויס מיה דעם קאָרב).

מ ר י מ י: ר' מאיר איז דאס א בעלן אנצוברענגען... עס איז
גוט וואס אונזערע שוועסטער און ברידער העלפען אונז צו פער־
צעהרען... א גוטער מענש, דער ר' מאיר, אז ניט ער. אה, אָט קומט
שוועסטער בעאַטאַ (בעאַטאַ קומט געקליידעט אין א שוואַרצע דאמינא,
קיין ציערונג. זיא טראָגט אין האַנד א הילצערנע שאַכטעלע). שוועסטער,
ברודער שמעון האט שוין צוויי מאָל געפרעגט אויף דיר.

ב ע א ט א: פריעדען צו דיר, מרימי, איז שמעון יעצט דאָ?
(זיא רעדט שטיל און געלאַסען).

מ ר י מ י: יא, אלע ברידער און שוועסטער זיינען פערזאַמעלט
ביי מיר אין אלקער און שמעון רעדט. אי, א פערגניגען, וואס פאַר
א פערזאמלונג. אלע האבען געוויינט מיט צובראָכענע הערצער און
איין שוועסטער האט מען אזש געדארפט אבגיסען מיט וואסער.

ב ע א ט א: מרימי, רוף מיר ארויס אהער דעם ברודער שמעון.

מ ר י מ י: שוין, שוועסטעריל, מסתמא וויל דאך אזוי גאָט
אונזער הארר (אב צוריק אין הויז).

ב ע א ט א: (קוקט אויפ'ן הויז) ווענען איהם האב איך מורא
געהאַט צו פרעגען... וויא איך דערמאָן זיין נאמען, ערוועקען זיך אין
מיר דיא אלטע זינדיגע געפיהלע. און דאס הארץ הויבט אָן נאָגען
און שמערצען. וואס טהוט ער יעצט דאָרטען איינער אליין? אי,
מיין ארעמעס, שוואכעס הארץ, ווארום קען איך דיך ניט אין גאנצען
בעזיעגען! (א גערויש. זיא לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ. שמעון קומט.) פריע־
דען צו דיר, ברודער שמעון.

ש מ ע ו ן: מיט פריערדן עמפפאנג איך דיך. שוועסטער, אין'ם נאמען פון אונזער פאטער אין הימעל.

ב ע א ט א: דא אין שאכטעל זיינען אלע מיינע רינגען, מיין גאנצע ציערונג. איך דארף עס ניט מעהר. איך גיעב עס אב פאר אונ־זערע ארעמע פערפאלגטע ברידער און שוועסטער אין סאלאניקי.

ש מ ע ו ן: (נעהמט דיא שאכטעל גלייכגילטיג) האסט שוין לאנג געדארפט אוועקגעבען דיא אלע נארישקייטען. דעם שטן'ס קלאפער־געצייג... קום אריין, מיר האבען א פערזאמלונג.

ב ע א ט א: ניין, איך קען ניט. איך דארף ניט געהן אין זיין הויז. איך מוז דיר דיא וואהרהייט זאגען, איך האב מורא איהם צו בעגעגענען. אין זיין געגענווארט איז מיר שווער צו בעהערשען זיך.

ש מ ע ו ן: ערשטענס, זיצט ער אויבען דארט און אינטערע־סירט זיך, ליידער, זעהר וועניג מיט אונזערע פערזאמלונגען. דער אונגליקליכער מיינט, אז שכל איז א וויכטיגע זאך. צווייטענס, ענטלויפען פון דעם בעל הנסיון איז א שוואכהייט און א זינד. מיר דארפען דעם יוצר הרע קוקען גלייך אין דיא אויגען אריין און צייגען איהם, דאס ער האט איבער אונז מעהר קיין מאכט ניט. דאס איז דער הייליגער ווילען פון אונזער פאטער אין הימעל. (א גערויש).

ב ע א ט א: (ערשראקען) ברודער, איך הער זיינע טריט. ער געהט אהער!

ש מ ע ו ן: עס מאכט ניט! בלייב און זיי פעסט וויא אונזער ערלעזער. ווען דער שטן האט איהם געטראגען איבער דער וויסטע!
(אלישע קומט מיט א בוך, ארעם געקליידעט, פערעלטערט און בלאס, האלט זיך דאך מאיעסטעטיש. בעאטא גיט אויף איהם א קוק און פערברעכט דיא הענד).

א ל י ש ע: דאס הארץ האט מיר געזאגט, אז דוא ביזט דא. איך האב ניט געהערט, נאר איך האב געפיהלט דיין שטימע. בעאטא, איך האב דיך ערווארטעט יעדען טאג און דוא ביזט ניט געקומען. (ער זעצט זיך).

ש מ ע ו ן: זיא האט ניט געקענט קומען — זיא איז געוועזען מיט איהר פאטער אין הימעל...

א ל י ש ע: (בייז) איך וויל, דוא זאלסט געהן אויף א צייט צו דיין פאטער אין הימעל! איך דארף דא בלייבען מיט בעאטא'ן אליין.

ש מ ע ו ן: שוועסטער בעאטא, איך געה און קום באלד צוריק. וויא דוא ווערסט נאר אנפאנגען צו פיהלען זיך שוואך. רוף דיא הילפע פון אונזער פאטער אין הימעל. (אב, אין הויז אריין. פויזע.ביידע שווייגען).

א ל י ש ע: בעאטא, ווארום שווייגסטו? (זיא שווייגט) ווארום שווייגסטו, בעאטא?

ב ע א ט א: איך קען ניט רעדען, טרעהרען שטיקען מיך. (קוים וואס זיא בעהעררשט זיך ניט צו וויינען).

א ל י ש ע: ווען אלע זיינען אוועק פון מיר, האסטו מיך אויך פערלאזען. האסט מיך פערגעסען, בעאטא?

ב ע א ט א: ווען איך וועל דיך פערגעסען, זאל מיין נאמען פערגעסען ווערען פון דער וועלט... ניין, פערגעסען דיך — דאס איז איבער מיינע קרעפטען.

א ל י ש ע: בעאטא, איך וויל מיט דיר רעדען גאנץ אפען, איך האב דיא לעצטע צייט זעהר פיעל געדענקט פון דיר, אבוואהל זאגאר דאן, ווען דוא האסט געמיינט, אז איך דענק ניט פון דיר, ביזט דוא אויך ביי מיר אין דיא אנדענקען געוועזן... איך האב זיך יעצט אליין דיא פראגע געשטעלט: צוליעב וואס און צוליעב וועמען זאל איך מיך ענטזאגען פון מיין אייגענעם גליק? ווען מיין קינד זאל אם ווענינגסטען זיין מיט מיר... איך האב קיינעם ניט... פאר וואס זאל איך ניט דענקען פון זיך אליין? אלע מיינען, איך בין א מענש וואס לעבט נאר פאר זיך, דעם אמת געזאגט, איך האב נאך פאר זיך אליין גאר ניט געלעבט — איך האב קיין פערזענליכעס גליק נאך ניט גענאסען... איך בין ערשט פינף און פערציג יאהר אלט... און ווען איך זאל האבען לעבען זיך א מענשען, צוליעב וועמען עס וועט זיין כדאי צו לעבען, האב איך נאך גענוג קראפט און ענערגיע צו קעמפפען פיר מיין גליק און פיר מיינע מענשען־רעכטע.

ב ע א ט א: יעצט איז צו שפעט... זינד דוא האסט מיך צום לעצטען מאל אבגעשטויסען פון זיך, האבען מיינע געדאנקען גענומען אן אנדער ווענדונג. אלישע, איך בין שוין פערהייראטה! יא, איך בעלאנג שוין אן אנדערען... מיין אויסערוועהלטער חתן איז גאטט

אונזער ערלעזער. צו איהם און נאר צו איהם בעלאַנג איך יעצט!

א ל י ש ע: וואס רעדסטו דאס, בעאטא? איך גלויב ניט! דוא ביזט צו קלוג, צו פערנינפטיג, דוא זאָלסט דיך לאָזען פערבלענ־דען פון דיעזע בית עולם דרשות. זיי האבען דיך איינגעוויעגט אין א לעטארגישען שלאָף, ביזט איצט אין הימעלפּלעט... ערוואך פון דיזען שרעקליכען הימעל־שלאָף און קום אראָב צוריק אויף דער ווירקליכער ערד. בעאטא! מיט דער מאכט פון דער פּאָעטישער פאנטאזיע וועל איך דיר אויפבויען א טעמפעל פון קריסטאל און סאפיר־שטיין. אין דעם טעמפעל וועסטו זיין מיין געטטין ערלעזערין. אנשטאט מתים־ליעדער וועל איך דיר זינגען דיא זיסע ראפּסאדיען פון האָמער'ן און אנשטאט טוידטען־געזאנג וועל איך צו דיר רעדען פון פרייד, פון ליעבע און פון זעליגקייט.

ב ע א ט א: (מיט אייפער) אה, ניין! עס איז דאָ נאר איין טעמפעל און דאס איז אונזער הארץ און אין דעם טעמפעל דארף זיין נאר איין געליעבטער — אונזער פאטער אין הימעל. ניטאָ קיין אנדער פּאָעזיע אויסער דיא לעהרע פון אונזער ערלעזער. ניטאָ קיין אנדער געזאנג אויסער דיא הימנען פון דיא שאארען פון ענגלען, וועלכע זינגען ארום גאָטעס טראָהן!

א ל י ש ע: איך זעה, דאָס גיפט איז אריין צו טיעף אין דיין ערדלע זעעלע. דוא האסט געזוכט טרייסט און האסט געפונען טוידט. דוא לעבסט ניט מעהר און דוא ליעבסט ניט מעהר!

ב ע א ט א: דיא אירדישע ליעבע און דאס אירדישע לעבען איז גאר ניט, א חלום, איין אויגענבליק. עס איז דאָ דארט אן עוויגע ליעבע און אן עוויגעס לעבען.

א ל י ש ע: עוויגעס לעבען און עוויגע ליעבע דאָרט? דאס האט ביי מיר קיין ווערטה און קיין בעדייטונג. דאס אינטערעסירט מיך ניט. איך זעה נאר איינס: מיר זיינען איצט פרעמדע.

ב ע א ט א: פרעמדע? אה, אלישע, ווען איך זאָל מעגען, וואָלט איך איצט געפאַלען אין דיינע ארעמס. איך וואָלט בעדעקט דיינע אויגען מיט ליידענשאפטליכע קושען, איך וואָלט אנגעפילט דיא וועלט מיט געשרייען פון יובעל און פרייד! מיינע טרעהרען פון

גליק וואלטען אבגעוואשען אלע דיינע ליידען און שמערצען... איך דארף יעצט אנווענדען אלע מיינע קרעפטען, איך זאל ניט פאלען באלד דא צו דיינע פיס... אבער, איך וויים, דאס אלעס זיינען געדאנקען פון׳ם סאטאן, זינד, אייטעלקייט, הבל, ניכטיגקייט! איך וועל זיך מיט דיר פעראייניגען מיט אן עוויגע ליעבע... איך וויל זיך ניט פעראייניגען מיט דיר אויף איין אויגענבליק און פערליערען דיך אין דער עוויגקייט. איך האף, איך בעט, איך בין זיכער, אויב איך וועל דא בעהערשען מיינע זינדיגע געפיהלע, וועלען מיר אונז דארט פעראייניגען אויף אימער און עוויג. (טרוימעריש) אונזערע זעעלען, ריין פון יעדער לוסט, וועלען פעראייניגט ווערען לעבען דעם אלמעכטיגענס טראהן מיט דער האנד פון דעם אלמעכטיגען אליין. און מיר וועלען דארט עוויג בלייבען צוזאמען. עוויג, עוויג, עוויג!... (שמעון קומט, זיי בעמערקען איהם ניט) אלישע! ארעמער, גוטער מענש, דוא קענסט ניט זיין דא מיין געליעבטער, ביזט אבער מיין ברודער... דיין שוועסטער בין איך... זיי ניט בייז אויף מיר און פערגעס מיך דא. מיין זעעלע וועט קומען צו דיר דארט (וויינט) בלייב אין פריעדען און לעבע וואהל. (געהט אב וויינענדיג אין הויז אריין. בעמערקט ניט שמעון. אלישע בלייבט זיצען פערטראכט).

שמעון: וויא גוט און שטארק דוא ביזט, אלמעכטיגער פאטער אין הימעל! (לויט) ר׳ אלישע, דוא דארפסט זיך פיהלען שטאלץ און גליקליך — דיין געליעבטע האט ביי דיר צוגענומען אליין אונזער פאטער אין הימעל.

אלישע: עס איז א גרויסע עהרע צו האבען אזא נעבענבוהלער... אבער גליקליך פיהל איך מיך דא ניט. איהר האט געטויטעט א יונגעס לעבען, ווייל איהר האט אייך איינגערעדט, אז אימיצער דארף דארט האבען געליעבטע, פיעל געליעבטע, א סך, אלע! אח, וועלכע שרעקליכע קרבנות מען ברענגט איצט אין׳ם נאמען דער הימלישער ליעבע! אמאל האט מען אנשטאט זיך מקריב געווען אקסען מיט בהמות, איצט איז מען מקריב דעם מענש אליין. מען קוילעט איהם ניט מיט א חלף, מען פערברענט איהם ניט אויף׳ן מזבח. ניין! איהר נאזאריער, איהר טויטעט אייערע קרבנות דורך חניקה. איהר דערווארגט זיי, איהר דערשטיקט אין זיי דעם מענשענס גייסט און דאס לעבענס-לוסט... אח! וואס פיר א טרויעריגע

וועלט עס וועט ווערען, ווען פון אייער לעהרע וועלען אלע אומגע־וואנדעלט ווערען אין דערשטיקטע, דערווארגענע מתים... אנשטאט מענשען, וועלען אומבלאנדזען דונקעלע שאטענס, שווענכלינגע, וועל־כע וועלען אפפערן זייער ווירקליכעס אמת'עס לעבען דא אויף דער ערד, צוליעב איין אויסגעטראכטעס, איינגעבילדעטעס לעבען דארט אין דיא הימלען. שר המות, פארט פון מיר! איך וויל בלייבען אליין מיט מיינע געדאנקען...

ש מ ע ו ן: ברודער, איך געה בעטען אונזער גוטען פאטער אין הימעל פאר דיין ארעמע זעלע (געהט) א בלינדער וואלט שוין דערזעהן און ער זעהט ניט... אונגליקליכער! (אב. אין הויז אריין).

א ל י ש ע: געהט! קלעטערט ארויף צו אייער פאטער אין הימעל, אדער קריכט אראפ צו אייער פאטער'ס געגנער, צום סאטאן אין דער פינסטערער העלע! אין אייער זיסע פרעדיג פון הימעלס ליעבע און ענטזאגונג געפינט זיך ניט גענוג גיפט מיך צו טויטען. איך וועל שטארבען אהן אייך... איך האב א ריכטיגערען און א זיכערערען מיטעל. איהר שטארבט אום צו לעבען, איך וועל שטאר־בען אום צו זיין טוידט, אויפלעזען זיך, ניט זיין מעדר. פערשווינ־דען אין דער עווינקייט... (פויזע).

נעמי, מיין אונגליקליכעס קינד! זינד דו ביזט אוועק פון מיר, ביזט דו מיר ליעבער און טהייערער געווארען. וואו וואנדעלסט דו איצט אום, דוא פערבלאנזעטע שעפעלע? אין וועלכער וויסטע ביזט דוא פערווארפען איצט? וועלכע געפיהלע און וועלכע עראי־נערונגען פלאגען איצט דיין יונגעס הארץ? אי, נעמי, צוזאמען מיט דיר האב איך פערלארען דאס לעצטע, וואס איך האב געראט אין לעבען, (נעהמט ארויס א פלעשעלע מיט גיפט), ווען מיין קינד וואלט געווען לעבען מיר, וואלט נאך מיין לעבען געהאט א זינען. איצט אבער, צוליעב וואס און צוליעב וועמען זאל איך לעבען? זיין א קעמפפער אהן א קאמפף? לעבען אהן א צוועק? ליידען און ניט וויסען פאר וואס און צוליעב וואס? ניין, אזא לעבען איז ערגער פון טוידט. איך וועל שטארבען, וויא סאקראטעס, דורך גיפט. . . ער איז געשטארבען אומגעבען פון זיינע טרייע פריינ־דע און שילער, איך וועל שטארבען אליין, אזוי וויא איך האב גע־

לעבט אליין. . . ער האָט געגלויבט, אז זיין זעעלע וועט לעבען נאָך איהם, איך האָב זאָגאר דיעזען טרויסט ניט. אָבער דאָך ניט אללעס שטאַרבט אָב צוזאמען מיט מיר. דיא ווירקונג וואָס מיין זעעלע האָט געהאט אויף אנדערע וועט ניט שטאַרבען. דעם איינפלוס וואס איך האָב געמאַכט אויף מיינע מיטמענשען וועט ניט פערניכטעט ווערן. עס וועלען לעבען עוויג דיא געדאַנקען פון אויפקלערונג און פריי־הייט, וועלכע איך האָב געזייט צווישען מיינע ברידער! נו! ניט געוואנקט! בעשלאָסען און געטאָהן! (טרינקט אויס, וואַרפט אריין דאָס פלעשעלע אין צובראָכענעם פאָנטאַן און זעצט זיך רוהיג צו־ריק). קיין מענש אין דער וועלט דארף וויסען דיא ווירקליכע אור־זאכע פון מיין טוידט. דאָס גיפט ווירקט לאַנגזאם און אלע וועלען גלויבען, איך שטאַרב מיט אַ נאַטירליכען טוידט. אָדער, חע! חע! דער פאָטער אין הימעל האָט מיך דער׳הרג׳עט פאר מיינע חטאים. איצט וועל איך נאָך אַמאָל, צום לעצטען מאָל, לעזען מיין געליעב־טען האָמער. (נעהמט זיין בוך און לעזט גאַנץ רוהיג. מאיר קומט).

מ א י ר : ער לעזט זיין געליעבטען האָמער׳ס ווערקע און בע־מערקט מיך ניט. שלום עליכם, רבי ומורי. (בלייבט שטעהן פון דער וויטען).

א ל י ש ע : מאיר? אַ גאַסט! וויא קומט עס, דוא זאָלסט רופען א ח ר׳ן רבי ומורי?

מ א י ר : איך האַלט פון׳ם כלל: אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו: קוק ניט אויפ׳ן קרוג, נאָר אויף דאָס, וואָס איז אין קרוג.

א ל י ש ע : האָסט גאָר קיין מורא ניט צו קומען אויף אזא פער׳חרם׳טען פלאַץ?

מ א י ר : רבי, איך זאָג שטענדיג: הוי גולה למקום תורה ואל תאמר שהיא תבוא אחריך. — ווער פערוואָגעלט און פער־טריעבען אַהין, וואו דיא תורה איז, און ווארט ניט זיא זאָל קומען צו דיר. . .

א ל י ש ע : דיינע כללים זיינען געזונד און פראַקטיש. ביזט זעהר אַ פראַקטישער מענש, מאיר.

מ א י ר : דערפאר אָבער זייט איהר שוין צופיעל ניט פראַק־טיש. קאַרג האָט מען טענות צו אייך? ערלויבט איהר נאָך דיא

מינים צו מאַכען פון אייער שטוב אַ גאַנצען בית הכנסת. דאָס גיט אייערע פיינדע נאָך מעהר בעווייזע, אז איהר זייט איינער פון זייערע.

אלישע: דער איינציגער מענש וואָס איז נאָך פון מיר ניט ענטלאָפען איז מרימי. זאָל איך איהר ניט טהון דיא טובה און ניט ערלויבען איהר דאָ צוזאַמען מיט איהרע שוועסטער און ברי־דער קלעטערען צו איהר פאָטער אין הימעל? אָדער דוא מיינסט, איך דארף טרייבען מענשען, ווייל איך שטים ניט איין מיט זייערע מיינונגען? אָדער אפשר איך זאָל זיך דערשרעקען, וואָס מען וועט פון מיר זאָגען און צו וועמען מען וועט מיך צו רעכענען? איך פערפאָלג מיינונגען, וועלכע איך רעכען פיר פאַלשע, איך פער־פאָלג אָבער ניט, וויא איהר טהוט, דיא מענשען וואָס האָבען דיא מיינונגען. אָי!.. (גיט זיך פלוצים אַ חאַפ בזים האַרצען).

מאיר: וואָס איז אייך, רבי? איהר זייט עפּעס בלאַס.... זאָל איך אייך ברענגען וואַסער?

אלישע: ניין! ניין! עס איז גאָר נישט... איך פיהל שוין ווידער גוט.

מאיר: פון דעסטוועגען זייט איהר אריינגעגאַנגען אין אַ ישיבה און איהר האָט מיט אייער שטעקען צוטריבען אַלע תלמידים. זיי, דיא תלמידים זיינען דאָך מענשען און ניט קיין מיינונגען?

אלישע: קיין מענשען זיינען זיי ניט און קיין מיינונגען האָבען זיי ניט... יעדער איינציגער איד וויל זיין אַ תלמיד חכם, אַ חבר, אַ צורבא מדרבנן, אַ למדן, אַ תנאי! זיי זיצען און ברע־כען זיך דיא קעפּ איבער דינים, הלכות, סיגים, פּשטים, דרשות, רמזים, גמטריאות. וואָס ווערט געשאַפען נוצליכעס דערפון? זאָ־לען זיי בעסער לערנען אַ מלאכה, זיין שניידערס, שוסטערס, שמידען. אויף וועמענס קאָפּ וועלען זיצען דיא אַלע פּאַראַזיטען? איך וויל, מיין פאָלק זאָל האָבען וואָס מעהר געזונטע ארבייטער און וואָס ווייניגער בענק־קוועטשער און פלפול זאָגער!....

מאיר: רבי האָט קיין פאַראיבעל ניט, אַלע זיינען דען נאָר פלפול זאגער?

אלישע: אָט בייזט דוא אַ חריף... דוא קענסט לערנען אזוי

קונציג דעם פשט, אז דיר איז גרינג פופציג מאָל בעוויייזען, אז דאָס וואָס איז טריף איז כשר און דאָס וואָס איז מותר איז אסור... עס איז טאַקי איין אַקראָבאַטישער קונץ, אָבער וואָס געווינט דער־פון דאָס יודישע פאָלק ? אָי ! (ער גיט זיך ווידער א כאַפּ ביים האַרצען).

מ א י ר : רבי, דיא וויכטיגקייט איז ניט אין דעם צו דיא זאַך איז כשר אָדער טריף. דיא הויפּט זאַכע איז אין דעם לערנען אליין. דער יוד דאַרף לערנען, אז ניט ווערט ער אויס יוד ! דיא געדאַנקען פון'ם גאַנצען יודישען פאָלק דאַרפען זיין פעראייניגט אין איין הייליגער אידעע. זייערע האָפנונגען און זייער טרויסט און זייערע בעגריפע וועגען לעבען דאַרפען זיי שעפּפען פון זייער איי־גענעם נאַציאָנאַלען קוואַל. נאָר דאָס וועט זיי צוזאַמענבינדען און האַלטען שטאַרק אין איינעם אין זייער גלות צווישען פיינדליכע פעלקער. עס איז ניט א ציעל, עס איז נאָר א מיטעל צו פערהיטען דאָס יודישע פאָלק פון פערניכטונג.

א ל י ש ע : איהר ווילט טהון אַ גוטע זאַך מיט פאַלשע, שלעכטע און שעדליכע מיטלען. (גיט זיך אַ חאַפּ ביים האַרצען). אוי ! מאיר, איך דאַרף דיר זאָגען דיא וואַרהייט : איך פיהל שלעכט... איך ווייס, איך וועל באַלד מוזען שטאַרבען...

מ א י ר : (ערשראָקען) וואָס רעדט איהר דאָס ? גאָטט איז מיט אייך ! אייך ווייזט זיך אויס...

א ל י ש ע : איך רעד קיין מאָל ניט מיט זיכערהייט פון דעם, וואס מיר ווייזט זיך נאָר אויס... מאיר, מיר איז ניט פיעל געבליבען צו לעבען.... איך שטאַרב...

מ א י ר : מרימי ! ווער איז דאָרט ? (שרייט אין הויז אריין) אַהער גיכער ! דער רבי פיהלט שלעכט ! (לויפט צוריק) רביניו, זאָגט מיר, וואָס איז אייך. זאָל איך שיקען נאָך א רופא ?
(בעאטא, מרימי און שמעון לויפען אַרויס זעהר ערשראָקענע).

א ל ל ע : וואָס איז ? וואָס איז געשעהען ?

ב ע אַ ט א . (לויפט צו איהם) וואָס איז מיט דיר ? מרימי, ברענג אַ קישעלע. וועה איז מיר ! זעהט, דיא קרעפטע פערלאָזען איהם ! (איין יוד מיט נאָך אַ פּאָאָר יודען קומען פון גאַס. מרימי ברענגט אַ קישעלע. מען לעגט אלישען אויפ'ן דיוואַן).

אליש ע : קינדער, שרעקט אייך ניט און בלייבט רוהיג.... זיי אַללע האָבען מיך געוואָלט מאַכען טוידט, בעפאָר איך בין געשמאָרבען. דאָס איז זיי ניט געלונגען. איצט, אז איך וועל שטארבען, וועל איך זיין טויט (בעאטא ווייגט) קינד, וויין ניט, טרעהרען וואס קענען ניט העלפען, זיינען איבריגע טרעהרען.

מ א י ר : (צו דיא יודען) עזריה, באלד זאָל קומען אהער דער ראש הישבה מיט דיא זקנים. אויף אונז וועט פאלען דיא שאנדע, אויב ער וועט שטארבען אין חרם... און זיין פרוי זאָל מען רופען. שנעל!

א י י ן א י ד : אין איין הרף עין בין איך שוין דאָ, וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט. (אלע אידען אָב).

ב ע א ט א : אה! ער זאָגט קיין מאָל ניט, וואָס איהם פעהלט...

א ל י ש ע : מיר פעהלט יעצט קיין זאך ניט, נאָר מיין קינד.... איך וואָלט געוואָלט נאָך איין מאָל זעהען מיין קינד.... (שליסט צו זיינע אויגען).

מ א י ר : רבי'ניו, ווארום זאגסט דו ניט, וואס דיר איז?

א ל י ש ע : וואס זאָל מיר זיין, קינד? איך געה איבער פון'ם זיין צום ניט זיין. הא? איהר הערט ניט? (ווייט הערט זיך טוביה'ס פייפעלע) אביוני! יא, ער! עס איז גוט, וואס ער קומט. איך האָב איהם ליעב. אין א קלוגען מענשען זעהט מען דיא רייכקייט פון דער נאטור אויך דאן, ווען ער אליין מאכט זיך צום נארר און צום בעטלער (דיא פייפעלע הערט זיך נעהענטער) ווער ווייס, אפשר האָט ער א געדרום פון מיין נעמי?....

מ ר י מ י : יא, ער איז נעלם געוואָרען יענע נאכט צוזאמען מיט דיא לעגיאָנען.

ב ע א ט א : (שטיל) קיינער קען ניט וויסען, וויא שטארק אזא פּאָטער האָט ליעב, וועלכער צייגט ניט דער וועלט זיינע געפיהלע...

מ א י ר : (וועלכער האָט עפעס געטראכט) רבי'ניו, איך קום באלד! (געהט) זיי מוזען קומען! זיי מוזען אם וועניגסטען ביי זיין טוידט אָבגעבען איהם דעם כבוד, וועלכען זיי האָבען ביי איהם געריובט אין זיין לעבען! (ראש אב).

ב ע א ט א : איך זעה, דו פיהלסט בעסער. עס וועט נאָך אפשר פאַראיבער געהן.... דו וועסט זעהן.

א ל י ש ע : יא, עס וועט פאריבער געהן מיט מיר צוזאַמען. ווען דאָס פייפעלע וואָס שפּיעלט ווערט צובראָכען, וואו בלייבט דאס ליעד?... עס געהט פאַראיבער און גיסט זיך צוזאמען מיט דאָס גרויסע עוויגע, וועלכע מיר קענען ניט בעגרייפען.... (דאס פייפעלע הערט אויף צו שפּיעלען. אביוני ערשיינט זעהר אבגעריסען, בלאס און פערשטויבט).

א ב י ו נ י : פריעדען צו אייך ברידערלעך. הא ? וואָס איז דאָס ? דער רויטער האָן האָט דאָ געקרעהעט ?... נישקשה, נאָך א שרפה ווערט מען נאָך א רייכערער... אביוני? רבי אלישע בן אבויה, וואָס איז מיט דיר ? זיי מונטער ! עפּפען דיינע גרויסע שאַרפע אויגען און הער : איך האָב פאר דיר אין מיין לעדיגען בעטלער זאק זעהר א גוטע זאך....

א ל י ש ע : מיין פריינד, רעד ניט קיין סך. דיא צייט איז קורץ און דער וועג איז וויט... וואו איז מיין נעמי ?

א ב י ו נ י : דיא לעגיאָנען זיינען געגאַנגען — איך נאָך זיי. געהן זיי א טאָג — געה איך אויך. געהן זיי א וואָך. — אביוני געהט מיט. געווייס, פון דערוואייטען. אי, דאָס אונגליק פון יעדען אביון איז: נאָך איהם שלעפּט זיך שטענדיג נאָך אן אביון מיט נאָך א בעטלער־זאַק. דעם אביון רופט מען הונגער און זיין בעטעל־זאק איז דער מאָגען. אי, ברידערלאך, איז דער בעטלער אן עזות מחוצף פּנים !

א ל י ש ע : אביוני, וואו איז מיין קינד ?

א ב י ו נ י: אי, ברודערל ! דיין ביטער געשריי יענעם אבענד: נעמי ! נעמי ! האָט מיך געטריעבען... גאָטט איז מיין עדות, איך האָב דיר געוואָלט ברענגען דיין קינד צוריק. זיינען מיר געקומען צו דער גרויסער שטאָדט ביי׳ם ים. דער פריץ מיט אַללע פּריצים זיינען אַוועק מיט דער ערשטער שיף און אַללע געפאַנגענע זיינען געבליבען ווארטען אויף דער צווייטער שיף. איך האָב אַלע נאַכט געשפּיעלט פאר דיא ראָלדאטען אויף מיין פייפעלע, בין געווארען א גוטער ברודער מיט פיעלע. האָב געפונען צווישען זיי א סך פון

אונזערע. איך האָב ערפאהרען, אַז נעמי האָט חרטה, זיא וויינט, זיא בענקט אַהיים. נאַרריש קינד, וואָס האָט זיא פערשטאַנען? ברידערלאך טהייערע וואָס דארף איך אייך דערצעהלען פון אללע צרות, סבות, שרעק, אונגליקען. פון דיא אלע אגודות־גנבים און רויבער, וואס זיינען איצט פול אויף אלע וועגען? אבער וועד איז נאָך אַזוי בעשיצט און אזוי זיכער וויא א בעטלער? קיינער האָט מיך, חלילה, ניט בערויבט, ניט בע׳גזל׳ט, ניט בע׳גנב׳עט... ר׳ אלישע בן אבויה, האַלט זיך שטאַרק, ברודער׳ל! מיר זיינען געקומען! נעמי איז דאָ מיט מיר! זיא האָט מיך געשיקט דיך בעטען, דוא זאָלסט איהר ערלויבען פאלל͏ען צו דיינע פיס און אויסבעטען פער־געבנים.... אי, אָרעמע שעפעלע, וואָס זיא איז נעבאך אויסגעשטאַ־נען! (לויפט פון גארטען) נעמי, קום אהער קינד! דער טאַטע וויל דיך זעהען. (אלישע בלייבט רוהיג, אביוני פיהרט אריין נעמי, בלאס, קראנק, אָבגעריסען, פערשטויבט. זיא בלייבט שטעהען ערשטוינט בעטראכט אללעס, מרימי, וויא זיא דערזעהט נעמין, פאנגט אָן שטיל צו וויינען).

ב ע א ט א : (געריהרט) ארעמע נעמי, וועמענס האַרץ וועט ניט צובראָכען ווערען, קוקענדיג אויף דיר?

נ ע מ י : פאָטער, דוא ביזט בייז אויף מיר? איך בין געקו־מען צוריק. מיינע אויגען האָבען זיך באַלד געעפענט.... איך האָב זעהר גיך חרטה געהאַט... נאָך אין וועג ביי נאַכט, ווען אַללעס פלעגט ווערען שטיל, פלעגט זיך מיר אויסווייזען, איך הער וויא די רופסט מיך מיט א בעטענדע שטימע: נעמי! נעמי! און איך פלעג וויינען מיט ביטערע טרעהרען.... און איך האָב געבענקט נאָך דיר און נאָך דער מוטער... (וויינט), אָבער וואָס מעהר איך האָב זיך ערווייטערט פון דאַנען, איז דיא מוטער אַלץ געוואָרען קלענער און קלענער ביז זיא איז פערשוואונדען געוואָרען. דוא אָבער, פערקערט, ביזט אַלץ געוואָרן גרעסער און גרעסער, ביז נאָר דיין געשטאַלט איז גע־שטאַנען פאר מיינע אויגען. און אז איך בין געוועזן פון דאנען גאַנץ ווייט, ביזט דוא געוואָרען אזוי גרויס און אַזוי טהייער. טאַטעניו, פון דער ווייטען, ערשט האָב איך דיך דערזעהן. (וויינט).

פלוצלונג אַמאָל ביי־נאַכט הער איך א פייפעלע שפיעלט... איך האָב דערקענט ווער עס שפיעלט און מיין האַרץ האָט דערפיהלט, אז

דאָס איז אַ געראָש פון דיר. (וויינט), נאָכדעם אַ לאַנגער וועג צוריק. צו פוס איבער שטיינער, בערג און הייסען זאַמד. ביי־נאַכט אין וואַלד... רעגען און הונגער... אַי, טאַטעניו, וואָס פאַר אַ גוטער מענש דער אביוני איז.

א ב י ו נ י : עס קאָסט מיך טהייער ? וויפיעל מאָל פלעגט זיא, דיא בריה מיינע, פאַלען און בלייבען אָהן כחות ? מיין ליע־דעלע פון מיין פייפעלע האָט אונז פיעל געהאָלפען צו געהן... יא, ברידערלאַך, אַז עס פייפט זיך, געהט זיך.

נ ע מ י : מיר זיינען געגאַנגען און געבעטעלט. פון גזלנים בע־האַלטען זיך אין וואַלד, פון שלעכטע מענשען אָבגעבעטען זיך מיט טרעהרען. פאָטער, דוא זאָגסט מיר גאָר ניט... איך ווייס, ביזט בייז אויף מיר.

א ל י ש ע : קינד, איך? בייז אויף דיר ? קום אהער צו מיר. (זיא פאַלט צו זיין האַנד און באַדעקט זיא מיט קושען) יא, איך האָב דיך גערופען. איך האָב דיך ניט אויפגעהערט צו רופען און דוא ביזט ענדליך געקומען צו מיר. געקומען צוריק צו דיין עלענדען טאַטען... אביסעלע צו שפּעט געקומען... אָבער דאָך געגוג פריה נאָך... נעמי, קינד, ביזט געקומען פּונקט אין דער צייט, ווען איך געה אוועק פון דאַנען פיר אימער און עוויג...

נ ע מ י : וואוהין ? איך וויל ניט ! איך געה מיט דיר....

א ל י ש ע : ניין ! קינד, דיר איז נאָך צו פריה צו געהן.

נ ע מ י : זעהט, וויא ער איז פערענדערט געוואָרען !

א ל י ש ע : פריהער ווערט מען פערענדערט, נאָכדעם ווערט מען פערקלענערט און פערקלענערט, ביז מען גיסט זיך צונויף מיט דער מוטער נאַטור. (ער שליסט צו זיינע אויגען און בלייבט ליעגען רוהיג. אַללע וויינען).

נ ע מ י : (מיט פערצווייפלונג) טאַטעניו, ד אָ ס האָב איך ער־וואַרטעט צו טרעפען אין דיער [illegible] !

ש מ ע ו ן : ווען אונזער פאָטער אין הימעל רופט, מוז מען געהן. מען דאַרף בעטען פיר זיין זינדיגע זעעלע (אב. אין הויז אריין). (ר' מאיר, ראש הישיבה, זקנים איין יוד און יודען קומען).

א ל י ש ע : (עפפענט דיא אויגען) ווער איז דאָס ? מאיר, דו? קום אהער צו מיר.

מ א י ר : דאָ בין איך, רבי'ניו...

א ל י ש ע : מאיר, ביזט דוא מיר אויף וויפיעל עס איז א פריינד ?

מ א י ר : רבי ומורי ! איך זאָג בפני עם ועדה, און בין שטאָלץ דערמיט, איך האָב מיין אייגענעם פאָטער קיין מאָל ניט גע־ליעבט, וויא איך האָב דיך געליעבט און וויא איך ליעב דיך יעצט. דער וואָס האָט דיך פערשטאָסען, האָט דיך געמוזט ליעב האָבען...

א ל י ש ע : מאיר, איך שטאַרב און מיין קינד בלייבט אליין אויף דער גרויסער וועלט... (וויינט) פערלאָז זיא ניט, מאיר.

מ א י ר : (וויינט שטאַרק) רביניו, אזוי וויא פיר א שוועסטער אזוי וויא פיר א אייגענע קינד וועל איך זאָרגען פיר איהר... פיר דיין קינד !....

ר א ש ה י ש י ב ה : אונגליקליכער מענש, פיהלסט דוא אז דיין לעצטע שטונדע האָט געשלאָגען ?

א ל י ש ע : ניט נאָר פיהל איך עס... איך פערשטעה עס.... איך וויים עס...

ר א ש ה י ש י ב ה : אה ! אויב דוא פיהלסט עס יא, שטאַרב ניט וויא א פרעמדער, וויא א ח ר. שטאַרב וויא א יוד.

א ל י ש ע : דער יוד לעבט ניט וויא אלע, שטאַרבען אבער שטאַרבט ער וויא אללע....

ר א ש ה י ש י ב ה : רעד ניט, זינדיג ניט יעצט... קענסט זיך נאָך אומקערען צו דיין גאָטט און וויעדער אנערקענען זיין תורה הקדושה.

א ל י ש ע : גאָטט און דיא תורה איז פונקט וויא א קעניג, וואָס האָט געכאַפּט א פויגעל און זאָגט צו זיין דיענער : האַלט עס און היט עס אָב דיין לעבען לאַנג, אויב ניט בעצאָהלסט דו מיט דיין לעבען. דער דיענער ווייסט ניט, וואָס איז דאָס פאַר א פויי־געל, נאָך וואָס האָט מען זיא געכאַפּט און וואָרום דאַרף מען זיא האַלטען, און האַלט זיא דאָך און היט זיא יאָהרען לאַנג. ווייסט איהר, פאַר וואָס ? ווייל ער איז א שקלאַף, ווייל ער לעבט ניט און

האָט דאָך מורא צו שטאַרבען... איך האָב דיא פויגעל אַוועקגעלאָזט אין דער פרייהייט....

ר א ש ה י ש י ב ה : און דערפאר בעצאָהלסט דוא יעצט מיט דיין לעבען... דוא שטאַרבסט...

א ל י ש ע : האָסט א טעות, ברודער, זאָגאר שטאַרבען שטארב איך וויא א פרייער מענש...

ר א ש ה י ש י ב ה: אחר! טהו תשובה כל זמן עס איז נאָך דאָ צייט. דערמאָן זיך, וואָס דיך ערוואַרטעט דאָרטען...

א ל י ש ע : זאָלאַנג איך לעב, בין איך דאָ, שטאַרב איך — בין איך ניטאָ. וויא ? איך זאָל מיך שרעקען דערפאר, וואָס וועט זיין מיט מיר, ווען איך וועל ניט זיין ? פריינדע, איך האָב ניט גע־וואָלט לעבען וויא א נאַרר און וויל ניט שטאַרבען וויא א נארר ! (דיא יודען מורמלען).

ב ע א ט א : (שטיל צו איהם) אה, אלישע, אין וועלכע געגענדע, אין וועלכע רעגיאָנען וועט דאָרט דיין ארימע זעעלע וואַנדלען, און ווי וועט מיין זעעלע דיך קענען געפינען, אז דו ווילסט ניט מיט דיין שעפּפער פרידען שליעסען ? אה, אלישע, ווילסט דוא דען ניט זיין דאָרט פעראייניגט מיט מיר ?

א ל י ש ע : (מיט געשלאָסענע אויגען, זעהר שוואך) ניין, דאָרט ניט !

א ב י ו נ י : אי ! ער געהט איצט אויפגעבען זיין לעצט בי־סעל בעל הבית׳ישקייט, דעם אָרימען גוף אראָפּ און דאָן דאַרף מען שוין אפילו קיין בעטלער זאק ניט.... (בתבורית קומט ראש).

ב ת ב ו ר י ת : וואָס איז דאָ געשעהן ? זעהסט, אלישע, האָסט עס געדאַרפט, הא ? (דערזעהט נעמין) נעמי דאָ ! טאָכטער מיינע ! (קושט זיא און וויינט) וועה איז מיר, וואָס פון דיר איז געוואָרען ! יא, וואָס ביזט דוא, נעבאך שולדיג ? ביי אן אנדער טאַטען וואָלט פון דיר אן אנדער קינד אויסגעוואַקסען....

א ל י ש ע : אָבער ביי אַזא מוטער וויא דוא, וואָלט פון איהר קיין אַנדערע ניט געקענט אויסוואַקסען.

ב ת ב ו ר י ת : ווייס איך, נו ! חלילה, איך בין איצט ניט גע־קומען קריעגען זיך מיט דיר.

א ל י ש ע : ניין, יעצט קריעג זיך יא. אז איך האָב געלעבט, האָסטו מיר געקענט פער'סמ'ען דאס לעבען מיט קריגערייי.... חע, חע! דעם טוידט קענסט דוא מיר ניט פער'סמ'ען... אָי! עס ווערט דונקעל אין דיא אויגען... אפנים עס קומט... (שליסט צו זיינע אויגען).

ש מ ע ו ן : (מען הערט זיין שטימע פון הויז) טרעהרען און געבעט איז אונזער איינציגע פרייד. אונזער איינציגע ציהרונג פון תשובה א קלייד, דיא ערלעזונג ווערט געקויפט נאָך דורך שמער־צען... (כאָר זינגט פיאַנאָ ביז דער פאָרהאַנג פאַלט).

א ל י ש ע : (ערוואכט) איהר הערט? מעהר פרויען שטימען זינגען.... דיא פרויען וועלען זיי פיהרען צום זיעג... מיר אליין זיינען שולדיג. מיר האָבען דיא פרויען בעהאַנדעלט וויא שקלאַפען, מיר האָבען זיי בעטראכט וויא קנעכט און בלעדזינניגע.. דיא תורה, דיא מצוות, דיא רבנות, דיא גבאות—אלעס פיר דיא מענער. דער פרוי האָ־בען מיר ניט געגעבען קיינע פליכטע און קיינע רעכטע... ביי די נאזא־רעיער געפינט זיא טהעטיגקייט, שוועסטער־ליעבע און מענשען־רעכ־טע.... זיי געפינען דאָרט א בעפרידיגונג פיר דיא שטרעבונגען פון זייער עדעלע, פיהלענדע זעעלע, און בעמרקען ניט, וויא אין זיי ווערט געטויטעט דיא מוטער און דיא געליעבטע.... שוואכע און פערקריפעלטע מענשען, וועלען זיין די קינדער פון אזעלכע פרויען... דורות וועלען פון זיי קומען, וועלכע וועלען פערלעשען דאָס ליכט פון'ם געדאַנק און וויסענשאפט, און דיא פינסטערניש וועט בעדע־קען דיא וועלט. (שוואך) און דאן וועט פארגאָסען ווערען פיעל בלוט.. יודישעם בלוט וועט פארגאָסען ווערען טייכענווייז. (שליסט צו דיא אויגען).

ר א ש ה י ש י ב ה : אונגליקליכער, דיין לעצטע מינוט קומט, זאָג! נעהמסט דוא צוריק דיינע ווערטער...

א ל י ש ע : מיר איז געבליעבען איין אויגענבליק צו לעבען, ווילט איהר מיך פיר דעם אויגענבליק מאכען פאר א ליגנער? אלישע בן אבויה האָט קיין מאָל ניט געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט ניט געריכענט פאר קיין אמת!... נעמי, קום אהער! איך פיהל עס קומט. לעבע וואהל, קינד! זאָלסט קיין סך ניט וויינען נאָך מיר... נאָר אביסעלע... א סך טרעהרען האָב איך ניט פערדיענט. מאיר, איך האָף, דוא וועסט ניט פערלאָזען מיין ארימע יתומה.. בעאטא, איך

בעדויער דיך: איך שטארב א לעבעדיגער און דוא וועסט לעבען א טויטע... איך שטארב אהן שנאה, אהן האס, אהן פלוך... זייט אללע גליקליך... אללע... (שטארבט, אללע פרויען וויינען).

א ב י ו נ י: ברודער אלישע, דוא ביזט יעצט דער רייכסטער אביוני אויף דער וועלט (ווישט אפ א טרעהר פון געזיכט)

נ ע מ י: פאטער! פאטער! אה, איך פערליר דיך, ווען איך האב דיך ערשט געפונען!

ב ע א ט א (שטיל): גוטער גאט, איך האף, איך וועל איהם דאך געפונען דארט, לעבען דיין העררליכען טהראן.

ב ת ב ו ר י ת: (וויינט) בעסער פאר איהם... וועט זיך אויפהערען פלאגען... ער האט זיך דאך נאר געמוטשעט אויף דער וועלט.

ר א ש ה י ש י ב ה (וועלכער האט דערווייל געהאלטען א ראטה מיט דיא איבריגע): וויא אחר האט ער געלעבט און וויא אחר איז ער געשטארבען. צו קיין קבורת ישראל קען ער ניט קומען. ער איז פערלארען! איהם וועט דער בית דין של מעלה ניט משפט'ן!

א י י ן י ו ד: מע דארף דיא נבלה ארויסווארפען. קבורת חמור פערדיענט ער, וויא איהר זעהט מיך א מענשען אויף דער וועלט! (ער וויל געהן צום קערפער. דער ראש הישיבה מיט דיא זקנים ווילען פארטגעהן).

מ א י ר: שטעהט! איהר האט א טעות! א גרויסער יוד איז געשטארבען, און וויא א נשיא בישראל וועט ער מקבר ווערען! (ווארפט אראפ פון זיך זיין מאנטעל און דעקט צו אלישע'ס קערפער) רבי ומורי, איך דעק דיך צו מיט מיין מאנטעל און זאל פון זייערע אויגען פערדעקט ווערן דאס, וואס האט ערוועקט זייער קנאה, האס און צארן! רבי ומורי, איך שריי צו דיא הימלען און פרעג, אויב זיי וועלען וואגען דיך דארט שולדיג צו מאכען אהן א משפט!? יא, משפט'ן דארף מען דיך, אבער ווער? דיא וואס זיינען ווערטה דיינע ריכטער צו זיין. מיר ניט! מיר ניט! (פאלט צום קערפער, אללע וויינען מיט א יאמער־געוויין. פון גאס הערט זיך דיא טרויעריגע מעלאדי פון טוביה'ס פויפעלע. חאר זינגט גאנץ פיאנא.)

פארהאנג פאלט לאנגזאם.

דיא אינטערנאַציאָנאלע ביבליאָטהעק.

# דער אונבעקאנטער

דראַמאַ אין 4 אַקטען מיט אַ פראָלאָג

פון

יעקב גאָרדין



אַרויסגעגעבען פון

דיא אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק פערלאַג קאָ.

ניו יארק.

## פּראָלאָג.

(אַ'ן אָפענער פּלאַץ לעבען אַ וועלדיל, אַלעס איז פערגאָסען מיט רויטע שטראַהלען פון דער זון, וועלכע האַלט ביים אונטערגעהן, לאַנגזאַם ווערט גראָער און גראָער ביז עס ווערט דונקעל. פון אָנפאַנג לעבהאַפטע און פאַרביגע מוזיק, נאכדעם טרויעריג און פּיאַנאָ. דאַן, ווען עס ווערט דונ־קעל, הערט מען דאָס לאַנגזאַמע און טרויעריגע קלינגען פון אַ קירכען גלאָקע, אונגעזעהענע גייסטער זינגען אין דעם חאַראַקטער פון אַ רעקוויום.)

(דער אונבעקאַנטער ערשיינט פון צווישען דיא בוימער, פערוויקעלט אין אַ שווארצען מאַנטעל. אויף זיינע הענד זעהט מען ווייסע האַנדשוה. ער געהט לאַנגזאַם. דאָס געזאַנג הערט אויף, דיא קירכען־גלאָקע הערט ניט אויף צו שאַללען, טרויריג און לאַנגזאַם.)

דער אונבעקאַנטער: דיא נאַכט איז געקומען און אַללעס איז פערוויקעלט אין דונקעלהייט. שווארצע געדאַנקען און טרויריגע געפיהלען קומען צוזאַמען מיט דער פינסטערניס. דיא נאַכט איז אַ פאַרבערייטונג צום שטארבען, דער שלאָף איז אַ פאָר־בילד פון'ם טויט. אין'ם מענשענס געזעלשאַפט, אין דער וועלט פון חיות און פלאַנצונגען, אומעדום פּראָגרעסירט דער טויט און פערכאַפּט אַלץ מעהר און מעהר פּלאַץ. דאָס לעבען ווערט בעזיעגט, אונטערדריקט, פערקירצט און געיאָגט. מיר געהען מיט יעדען אויגענבליק זיכערער און נעהענטער צו אונזער ענדליכען ציעל — צום פערניכטונג און טויט. דיא צייט וועט קומען, ווען אַללעס דאָ אויף דער ערד וועט פערזונקען ווערען אין אַן עוויגע שטילהייט, אין אַן עוויגע קעלטעניס, אין אַן עוויגע פינסטערניס. מיט'ן לעצ־טען שטראַהל פון דער זון וועט אויסגעלאָשען ווערען דער לעצטער פונק פון'ם לעבען און דאַן וועט קומען דער עוויגער טויט... דיא בלומען פון גאָרטען, דיא בוימער פון וואַלד, דיא חיות פון פעלד, דיא אַללע פישען פון דיא וואַסערן צוזאַמען מיט'ן מאַרך פון'ם דענקער,

מיט'ן הארץ פון'ם דיכטער און מיט דער בויענדער האנד פון'ם אר־חיטעקט, — אַללעס צוזאַמען וועט ווערען איין קאַלטע, דונקעלע, שטילע, לעבענסלאָזע מאַסע. (ער בלייבט שטעהן שטיל, פערזונקען אין זיינע געדאַנקען. פּלוצלינג ווערט ער אונרוהיג און קוקט אויפ'ן הימעל. עס הויבט אָן ווערען ליכטיגער. דיא קירכען־גלאָקע הערט אויף קלינגען. מען הערט פון צווישען דיא בוימער דאָס פרייליכע געזאַנג פון אַ נאַכ־טיגאַל. דיא לבנה שווימט ארויס און בעגיסט אַללעס מיט זילבערנע שטראַהלען. דיא האָפנונגען און טרוימערייען זינגען לוסטיג:)

כ אָ ר :

וויא שעהן און וויא פּרעכטיג איז דיא רוהיגע נאַכט!...
דער מענש רוהט פון זיין ארבייט. דיא בוימער שטעהן פערטראַכט.
דער ליכטיגער מאָנד בלייבט דאָ ביז'ן מאָרגען,
פערשוויגען איז דער טומעל, פערגעסען אַללע זאָרגען.
דיא נאַכט איז געשאַפען ניט פיר מערדער און דיעבע,
זיא ברענגט זיסע טרוימען פון רוהע און ליעבע.
זיא איז אונזער אָבבילד פון רוהע און פריעדען
פיר אַללעס וואָס לעבט דאָ, גאַנץ אונפערשיעדען.
פערטיעפט זיצט דער דענקער אין געדאַנקען און ביכער
און זוכט וויא צו ברענגען דאָס גליק נור וויא גיכער.
דער דיכטער איז פערליעבט אין דעם מאָנד און דיא שטערן
און זינגט פון א צוקונפט אָהן ליידען, אָהן טרערען.
דער נאַכטיגאַל זינגט זיס פון פרייד און פון לעבען.
אַללעס פיהרט דאָ דעם מענשען צום פיהלען און שטרעבען...

(דיא פרוי ערשיינט אין ווייסע קליידער. זיא האַלט אין האַנד אַ „האָרן פון איבערפלוס" געמאַכט פון בלומען. אין איהרע בלאָנדע האר און אויף איהרע קליידער פיעלע בלומען. זיא קומט בעגלייטעט מיט פיעלע בלאָנדע און שווארצע יונגע מיידלאך, אַללע אין ווייסען.)

ד י א פ ר ו י : דיא נאַכט איז געקומען און האָט אַללעס פערוויקעלט אין א הייליגע שטילהייט. דער וואָס ליידעט און מיהט זיך רוהט יעצט, עס וואַכט נאָר דער וואָס ליעבט און שאַפט.

דער שלאָף איז א פאַרבערייטונג צו טהעטיגקייט און לעבען, דיא נאַכט איז אַן אָבבילד פון רוהע און פריעדען. שלאָף אין פריעדען מוטער ערד, אונטער דעם געהיימניספאָללען שירם פון דונקעלהייט! מאָרגען קומט וויעדער דיא זון מיט איהר ליכט און לעבענסקראַפט. (זיא בעמערקט דעם אונבעקאַנטען.) אָה, דו ביזט דאָ; דו אונפער־מיידליכער און דונקעלער אונבעקאַנטער?

אונבעקאַנטער: (נייגט זיך איראָניש־העפליך) יא, ליעבע בעקאַנטע, דאָ בין איך אויף מיין „עווינעם פעלד". און וויא געהט'ס דיר? וואַנדערסט נאָך אימער ארום אויף דער שמו־ציגער ערד, בעגלייטעט פון שעהנע טרוימערייען (צייגט אויף דיא ברונעטטע דאמען) און זיסע האָפנונגען? (צייגט אויף דיא בלאָנדע) איך וואַנדער ארום אליין. (ער עפענט זיין מאַנטעל. מע זעהט, ער איז געקליידעט אין פראַק.) פערצווייפלונג און מעלאַנכאָלי, ענט־ריסטונג און וואהנזין זיינען אין מיר, און מיט מיר!...

דיא פרוי: (בעטראַכט איהם) וויא געענדערט דיין ערשיינונג איז! א מאָל פלעגסט דו זיך ווייזען אלס איין אבשייל־בער סקעלעט מיט א גרויסען שניידמעסער, אָדער דו פלעגסט קומען אלס איין עקעלהאַפטע בעשעפענים פול מיט אויגען און יעצט שפּאַ־צירסט דו אום וויא א גאַלאַנטער העהר.

אונבעקאַנטער: יא, פראַנט און דזשענטעלמאַן בין איך יעצט. איך פּאַטראָנאַזיר דיא מאָדע, ווייל דיא מאָדע איז איינע פון אונזערע טהעטיגסטע אַגענטען. דיא מאָדע פיהרט מענ־שען צום אייפערזוכט און בענייִדונג, צום געלדגייץ און פאַלשהייט — דאָס פערקירצט זייערע יאָהרען. דורך דער מאָדע ווערען פיעלע פערקריפּעלט און ערקעלטערט — דאָס ברענגט מיר א שעהנעם פּראָפיט. און אויסער דעם, דיא מאָדע פאָדערט מע זאָל טויטען פערשיעדענע חיות און אונשולדיגע פויגלען, מע זאָל רייסען לע־בעדיגע בלומען און פערניכטען שעהנע פּלאַנצונגען. מיט איין וואָרט, מיר מאַכען מיט דער מאָדע דיא גלענצענדסטע געשעפטען. בענוצסט דו זיך מיט דער מאָדע פיר דיינע ליעבעס צויבערייען?

די א פ ר וי: ניין! דיא אמת'ע ליעבע קוקט ניט אויף דער מאָדע. וויא איך זעה, אונזער פּראַקטישע צייט האָט דיך אויך געמאַכט פיר א פּראַקטישען געשעפטס פיהרער.

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: יא, מאַדאַם. זיין פּראַקטיש הייסט: ניט זיין סענטימענטאַל, מיט אַנדערע ווערטער, דאָס הייסט זיין געפיהל־לאָז; וואָס פּראַקטישער זיי ווערען דאָרט, בלייבט וועניגער פּלאַץ פיר אייך, זיסע האָפנונגען, (צו די בלאָנדע) און פיר אייך, שעהנע טרויםערייען, (צו די ברונעטע) און מע פערגעסט אויך אָן דיר, דו געטליכע ליעבע, און דאָס פערגרעסערט אונזערע בילאַנצען. חע! חע! א מאָל, ווען זיי האָבען טייער געשעצט און זיך שטאַרק געהאַלטען פיר דאָס לעבען, האָב איך זיי געדאַרפט שרעקען מיט א שניידמעסער און מיט אויגען... איצט פיהר איך מיין טהעטיגקייט געשעפטסמעסיג. מע שרעקט זיך פאַר מיר אלס וועניגער און וועניגער. דיא פילאָזאָפען שרייבען גאַנצע פּעססעמיסטישע ביכער פאַר'ן טויט און געגען דאָס לעבען. דיא דיכטער זינגען הימנען דעם טויט און פערמיאום'ן דאָס לעבען. דיא וויסענשאַפטליכע מענשען לערנען, אז דער טויט איז ניט מעהר, וויא א געוועהנליכע נאַטיר־ליכע רעאַקציאָן, דיא קויפלייטע און פּרעזיכערונגס געזעלשאַפטען בעטראַכטען דעם טויט אלס א וויכטיגע אינדוסטריע און פּראָפּי־טאַבלעם געשעפט. אמאָל ווען א מענש פלעגט בעגעהן זעלבסט־מאָרד, אָדער אימיצער פלעגט דורך איין אונגליק געטויטעט ווערען, פלעגט דיא גאַנצע געמיינדע א לאַנגע צייט זיין ערשראָקען, ערבי־טערט, נידערגעשלאָגען. יעצט בעגעהט מען זעלבסטמאָרד, גערادע וויא מע רויכערט א סיגאַר. קאַטאַסטראָפען און מאַססען־מאָרדען מאַכען קיין איינדרוק מעהר. עס איז נאָר א געלעגענהייט פיר צייטונגען צו שרייבען סענסאַציאָנעלע קעפּלאַך. מענשען ווערען ערמאָרדעט וויא פליעגען, צוריסען פון פּולווער, צובראָכען פון מאַ־שינען, דערטרונקען מיט שיפען, פערשאָטען אין מינען — קיינעם האַרט עס ניט. דיא גלייכגילטיגקייט וואָס א מענש פיהלט צו זיינע מיטמענשען טויטעט מעהר וויא מענשענהאַס, גרויזאַמקייט און שלעכטהייט... יא, דער טויט איז יעצט א געוועהנליכע ערשיינונג.

איך בין אומעדום איצט א היימישער מענש און מיין קעניגרייך ווערט מיט יעדען טאָג גרעסער און ברייטער...

ד י א  פ ר ו י: און דיא ליעבע, דיא טרייע, ריינע, איבער־געבענע ליעבע? איז זיא ניט מעהר דיא בעשיצערין פון'ם לעבען, דיא בעקעמפּפערין פונ'ם טויט?

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: דיא ליעבע אליין איז יעצט א מיט־העלפערין און מיטארבייטערין פון'ם טויט... אין אללעס און אין אללעמען זעהט מען יעצט דעם טריאומפף פון'ם טויט. ביזט צו שוואך, מיין שעהנע קאָנקורענטין!

ד י א  פ ר ו י: עס איז ניט וואהר! ליעבע — דאָס איז דיא איניציאטיווע פון לעבען, דיא פעראייניגונגס־קראפט פון דער נאטור. ליעבע, דאָס איז דער נאטורס מאכט צו שאפען, איהר מיטעל צו רעפּראָדוציערען. דורך ליעבע ווערט דאָס לעבען גע־שטיצט, דורך ליעבע לעבט אללעס ניט נאָר אין דער מענשליכער וועלט, נאָר זאָגאר אין דעם גאנצען אוניווערזום. דיא שטערן און דיא פּלאנעטען זיינען פעראייניגט דורך דעם וואָס זיי האָבען איינע צו דיא אנדערע א צוציהונגס קראפט. קאָלאָסאל גרויסע און מי־קראָסקאָפּיש קליינע געגענשטענדע ווערען געשאפען נור דורך דעם, וואָס פערשיעדענע עלעמענטען גרופּפּירען זיך צוזאמען דורך איינ־שטימונג. וואָס איז דיא געשיכטע דער מענשהייט, אויב ניט דיא בעשרייבונג פון דעם קאמפף, וואָס דיא ליעבע פיהרט געגען דעם, וואָס מאכט שווער דאָס לעבען? אויב ניט דיא ערצעהלונג וועגען דעם, וויא דיא צוטיילטע און צושייעדענע האבען זיך פעראייניגט אין געזעלשאפטען, נאציאָנען און קעניגרייכע דורך איינזינניגקייט? דיא שעהנע פארבען פון א בלום קאנבינירען זיך נאָר דורך סימ־פּאטי, פערשיעדענע טעננער הארמאָנירען זיך אין איין אקקאָרד דורך סימפּאטי, דיא שטראהלען דער זון שאפען דיא צויבערישע קאָלירען פון'ם רעגענבויגען דורך סימפּאטי. יא, סימפּאטי איז דיא ערשטע בעוועגונג פון ליעבע און ליעבע — איז לעבען!

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: מאדאם, דאָס וואָס דו רופסט סימ־פּאטי און ליעבע איז נאָר א פערניכטונגס קראפט. דיא געשיכטע

פון אוניווערזום איז איין ערצעהלונג פון קאטאקליזמען, צוזאמענ־שטויסונגען, פערפלייצונגען און עקספּלאָזיאָנען! דיא געשיכטע דער מענשהייט איז א בעשרייבונג פון בלוטיגע מלחמות און שרעק־ליכע געוואלד־טהאטען... דיא וועלט־געשיכטע איז איין אלטער בית עולם און דיא לעבעדיגע מענשען זיינען נאָר מצבות אויף דיא קברים פון דער פערגאנגענהייט. ווילדע פלאנצונגען האָבען סימ־פּאטי צו א שעהנעם בוים, וואקסען זיי אריין אין זיינע וואָרצלען און טויטען איהם. א וואָרים האָט סימפּאטי צו א רויטען עפּעל און עסט איהם דורך ־ וויין הארץ, א וואָלף האָט סימפּאטי צו א שאָף און פרעסט זיא אויף... א שטארקער מענש האָט סימפּאטי צו א שוואכען, ווייל ער קען איהם לייכט איינשלינגען אין זיין „איך“... א מאַן האָט ליעב א פרוי, ראָטעט ער אוים אין איהר דעם מענש, טויטעט איהר פּערזענליכקייט און פערניכטעט איהר זעלבסטשטענ־דיגקייט. א פרוי האָט ליעב א מאַן און פערניכטעט זיין שטרע־בונג צו פרייהייט, פּאראליזירט זיין ענערגי און רויבט זיין מעננער קראפט.

ד י א פ ר ו י: נון, און ד י א ליעבע, וועלכע מאכט פריי, גליקליך און גרויסמוטהיג?

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: דיא ליעבע רופט ארוים געפיהלע פון ווילדע ליידענשאפטען, אייפערזוכט, האסס, צאָרן, וועלכע פיהרען צו מאָרד און זעלבסטמאָרד, צו בעטרוג און פערברעכען, צו שוואכהייט און וואהנזין! (דיא טרוימערייען פערשווינדען, ער־שראָקענע.)

ד י א פ ר ו י: אה, דו דונקעלער אונבעקאנטער! און וואו איז ד י א ליעבע, וועלכע איז ביי דיא מענשען פערגעטטערט? און וואו איז דיא ליעבע, וועלכע זיי אללע רעכענען פיר דאָס היי־ליגסטע אין דער וועלט, דיא מענשענליעבע?

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: דעם גאָטט דער ליעבע מיינסט דו? אין'ם נאָמען פון דעם גאָטט איז מעהר געטויטעט און ערמאָר־דעט געוואָרען וויא אין דעם נאָמען פון דעם גאָטט פון קריעג און מענשענהאס. און דיא פיעל געפּרייזטע הייליגע מענשענליעבע

איז נאָר א שפּיעלציינ מיט וועלכער אַמוזירען זיך פּרעדיגער, מאַ־ראַליסטען, פילאַנטראָפּען און אַנדערע שווינדלער און נאַררען.

ד י א  פ ר ו י: און וואו איז דיא ליעבע, וועלכע עקסע־סטירט אין דער פאַמיליע צווישען מאַן און ווייב, קינדער און על־טערן?

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: א מאַן האָט ליעב זיין פרוי, אויף וויפיעל זיא דיענט איהם און שאַפט איהם פערגניגען, א פרוי האָט ליעב איהר מאַן אויף וויפיעל ער פערזיכערט זיא מיט לעבענס־מיט־לען און לוקסוס זאַכען. עלטערן האָבען אין דיא קינדער ליעב נאָר זיך, און קינדער האָבען ליעב עלטערן בעפאָר זיי פאַנגען אָן לעבען פאַר זיך.

ד י א  פ ר ו י: און וואו איז דיא נאָבלע ליעבע, וועלכע רופט זיך פריינדשאַפט?

א ו נ ב ע ק א נ ט ע ר: פריינדשאַפט עקסעסטירט צווישען מענשען נאָר ווען זיי האָבען פערשיעדענע אינטערעסען. בעגעגע־נען זיך אָבער זייערע אינטרעססען, דאַן איז יעדער א פריינד נאָר זיך אליין. יא, עס איז דאָ א ווירקליכע, א שטאַרקע, א מעכטיגע ליעבע — דאָס איז זעלבסטליעבע, עגאָאיזם. דיזע ליעבע איז אַ וואַהרע, אויפריכטיגע, שטענדיגע. זיא רופט ארויס אין דער גאַנצער וועלט דעם קאַמפּף פיר דאָס דא זיין, זיא איז א געפעהר־ליכע געגנערין פון׳ם טויט, ווייל זיא זוכט אללע מיטלען אין דעם איינציגען „איך“ צו פערשטאַרקען און פערלענגערן דעם אינסטינקט פון לעבען... אָבער סוף כל סוף פיהרט אויך דיזע זעלבסטליעבע צום טויט. דיא שוואַכע ווערען געטויטעט פון דיא שטאַרקע. נאָכדעם קומט אַ צייט ווען דיא מעהר שטאַרקע קעמפפען מיט דיא וועניגער שטאַרקע... דיזער עווינער קאַמפּף איז דיא פאַבריק פון׳ם טויט, קיינער וועט ניט געשפּאָרט ווערען, קיינער ניט! (דיא האָפנונגען פערשווינדען.)

ד י א  פ ר ו י: שוואַרצער גייסט, דיא נאַטור איז א פאַבריק פון לעבען, ניט פון טויט. זאָגאָר דער טויט אליין איז נאָר א פאַרבעררייטונג צו א נייען לעבען. אין דער גאַנצער נאַטור

איז דאָ נאָר איין שטארקע מאַכט און דאָס איז דיא שטרעבונג צום לעבען. דער קאמפף פיר דאָס דא זיין איז ניט דער ציעל פון'ם לעבען, עס איז נאָר א מיטעל צו פערזיכערען דאָס לעבען. דער קאמפף ווערט אָבגעשאפען זאָבאלד מע קען לעבען אָהן קאמפף... ווילדע חיות, שטומע פויגלען, קליינע אינסעקטען פעראייניגען זיך אין גרויסע געזעלשאפטען אום צו מאַכען לייכטער דעם קאמפף פיר דאָס דאָ זיין, אום אלע זאָלען זאָרגען פיר איינעם און איינער פיר אלע. און ביי דיא העכסטע בעשעפעניסען, ביי דיא מענשען, מיינסט דו, עקסעסטירט און ועט עוויג עקסעסטירען נאָר איין פּרינציפּ: איי־נער געגען אללע און אללע געגען איינעם? בלינדער דונקעלער גייסט! אָפּפערן דען ניט יעצט מענשען זייער לעבען פיר דאָס גליק פון אנדערע? פערליערען דען קינדער זייער חן און ליעבע בא על־טערן זאָגאר דאַן, ווען זיי מאַכען זיך בא פרעמדע אונבעליעבט דורך זייערע פעהלערן? ריזיקירט דען ניט א מענש זיין לעבען צו רעטטען דעם צווייטען פון געפאהר? און וואו איז דיא ליעבע, וועל־כע האָט א מאַכט צו פערוואנדלען מיאוסע אין שעהנהייטען און פערקריפּעלטע אין א אידעאל פון פאָלקאָמענהייט?

אונבעקאנטער: נאאיווע פרוי, אזא ליעבע זעהט מען נאָר ווען מען טרוימט אין א שעהנע נאכט ביי דעם שיין פון דער לבנה!... דו קוק בעסער אריין אין דאָס לעבען פון דיא מענשען.

דיא פרוי: יא, אין'ם לעבען פון דיא מענשען! בליק הערונטער, זעהסט, דאָרט ליעגט אין טהאָל א קליינע שטאָדט. זעהסט דאָס הויכע הויז דאָרט?

אונבעקאנטער: דאָס הויז דאָרט לעבען דאמפף מיהל? איך וויים, דאָרט געפינט זיך א ליעבענדע שעהנהייט מיט א הויקער, א קריפּעל, וואָס וויל זיין אן אידעאל פון פאָלקאָמענ־הייט. איך האָב אן אויג אויף דעם הויז.

דיא פרוי: איך ווייטה, אז אין דעם איינעם הויז אליין איז דאָ גענוג בעווייזע, אז מיר געהען ניט צום טריאומפף פון טויט דורך זעלבסטפערניכטונג און עגאאיזם, נאָר, פערקערט, מיר

געהען צום טריאומפף פון לעבען דורך זעלבסטאויפאָפפערונג און ליעבע.

אונבעקאנטער: אויב דו מיינסט עם ערנסט, נעם איך אָן דיא וועטטע. מיר וועללען זיך בעגעגנען דאָרט און יעצט מוז איך געהן. בא דער ליעבע שפיעלט דיא צייט קיין ראָללע ניט, דער טויט אָבער טאָר ניט פערליערען קיין אויגענבליק. גוטע נאכט. חע! חע! אזוי לאַנג וואַנדערן אויף דיזער שמוציגער ערד, דורכגעהן אזוי פיעל הענד וויפיעל דיא ליעבע איז שוין דורכגעגאַנגען פון דעם סאָלדאַט מארס, דורך דעם פריעסט קרעדאָ, ביז'ן מע־דיקער עקסקולאַפּ און דאָך בלייבען אזוי ראָמאַנטיש און סענטי־מענטאַל! חא! חא! חא! דאָס קען נאָר א דאַמע! (מאַכט עטליכע שריט צוריק און קוקט זיך צו.)

דיא פרוי: עי, וואו זייט איהר, מיינע בעגלייטערינען? (דיא האָפנונג און טרוימערייען ערשיינען.) ער האָט אייך פערשראָ־קען און פעריאָגט? קיין מאַכט קען אונז ניט פערטרייבען פון אונ־זערע פריינדע דיא מענשען, ווייל מיר זיינען א טייל פון זיין נאַ־טור. און ער — דער מענש, וויא ער איז, איז א טייל פון דער גרויסער מוטער נאַטור. זיא, דיא מעכטיגע, ווייסט ניט פון קיינע שטימונגען, פעססעמיסטישע טעאָריען און שאַרפזיניגע ארגומענ־טען, — זיא געהט אונפערמיידליך מיט איהר עוויגען וועג פון לע־בען און ענטוויקלונג און צוזאמען מיט איהר מוז געהן און ענט־וויקלען זיך אללעס וואָס לעבט און עקסעסטירט. געהט, טראָגט דעם מענשען שעהנע טרוימען און זיסע האָפנונגען און נאכדעם וועל איך קומען און וועל איהם ברענגען ליעבע און אַן עוויגע שטרעבונג צום לעבען!

דיא האָפנונגען און טרוימערייען זינגען:

(וויא שעהן און וויא פרעכטיג איז דיא רוהיגע נאַכט! א. ז. וו.)

(אַללע געהען.)

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

## פערזאָנען.

| | |
|---|---|
| שמואל אשכנזי, אַ רייכער קויפמאַן, | אַלט אַ יאָהר 60 |
| בערטהאַ, זיין עלטערע טאָכטער, אַ שעהנער בלאָסער אינטעליגענטער פּנים, האָט אַ קליינעם הויקער, שטענדיג געקליידעט איינפאַך און מיט גוסט | 25 יאָהר אַלט |
| טאַליע, זיין זוהן, אַ גימנאַזיסט, | 18—19 יאָהר |
| אידאַ, זיין צווייטע טאָכטער, אַ גימנאַזיסטקע, | אַלט אַ יאָהר 16—17 |
| מיליע, זיין יונגסטעס קינד, | אַלט אַ יאָהר 9—10 |
| סאָפיע גרינשטיין, אַן אלמנה, אשכנזי׳ס צווייטע פרוי, | 35 יאָהר |
| נינאַ, איהר טאָכטער | " 17 |
| בערנאַרד זילבערמאַן, אשכנזי׳ס געשעפטספיהרער | " 35 |
| לואים קאַרשונסקי, איין אינזשעניער טעכנאָלאָג, | 27—28 יאהר |
| שליאָמע הויז (שלמה זילבערמאַן) בערנאַרד׳ס פאָטער | 60 יאָהר |

שרה הינדע, זיין פרוי, דיזעלבע יאהרען. (זעהר אַ העסליכע און זעהר אַ גוטע פרוי.)

א דיענער, א דיענסט.

### פערזאָנעפיצירונגען:

דער אונבעקאַנטער
דיא פרוי
האָפנונגען, טרוימערייען, אונגעזעהענע גייסטער

עס קומט פאָר אין א קליינע שטאָדט אין זיד רוסלאַנד. דיא צייט — 90ציגער יאָהרען פון פאָריגען יאהרהונדערט.

# ערשטער אַקט

(אַ גרויסעם ארבייט־צימער ביי אשכנזי׳ן אין הויז. אַ גרויסער שפּיע־געל, א פּיאנא, א קושטעקע, וויענער שטולען. בא א וואַנד א שעהנער שרייבטיש אויף וועלכען עס ברענט אַ לאָמפּ מיט אַ גרינעם אבאזשור. איבער׳ן טיש אַ בילד פון דער פערשטאָרבענער מאַדאַם אשכנזי. אַנקעגען אַ לאַנגער טיש אויף וועלכען עס ברענט פּונקט אַזאַ לאָמפּ מיט אַזאַ אבאזשור. אויפ׳ן טיש ביכער, קארטען, העפטען, שרייבגעצייג, פּאַפּיערען. אין הינטערגרונד איז אָפען א גרויס פענסטער, דורך וועלכען דיא לבנה שיינט און מע זעהט בוימער פון א גארטען. עס הערט זיך אָפּט דאָס רוישען פון אַ דאַמפּף מיהל.)

ב ע ר ט ה אַ זיצט ביים שרייבטיש, עפענט אַ בריעף, לעזט, שרייבט, פער׳חתמעט קאָנווערטען, פערטיעפּט.

א י ד א אין א קלייד פון א גימנאַזיסטין און ט א ל י ע אַלס גימנאַזיסט זיצען ביידע ביים לאַנגען טיש. ער לערנט עטוואָס פון אַ בוך אויסווענינ, זעהר שטיל. מע זעהט, ער וויל ניט שטערען ב ע ר ט ה אַ ן. א י ד א צייכענט אַ קאַרטע, זיא איז זעהר נערוועז, מעקט און צייכענט ווייטער. מ י ל י ע זיצט ביי דער פּיאַנאָ און עקזער־צירט. אַללע אַ לאַנגע צייט בעשעפטיגט.)

ב ע ר ט ה אַ : (געפינט איין אָפענעם בריעף, ווענדעט זיך אום, ערשטוינט.) קינדער, ווער האָט געעפענט דעם בריעף? (קיין ענטפער.) עס איז א בריעף צו מיר פון׳ם פּאַפּאַ, ווער האָט עס געקענט עפענען? (קיין ענטפער.) קינדער, איהר הערט ניט, וואָס איך פרעג?

ט א ל י ע : ווייסט ניט, ווער עס קען זיך ערלויבען אַזאַ זאַך? מסתמא דיא פּרינצעסין אידא! פּרינצעסין!

א י ד א : (שטיל, קרימט איהם) פּרינץ האַמלעט פון דענעמארק! (לויט) איך האָב דערקענט דעם פּאַפּאַ׳ס האַנדשריפט... און וויל מע זאָגט עפּיס אויפ׳ן פּאַפּאַ, האָב איך ניט געהאַט קיין

גערולר... איך האָב נאָר געוואָלט זיך איבערצייגען, אויב עס איז אמת...

ט א ל י ע : זיא האָט זיך נאָר געוואָלט איבערצייגען, מעהר גאָר נישט...

א י ד א : מע זאָגט, דער פּאַפּאַ וועט אונז אַללעמען ברענגען א פּרעזענט... האָב איך געעפענט דיין בריעף, בערטהאַ.

ב ע ר ט ה א : (ערנסט) קינדער, איך האָב קיינע סעקרע־טען. איך מיין, וויא אין זיינע פערזיעגעלטע בריעף אַזוי אויך טיעף אין זיין הארצען דאַרף ניט זיין ביים מענשען אַזעלכעס, וואָס מען זאָל דאַרפען פערבאָרגען. אָבער דאָך עפענען אַ פרעמד בריעף איז אַזאַ פערברעכען, גענויא וויא ארוים'גנב'ען עטוואָס פון א פרעמדע טאַשע. מע דאַרף זיך אַזאַ זאַך קיין מאָל ניט ערלויבען!

מ י ל י ע : א יאַ, בערטהאַ, איך האָב זיך אַזאַ זאַך קיין מאָל ניט ערלויבט?

ב ע ר ט ה א : ניין, טייערע, און איך האָף דו וועסט עס קיין מאָל ניט טהון.

א י ד א : זיי ניט בייז אויף מיר, בערטהאַ. איך האָב דער־זעהען דעם פּאַפּאַ'ס האַנדשריפט האָב איך זיך ניט געקענט בעהער־שען. איך טהו אָפט אַזעלכע זאַכען, וואָס נאָכדעם פערדריסט מיך, אָבער איך קען זיך אַליין ניט איינהאַלטען. ביזט ניט בייז, בערטהאַ?

ב ע ר ט ה א : (שוין וויעדער בעשעפטיגט) איך בין ניט בייז, דו נאַרר. איך זאָג נאָר, מען דאַרף עס ניט טהון. (עפענט אַ בריעף) א נייעס! אונזער געוועזענע קעכין שרה שרייבט, אז איהר מאַן איז שוין ווידער קראַנק. זיא האָט נויטיג געדאַרפט חתונה האָבען! מע וועט איהר דאַרפען שיקען צעהן רובעל. איך זאָל ניט פערגעסען. (פערשרייבט אין איהר מעמאראַנדום.)

א י ד א : א נויטיגע זאַך! איך זאָל האָבען דאָס געלד, וואָלט איך בעסער געקויפט א קליינע בראַסלעטקע מיט א קעסטעלע און מיט א שלעסעלע... פיעלע גימנאַזיסטקעס האָבען אַזעלכע בראַסלעטען...

ב ע ר ט ה א: מענשען זאָלען ניט געפינען פיר נויטיג צו העלפען איינע דיא אנדערע, וואָלט ניט נויטיג געווען זיי זאָלען לע־בען אויף דער וועלט.

ט א ל י ע. דיא פרינצעסין זאָל פּרובען זיין א קעכנע, וואָלט זיא געוואוסט...

א י ד א: איך זאָל זיין א קעכין, וואָלסט דו געוועזען א קוטשער...

ט א ל י ע: און וואָס מיינסט דו, א קוטשער איז ניט אזא מענש, וויא דו?

ב ע ר ט ה א: (שטעהט אויף) קינדער, קריגט זיך ניט און טהוט בעסער אייער ארבייט. (געהט צו מיליען) נו, קינד, ביזט נאָך ניט מיעד? קום, איך וועל דיר א ביסעל העלפען. זיין ניט אזוי איינגעבויגען, וועסט נאָך קריעגען אזא הויקער וויא איך האָב און מע וועט פון דיר לאַכען. (גלייכט זיא אויס) אָט אזוי זיין, מיליטשקע!

מ י ל י ע: מען לאַכט פון דיר? ווער לאַכט פון דיר? (זיא שפּיעלט.)

ט א ל י ע: עס איז דאָ אויף דער וועלט גענוג גראָבע יונגען און אידיאָטען. (ער לערנט.)

ב ע ר ט ה א: מיליע, דו נעמסט די נאָטע ניט מיט דעם פינגער. דו זינג אין טאקט וואָס דו שפּיעלסט, וועט דיר זיין גרינ־גער. (זינגט מיט איהר וואָס זיא שפּיעלט) איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי, איינס.

א י ד א: בערטהא, פון מיין נייעם רעגענמאנטעל האָבען זיך ווידער אָבעגריסען צוויי קנעפּלאך.

ט א ל י ע: קענסט דו ניט נעמען אליין און צונעהען? פרינ־צעסין מיינע!

ב ע ר ט ה א: פאר וואָס האָסט דו ניט געזאָגט מאשע'ן? וועסט מאָרגען דארפען פריה געהן אין גימנאזיום, דו גיב בעסער, וועל איך דיר צונעהען דיא קנעפּלעך. (אידא ברענגט איהר מאַנטעל, טאליע קוקט אויף איהר בייז. בערטהא נעמט פון דער טאַשע נעה גע־

**צייג, זיצט בא דער פיאנא און נעהט.)** קינדער, וויא מע זעהט פון'ם טאַטענס בריעף, דאַרף מען איהם ערוואַרטען יעדען טאָג... אַזוי, אַזוי, טייערע. (זינגט) איינס, צוויי, דריי, איינס...

א י ד א: מע זאָגט, דער פאפא איז ניט געפאָהרען קורירען זיך, נאָר עפּיס אַנדערש.. הי! הי!

ט א ל י ע: וואָס קוועלט זיא אַזוי, דיא פּרינצעסין אונ־זערע?

א י ד א: איך קוועל פון'ם פּאַפּאַ.

ב ע ר ט ה א: אידא! (אַלע בלייבען שטיל) זאָל זיין גענוג, קינד! (קושט מיליען) אידא, אָט האָסט דו דיין מאַנטעל. נאַשעריין, האָסט נאָך עפּיס טאַשענגעלד? זעה, וואַרף ניט ארויס, איך לעג דיר אין טאַשע קליין געלד. (זיא טהוט עס.)

א י ד א: בערטהאַ, דו ווייסט, ע... ע... איך בין שוין ווידער שולדיג אין קאָנדיטאָרסקי א רובעל מיט צוואַנציג.

ט א ל י ע. קאָנפעקטען מיט לעקעך אויף באָרג? זיא האָט קרעדיט, דיא פּרינצעסין!

ב ע ר ט ה א: עס איז ניט שעהן, אידא... איך האָב דיר עט־ליכע מאָל געבעטען, זאָלסט ניט נעמען קיינע נאַשערייען אויף באָרג... דו זאָגסט און טהוסט פערקערט...

א י ד א: בעסער וואָלט געווען, זאָלסט איהם אָנזאָגען, ער זאָל ניט געבען אויף באָרג... ווארום, איך וויים אַליין ניט, פאַר וואָס, איך קען ניט... בערטהאַ, דו וועסט זעהען, איך וועל מעהר ניט נעהמען אויף באָרג... (צייכענט) אַי, צום טייוועל! צום טייוועל! (וויינענדיג און קאַפּריזנע) איך וועל היינט ניט ארויס־קריכען.

ב ע ר ט ה א: (געהט צו איהר) נו, וואָס איז שוין דאָרט ווידער?

א י ד א: איך מוז מאָרגען ברענגען דעם לעהרער פון געאָגראַפיע א קאַרטע פון אויסטראַליע און איך קען ניט ענדיגען.

ב ע ר ט ה א: א געשיכטע מיט אויסטראַליע! טאַליע,

אפשר וואָלסט דו געווען א פיינער מענש און געהאָלפען איהר א ביסעל?

ט א ל י ע: איהר העלפען? א נויטיגע זאך! זיא פערדיענט עס טאקי. איך זאָג דיר, אזא דיאמאנט!

ב ע ר ט ה א: דו שלעכטער! דעם וואָס פערדיענט העלפט מען ניט, מע בעצאָהלט איהם איינפאך פיר זיין פערדיענסט. הילפע הייסט, ווען מע העלפט דעם, וואָס האָט ניט פערדיענט. גיב מיר דיא קארטע, אידא, איך וועל זיך פאר'ן שלאָף אנידערזעצען אויף א שעה און וועל עס ענדיגען. (נעמט דיא קאַרטע.)

ט א ל י א: קארג האָט בערטהא צו טהון א גאַנצען טאָג, זיא דארף זיך נאָך זעצען פאר'ן שלאָף צייכנען דער פרינצעסין א קארטע! (נעמט צו ביי בערטהא'ן דאס פאפיער) איך וועל ענדיגען דיא קאַרטע. (קוקט אריין) א שעהנע אווסטראליע אָנגעשמירט! בערטהא, איך געדענק, וויא דו פלעגסט אָבזיצען שטונדען לאַנג מיט מיר, ווען איך בין געווען אין ערשטען און צווייטען קלאַסס.

ב ע ר ט ה א: יא? טאליע, איך האָב געמיינט, דו האָסט פערגעסען. איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען פאר וואָס האלט איהר אייך אין איין קריגען?

מ י ל י ע: חע! ער רופט זיא פרינצעסין, און זיא רופט איהם פרינץ פון יענעם מארק.

ב ע ר ט ה א: ניט פון יענעם מאַרק, פון דענעמארק, גנב. (דריקט מיליען צו זיך.) נארישע קינדער, אַפּנים אין אייערע יאָהרען קריעגען זיך אַלע ברידער און שוועסטער.

ט א ל י ע: אז דו ביזט געווען אונזער יונגע שוועסטער, האָבען מיר זיך מיט דיר ניט געקריעגט.

ב ע ר ט ה א: איך? קינדער, איך בין זעהר ווענינ געווען א יונגע שוועסטער. איך בין נאָך אַליין געווען א קינד און האָב שוין געמוזט ווערען אייער מאַמע. (קוקט אויף דער מוטער'ס בילד.) עס פליהען דיא יאָהרען... ע! קינדער, איהר ווייסט וואָס? עס איז א שעהנע נאַכט, קומט מיר וועלען זיך א ביסעל דורכגעהן. מיליע וועט זיך א ביסעל דורכלויפען, וועט זיא שלאָפען בעסער. און דו,

פּרינצעסין, דארפסט אויך א ביסעל מעהר שפּאצירען, דו זיצסט צופיעל... און דערווייל̇ע וועל̇ען מיר טאַקי צוגעהן צו דער מיהל̇, איך דארף נויטיג זעהען בערנאַרד'ן.

אידא: (לעבען שפּיעגעל, ברענגט איהרע האר אין אָרדנונג) אָה! איך פערשטעה... דיא הויפּטזאַכע איז ניט שפּאצירען, נאָר זעהען בערנאַרד'ן... איך פערשטעה שוין...

בערטהא (אונרוהיג) וואָס מיינסט דו? (רוהיג) נו, יא, איך דארף זעהען בערנארד'ן — איך האָב ערהאַל̇טען א וויכטי־גען געשעפטס־בריעף. איך האָב מורא, עס איז קיהל̇, טהו אָן א מאַנטעל̇ע, מיל̇יע. (טהוט איהר אָן אַ מאַנטעלע.) דו, מאַמזעל̇, נעם אויך עפּיס אויפ'ן האַלז... יא, יא, פראנטיכע מיינע! (טהוט איהר אָן עטוואָס אויפ'ן האַלז מיט געוואַלד.) איהר, מסיו אנאטאל̇ אשכנזי, געהט מיט?

טאל̇יע: ווי קען איך? א רעדע פון ציצעראָן אין ל̇עטיין קענען אויסוועניג. דער פּרינצעסין דערשמירען דיא אווסטראל̇יע... און...

בערטהא: אל̇זאָ, דער מאַן געהט ניט... קומט... טאל̇יע, איך האָף, איהר וועט דאָ ניט רויכערן קיינע פּאַפּיראָסען, האַ?

טאַל̇יע: (בעליידיגט) איך האָב געזאָגט, איך וועל̇ ניט רויכערן, רויכער איך ניט. איך בין ניט אידא!

אידא: ניין! דו ביזט דאָן קיכאָט דע ל̇א מאַנטשא.

טאל̇יע: און דו ביזט דאָננא דול̇צינעא דעל̇ טאָבאָזאָ!...

בערטהא: שאַ! שוין ווידער א מלחמה... אי, איהר מערדער וואָס איהר זייט. טאל̇יע, וועסט זיך דאָ הייסען געבען אַ גל̇אָז ווארעמע מיל̇ך. אויפ'ס וויעדערזעהן. (אידאַ'ן נעהמט זי גער־אָרמט, מיל̇יען פיהרט זיא ביי דער האַנד. אַל̇לע דריי אב.)

טאל̇יע: (געהט צום פענסטער, לוסטיג) א שעהנע נאַכט, א שעהנע ל̇בנה און שעהנע שטערען... און דער ל̇עבען וואָלט גער־ווען אזוי שעהן, ווען ניט דיא ל̇עטיינישע רעדע פון ציצעראָן... האַ? מאַכען איהר דיא קארטע פריהער (זעצט זיך צום טיש) זעה נאָר א'ן ארבייט! צו קיין זאַך טויג זיא ניט און קיין זאַך קען זיא ניט.

נאָר קוקען אין שפּיעגעל און פּוצען זיך. (צייכענט.) ניט וויא בערטהאַ, ניין, ניט געראָטהען אין בערטהאַ'ן. (אַ גערויש) ווער געהט עס? (שליאָמע הויז און שרה הינדע קומען.) אָה, שליאָמע הויז! אי! איך האָב פערגעסען, בערטהאַ בייזערט זיך, ווען מיר רופען אייך אזוי... אַן אַלטע געוואָנהייט... ענטשולדיגט...

שליאמע: יונגער מאן, אויב איך בין שליאָמע הויז, מסתמא דארף איך זיין שליאמע הויז... אויב מע רופט אונטען „הויז", איז דאָס נאָר דערפאר, ווייל מע רופט אויבען „הויז"! אַלץ דאָרטען! (ציינט אויפ'ן הימעל.)

טאליע: (שטיל) אי, פונקט איצט, ווען איך האָב אזוי פיעל ארבייט! (לויט) איהר דארפט עפּיס?

שרה הינדע: בערנארד איז ניטאָ אין קאָנטאָר, האָבען מיר געמיינט, ער מוז זיין בא בערטהאַ'ן. איהר ווייסט דאָך, היינט איז מיטוואָך... און אַלע מיטוואָך קומען מיר אין קאָנטאָר נעמען ביים זוהן דיא פּויטיקע... דאָס הייסט יאקבי אויף מאכען שבת און אויף גאנצע וואָך... 15 רובעל יעדע וואָך בוואָך. עס געהט דען ביי אונז אַוועק אַזאַ סוממע געלד? חלילה! נאָר גאָר ניט, ער איז אַ גוטער און גיט...

שליאמע: ער איז ניט חולה צו געבען... ער איז אַ זון... צוליעב וואָס דען דארף מען קינדער? נעמט בערטהאַ'ן, וואָס טהוט זיא ניט צוליעב איהר טאַטען? אזוי דארף זיין, קינדער וואָס דען!

שרה הינדע: וואָס גלייכסט דו זיך? איהר פאָטער איז שמואל אשכנזי... און זיא איז בערטהאַ...

שליאמע: יאַ, אַ קאָפּ איז אויף איהר ניט קיין ווייבער־שער. עס איז טאַקי נאָר דערפאר, ווייל זיא האָט, וויא זאָגט מען, האָט קיין פאראיבעל ניט, אַ זאָטעל...

שרה הינדע: (שטיל) אפשר וואָלסט דו צוגעמאכט דיין שניידערשען פּיסק?...

שליאָמע: מיט אַזאַ געשיכטע קען מען זיך ניט בעהאַל־טען. עס וואָלט ניט געווען, אויב עס וואָלט ניט גערדארפט זיין. יאָהרען לאַנג האָב איך געטראַכט: פאַר וואָס איז דאָס? ווארום איז

יענעם? און בין מיט מיין שכל דערגאַנגען, אז אַללעם קומט נאָר ווייל אויבען צייכענט מען: דו זיי אַ האָרבאַטע, און דו זיי אַ פּאָנפּעוואַטע, און דו זיי אַ פּאָדסליפּאָוואַטע... אַלץ דאָרטען!

טאַליע: (שטיל) נו, יאַ, הלואי וואָלסט דו געוועזן דאָר־טען, ניט דאָ. (לויט) איך וועל לויפען זוכען אייער בערנאַרד׳ן. (געהט) אז איך בין געוועזן א יונגעל פלעג איך סקלאָנאַיען: הוץ, הוצאַ, הוצו, הוצאָם... (אב.)

שרה הינדע: דיין זוהן איז טאַקי דאָ אין שטוב דער גאַנצער מענש און דו ביזט טאַקי צוליעב איהם אויך אַ גאַנצער ר׳ שמעלקע, פון דעסטוועגען דאַרפסט דו ניט פאַרגעסען, אז דו ביזט געוועזן שליאַמע הוץ דער זשענסקער שניידער...

שליאָמע: בכן איז באשר איז וואָס? אז מע האָט אויבען אָנגעשריעבען: דו זיי אשכנזי און דו זיי שליאָמע הוץ, איז ער דער חכם און איך דאַרף שווייגען?

שרה הינדע: און בערטהאַ? הלואי האָט יעדער אזאַ האָרב און אַזוי פיעל חן ביי גאָטט.

שליאָמע: דעם האָרב בין איך דיר מוחל און... (טיעפזיניג) דער חן וואָס אַזעלכע האָבען איז ניט פון גאָטט... איך וויים, פון וואַנען דיא דאָזיגע האָבען חן... דו פרעג שליאַמע הוץ, וועט ער דיר זאָגען... איך האָב פיעל געהערט, פיעל געפרעגט און פיעל געטראַכט פון דיא דאָזיגע זאַכען...

שרה הינדע: בערנאַרד פערשטעהט אַ ביסעל מעהר פון שליאַמע הוץ און פון דעסטוועגען לעקט ער דיא פינגער פון איהר... (בערנאַרד ערשיינט ביים פענסטער און הערט זיך איין מיט אַ פרעהליכען שמייכעלע.) הלואי שיקט דער אויבערשטער צו בער־נאַרד׳ן אזאַ ווייב. אַ קלייניגקייט אזאַ עשירות מיט אזאַ יחוס!...

שליאָמע: בכן איז באשר איז וואָס? וועט ער געהן שלאָפען מיט׳ן יחוס? גולם, ער איז דאָך אַ מאַנזביל, און אויב זיא געפעלט איהם איצט, וועט זיא איהם שפּעטער ניט געפעלען. דיא אויגען זיינען דאָך איהם ניט ארויסגעקראָכען, און וואו ער וועט

נאָר דערזעהען א ווייב, וואָס איז טאַקי ווייב, וועט איהם דער רוח נעמען. (בערנאַרד ווערט טרויריג.)

ש ר ה ה י נ ד ע: זאָלען מיינע שונאים אזוי וויסען פון זייער געזונד, וויא איך וויים, וואָס דו רעדסט!

ש ל י אָ מ ע: בכן איז באשר איז וואָס? דו פרעג שליאָמע הוצן. אָט האָב איך זיך אָבגעפּלאָגט מיט אזא חאָלעריע וויא דו און האָב איבער דיר פון מיין גאַנץ לעבען קיין הנאה געהאַט. ווי־פיעל מאָל האָב איך זיך פערשאָלטען דיא יאָהרען און געביין? ווי־פיעל מאָל האָב איך געטראַכט דיך גט׳ן, אָדער וויא אזוי עס איז פון דיר פּטור ווערען, אָדער גאָר דער׳הרג׳ענען דיך צום שוואַרץ יאהר? נאָר גאָר ניט, מע איז דאָך א מענש און א שטיקעל יוד אויך דערצו. מע האָפט, אפשר וועט דער רבש״ע זיך מרחם זיין און וועט אליין מאַכען אַן ענדע. דערווייל האָב איך זיך מיין גאַנץ לעבען גע־שלאָגען מיט דיר קאָפּ אָן וואַנד...

ש ר ה ה י נ ד ע: נו, שלאָג זיך מיט זיך אליין קאָפּ אָן וואַנד...

ש ל י אָ מ ע: ניין, ברודער, אַז מע האָט חתונה, דאַרף מען קודם כל קוקען אין תוך אריין. א ווייב דאַרף האָבען אויגען, וועל־כע זאָלען קיצלען טיעף ביז דער נשמה, און זיא דאַרף האָבען א פּאָר באַקען וויא פּאַמפּושקעס און זאָל טאַקי האָבען א...

ש ר ה ה י נ ד ע: העד אויף צו רעדען, פערשרפעט זאָלסט דו ווערען! (בערנאַרד פערשווינדעט.)

ש ל י א מ ע: אלא וואָס דען, אויבען זאָגט מען יא? העלפט דאָך ניט, קוק יא, קוק ניט... אַלץ דאָרטען!... (ציינט אויפ׳ן הימעל.)

ש ר ה ה י נ ד ע: עס איז נאָך גוט, וואָס בערנאַרד האָט ניט געהערט דיינע שניידערשע דרשות. ער ווייסט טאַקי, אַז דו רעדסט, איז פּונקט וויא דער הונד להבדיל בילט, אָבער ער וואָלט דאָך געהאַט יסורים. ביי שליאָמע הויז איז בערטהאַ אשכנזי׳ס א קליינינקייט!

ש ל י א מ ע: אויב זיא איז ניט קיין קליינִיגקייט, בכן איז באשר איז וואס? (אַ געוויש.)

ש ר ה ה י נ ד ע: ווער שוין פערשטומט, איך הער מענשען געהען. (בערטהאַ, מיליע און אידא קומען צוריק, שליאמע און זיין פרוי שטעהען אויף.)

ב ע ר ט ה א: אה, גוטען אבענד! היינט איז געווים מיט־וואך, האָבען מיר געסט. זיצט... מע קען אייער בערנארד׳ן גאָר ניט געפינען; ער וועט מסתמא באלד קומען. איהר וועט מיך ענט־שולדיגען אויף אַ מינוט, איך מוז מיין מיזינקעלע פיהרען שלאָפען. אָהן מיר וועט זיא ניט געהן. איך מוז זיא אנידערלעגען אין בע־טעלע און צודעקען...

ש ר ה ה י נ ד ע: איהר באַלעוועט זיא, נעמט זיא זיך איבער.

ב ע ר ט ה א: קיין וואונדער ניט, אויסגעוואקסען אויף מיינע הענד.

א י ד א: (ביים טיש) דו זעהסט, דער דאָן קיכאָט האָט מיר דיא קארטע נאָך ניט געמאכט!

ב ע ר ט ה א: און זיא, דיא מאמזעל, איז געווען בעסער? שוין געוועזן אַ גרויסע מויד און איך פלעג מוזען זיצען לעבען איהר און דוקא גלעטען זיא איבער׳ן קאָפּ, ביז זיא פלעגט איינשלאָפען. אידא, מענסט זיין רוהיג, טאליע האָט צוגעזאגט, וועט ער האלטען וואָרט. ער איז אַ מאַן! קום, מיליטשקע... ענטשולדיגט! אידא, דיר איז אויך צייט צו געהן שלאָפען.

א י ד א: יא, באלד. (ווינקט כיטרע.) איך דארף נאָך עפּיס טהון.

מ י ל י ע: אַ גוטע נאכט, אידא!... אַ גוטע נאכט, ר׳ שליאמע הו... (בערטהא לאָזט זיא ניט אויסרעדען „הוץ“.)

ש ל י א מ ע: אַ גוטע נאכט, קיצקעלע.

ש ר ה ה י נ ד ע: שלאָף געזונטערהייט. (בערטהא מיט מיליען אב.)

א י ד א: (לויפט צו שליאמען) ר׳ שליאמע הוץ, נו מיר

שפּיעלען אין באַראַן בויך! (שטויסט מיט איהר שטערן זיין שטערן. ער לאַכט.) איהר ווייסט, שרה הינדע, וואָס איך האָב נאָך צו טהון? שש! איך וואַש אַלע נאַכט פאַר'ן שלאָף דעם פּנים מיט דעם טוי וואָס ליעגט אויפ'ן גראָז. מע זאָגט, דערפון ווערט דאָס פּנים גלאַט וויא א סאַמעט.

ש ר ה ה י נ ד ע: הערסט? און איך האָב ניט געוואוסט.

א י ד א: (לויפט און זינגט „אזרא'ס ליעד") „דעם סולטאַ־אַנס שעהנע טאָכטער איז יעדען אבענד שפּאַצירען געגאַנגען"... (אב.)

ש ל י א מ ע: זעהסט דו, דיא דאָזיגע איז שוין א שטיקעל סחורה... אז מע האָט אַזאַ ווייבעל, דאַרף מען שוין ניט קיין טובות פון'ם רבש"ע!

ש ר ה ה י נ ד ע: אַן עזות פּנים מיט א שייגעץ! נו, יאַ, באַ דיר קומט דאָך אוים קאַפּויר מיט דיא פיס... ביזט שוין אַזאַ מענש.

ש ל י א מ ע: נו, יאַ, מסתמא איז אויבען אָנגעצייכענט: שליאמע הוץ דאַרף זיין אַזאַ מענש, באַ וועלכען אַלעס דאַרף אויס־קומען קאַפּוירעם מיט דיא פיס. אַלץ דאַרטען!

א י ד א: (אין פענסטער שטיפענדיג) בערטהאַ וועט פון זיי ניט פּטור ווערען ביז טאָג. (לויט) שש! אייער בערנאַרד איז אין קאַנטאָר, ער רופט אייך. געהט גיכער! (שטיל) איך האָב געזעהען, ער איז גאָר אוועק אין גאַרטען. (פערשווינדעט.)

ש ר ה ה י נ ד ע: וויא געהט מען אוועק אָהן א זיי גע־זונד? (שטעהן ביידע אויף.)

ש ל י אָ מ ע: מיר וועלען נאָך אריינגעהן אהער שפּעטער. אַזעלכע וויא זיי שלאָפען ביי נאַכט זעהר ווייניג. א מאָל פלעגען אַזעלכע ביי נאַכט אומפאָהרען אויף א קאָטשערע, איצט זיצען זיי ביי נאַכט אין א קאַנטאָר און רעכענען... עס ווערט געטהון מיט'ן זעלבען כח. דו פרעג שליאמע הוצן, וועט ער דיר דערציילען פון דיא דאָזיגע זאכען. (ביידע אב.)

(אַ פּויזע. מע הערט אידא זינגט אין גאָרטען „אזרא'ס ליעד". בערטהאַ קומט.)

ב ע ר ט ה א: וואו זיינען דאָס מיינע געסט? אנטלאָפען?

א י ד א: (אין פענסטער) אז זיי קומען, פערגעסען זיי אוועקגעהן, האָב איך זיי אונמיסטען אַבגענארט און געזאָגט, אז בערנארד רופט זיי.

ב ע ר ט ה א: אַבגענארט עלטערע מענשען? פע! אידא, דאָס איז ניט שעהן!

א י ד א: וואָס זשע, מע טאָר קיין מאָל ניט א שטיף טהון?

ב ע ר ט ה א: שטיפען מעג מען און מע דארף, אָבער אין א'ן אונשולדיגען, אנשטענדיגען און עהרליכען וועג. אָבנארען איי־נעם אָדער וועה טהון איהם הייסט ניט שטיפען, — דאָס הייסט זיין ווילד און אויסגעלאַסען. (זעצט זיך צום טיש) פאַר וואָס געהסטו ניט שלאָפען? (אידא גיט אַ מאַך מיט'ן האַנד און לויפט פאָרט) אי, דיא ערציהונג פון קינדער איז זעהר א שווערע און פעראַנטוואָרט־ליכע זאַך... מיר ווילט זיך זעהר מאַכען פון זיי עהרליכע, גוטע מענשען און וואָס עס וועט פון זיי ארויסקומען, ווייס איך ניט. (פערטיעפט זיך אין איהרע פאַפּירען. ב ע ר נ א ר ד גיט אַ קלאַפּ אין טיר און קומט אַריין.)

ב ע ר נ א ר ד: שטער איך אייך ניט, פריילין בערטהא?

ב ע ר ט ה אַ: ניין! ניין! פערקערט, איך האָב אייך גע־זוכט, איך דארף אייך האָבען. זיצט! (ער זעצט זיך) איך האָב ערהאַלטען א בריעף וואָס פערשאַפט מיר פיעל שמערצען. דער פאַפאַ האָט צוגעזאָגט דעם ערשטען יוני ארויסשיקען דיא פאַרטיי מעהל קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. עס איז שוין היינט דער 26טער מאַי. דיא צוויי טויזענד זעק מעהל וועלען מיר ניט קענען האָבען פערטיג.

ב ע ר נ א ר ד: העור אשכנזי האָט דאָך נאָר צוגעזאָגט, ווע־לען מיר זיך ענטשולדיגען...

ב ע ר ט ה א: ניט נאָר צוגעזאָגט, דער פאַפאַ האָט אונטער־געשריעבען א קאָנטראַקט און זיי פאָדערען... אָט איז זייער בריעף (גיט איהם אַ בריעף) דער פאַפאַ איז ניטאָ און איך ווייס ניט, וואָס מע טהוט. וואָס זאָגט איהר, בערנארד?

ב ע ר נ א ר ד: איך זאג, עס איז א גרויסע עולה פון הערר אשכנזי. ער קיממערט זיך ניט פון קיין זאך. עס איז ווענינ, וואס ער האט אויף איך ארויפגעווארפען אזא הויז, אזא בעלי־בתי'שקייט, האט איך איבערגעגעבען אללע זארג און דיא ערציהונג פון אללע קינדער, האט ער נאך אין גאנצען פערלאזט זיך אויף איך מיט אללע זיינע געשעפטען!

ב ע ר ט ה א: נו, וואס איז דארט? ערשטענס, קען מען דאך אויף מיר מעהר לאסט ארויפווארפען, חע! חע! (לאכט גוטמוטהיג) וויל איך בין א בריאה מיט א הארב, און צווייטענס, ערנסט גע־רעדט, ער איז דאך א טאטע און איין אלטער מענש...

ב ע ר נ א ר ד: איך אכטע זעהר הערר אשכנזי. גאנץ אפען גערעדט, איך פערגעס ניט, אז ביי איהם אין שטוב בין איך פון אן ארמען שניידערס א יונגעל געווארען איין אנגעזעהענער מענש און א פיהרער פון א גרויסען געשעפט... אבער דאך איך מוז זאגען, אויב ער איז א טאטע, דארף ער א ביסעל מעהר דענקען פון זיינע קינדער, און אויב ער איז יא איין אלטער מאן, דארף ער ניט דענקען פון דעם, פון וואס ער דענקט איצט. עס איז ניט שעהן! איהר ווייסט, וואוהין ער איז געפאהרען?

ב ע ר ט ה א: וואס מיינט איהר דאס? דיא קינדער האבען דא היינט אויך עפיס וועגען איהם בעמערקט. איך וויים, ער איז שוואך און איז געפאהרען קיין אדעס צו א ספעציאליסט.

ב ע ר נ א ר ד: שוואך איז ער אפשר, אבער געפאהרען איז ער ניט צו א דאקטאר א ספעציאליסט, — ער איז געפאהרען צו א ספעציאליסט פון... פון שידוכים.

ב ע ר ט ה א: וואס? צעהן יאהר געוועזן אן אלמן און איצט, ווען ער איז שוין אזא אלטער מאן, ווען אללע קינדער זיינען שוין געשטעלט אויף דיא פיס, — איצט וועט ער דענקען פון א שידוך?

ב ע ר נ א ר ד: ער שרייבט מיר, איך זאל איך פארבעריי־טען. מע רעדט איהם א היבשע אלמנה, וועלכע איז א מאל געוועזן גאנץ רייך און וועלכע האט א טאכטער פון א יאהר 17—16, זעהר א גוטע פיאניסטין.

ב ע ר ט ה א: (איראָניש) אַ היבשע אַלמנה, וועלכע איז אַ מאָל געוועזן רייך און האָט אַ טאָכטער אַ פּיאַניסטין? נו, וואָס זייט איהר נאָך אונצופריעדען? עס איז דאָך זעהר אַ פיינער שידוך! ע! גלויבט עס ניט, איך האָב ערשט היינט פון פּאָפּאַ געקראָגען אַ בריעף און ער שרייבט מיר ניט אַ וואָרט. עס קען זיין מע רעדט איהם אַ שידוך. ווּעמען לאָזען דען דיא שדכנים צורוה? אָבער חתונה האָבען וועט ער ניט, בעפאָר ער וועט זיך מיט אונז מישב זיין. אַם ווּעניגסטען פערדיען איך דאָך, אַז מע זאָל זיך מיט מיר אַן עצה האַלטען וויא מיט אַ פריינד.

ב ע ר נ א ר ד: פריילײן בערטהאַ, איך האָב מורא ער וועט יעצט חתונה האָבען.

ב ע ר ט ה א: יאַ? חאַ! חאַ! וואָס זשע האָט איהר מורא? אויב ער מיינט, אַז ער דאַרף חתונה האָבען, מסתמא ווייס ער דאָך. און אויב זיא איז איין אַנשטענדיגע פרוי, זאָל זיין מיט מזל.

ב ע ר נ א ר ד: איך האָב מורא, ווייל איך דענק וועגען אייער לאַגע דאָ אין הויז. עס קומען איצט פאַר אייך נייע זאָרג מיט נייע אונאַנגענעהמהייטען. בערטהאַ, זאָגט אַליין, ביז וואַנען וועט איהר שלעפען אויף זיך אַזאַ שווערען יאָך? איז נאָך ניט צייט, איהר זאָלט אייך אויך אָברוהען? איהר האָט נאָר געלעבט פיר אַנדערע, האָט איהר דען קיין רעכט ניט איצט פיר זיך אויך אַ ביסעל לעבען? (אידאַ עפענט דעם פענסטער און הערט זיך צו, זעהר נייגעריג.)

ב ע ר ט ה א: מיין אויפגאַבע און מיינע פליכטע זיינען נאָך ניט געענדיגט. פערגעסט ניט, מיליטשקע איז נאָך אַ קינד און אידאַ איז אויך נאָך צו יונג. זיא איז פונקט אין דיא יאָהרען פון איהר ענטוויקלונג, ווען מע דאַרף אויף איהר זעהר גוט אַכטונג געבען.

ב ע ר נ א ר ד: איהר וועט דאָך ניט געהן צוליעב אידאַ'ן אָפּפערן אייער לעבען...

ב ע ר ט ה א: מיין פריינד, איך האָב יעצט קיין אַנדערע

ציעל, וויא אָפּפערן זיך צו ליעב זיי. מיינט ניט, אז פּערזענליכער גליק איז אַללעס.

בערנארד: מע דענקט גאָר ניט צונעמען בא איך דיא מעגליכקייט צו זאָרגען פאר מיליען מיט אידאן.

בערטהא: וואָס מיינט איהר דאָס? (אידא קוקט אויף זיי בייז. זיא איז זעהר פאָרזיכטיג און פערשווינדעט אָפּט.)

בערנארד: איך מיין גאנץ איינפאך, ווען איך מאכט זיך אַ פּאססענדע פּארטיע און איהר זאָלט ניט דארפען פערלאָזען אייער היים און אייערע פּליכטע?

בערטהא: (גוטמוטהיג) וויא? חאַ! חאַ! איהר מיינט, איך זאָל חתונה האָבען? דיא האָרבאַטע מויד זאָל זיך פּשוט פאר איהר געלד קויפען א חתן מיט'ן צושטעלען אהיים? איך בין ניט אזא נארר!

בערנארד: איך בעט איך, מיינט ניט, עס איז א שפּאָס. איך קען אייך שוין ניט פון היינט און ניט פון נעכטען. איהר ווייסט, מיך קען מען ניט קויפען פיר געלד.

בערטהא: (לאַכט) וואָס? איהר אַליין ווילט זיין דער פּרעטענדענט? דאָס איז א סיורפּריז!

בערנארד: יא, איך אַליין. איהר ווייסט, איך האָב אַ היבשען קאַפּיטאל אין אייער פּאַפּאַ'ס געשעפטען און מיך אינטערעסירט זעהר וועניג א רייכע כלה. מיך אינטערעסירט דיא רייכקייט פון אייער איידעלען חאראַקטער און פון אייער איידעלעם הארץ...

בערטהא: איך האָב גאָר ניט געוואוסט, אז איהר האָט פון מיר אזא גוטע מיינונג, אָבער זאָגט מיר נאָר, וואָס איז מיט אייך פּלוצלינג געוואָרען? זעהט נאָר, אין אזא שעהנע זומער נאַכט וואנדערט אום דיא געטין פון ליעבע מיט איהרע טרוימען. מאָר־גען אבער וועלען דיא טרוימען אַוועק און איהר וועט זיך אויפכאַ־פּען מיט א הארץ־קלעמעניש און מיט א קאָפּ ווייטאָג... (לאַכט און וויינט) מיך אָבער קען דיא שעהנע געטטין ניט ארייננכאַפּען אין איהרע נעצען, איך געהער צום מלאך המות. (פּויזע. ווייט אַ טרויריגע קירכען־גלאָקע.)

ב ע ר נ א ר ד : איך בעט אייך, רעדט ערנסט מיט מיר. איך בין ניט קיין יונגעלע, בין שוין 35 יאָהר אַלט. איך האָב שוין פיעל דורכגעלעבט און איבערגעליטען. עס איז בא מיר ניט א טרוים פון א זומער נאַכט — עס איז איין ערנסטער געדאַנק, איין איבערלעגטעס געפיהל. איך ווייס אללע אייערע אייגענשאַפטען און פערשטיי, אז גליקלאך קען זיין דער מאַן, וואָס קען האָבען אַזא קלוגען קאמראד וויא איהר, אַזא בעגאַבטע פרוי, אַזא ערציהערין און מוטער צו זיינע קינדער, אַזא ווירטין און ראטהגעבערין אין שטוב. ניט פּלוצלינג בין איך געקומען צו דעם בעשלוס, איך האָב פיעל נאָכגעטראַכט און אללעס אָבגעוועגען... בערטהאַ, שטויסט מיך ניט אָב פון זיך! איהר קענט מיך... איך בין ניט זעהר אינטעללי־גענט. וויא קום איך דערצו? אָבער איהר ווייסט, איך בין ניט קיין לייכטזינניגער מענש (טרערען אין זיין שטיממע) אויב איך זאָל אייך ניט קענען אכטען און שעצען, ווער דען אין דער גרויסער וועלט וועט דאָס זיין אימשטאַנדע צו טהון? (דיא גלאָק הערט אויף צו קלינגען.)

ב ע ר ט ה א : איך דאַנק אייך, איהר זייט זעהר א גוטער מענש, אָבער...

ב ע ר נ א ר ד : מיין מוטער וועט זיך גליקלאך שעצען צו האָבען אַזא טאָכטער.

ב ע ר ט ה א : אַזוי? נון, און אייער מוטער'ס זוהן?

ב ע ר נ א ר ד : איך? מיין גליק וועט זיין צו געבען אייך איין פריעדליכעס, רוהיגעס, זאָרגלאָזעס לעבען. איך מיין עס מיט מיין הארץ און זעעלע!

ב ע ר ט ה א : בערנארד: איך וועל אייך זאָגען דיא וואהר־הייט, איך וואָלט שוין געדאַרפט א ביסעל זיך אָברוהען און האָ־בען ווענינער זאָרג. איך האָב שטענדיג געזאָרגט נאָר פאר אַנדע־רע... עס דארף זיין א גרוים גליק צו פיהלען, אַז אויף דער גרויסער וועלט איז דאָ איין מענש, וואָס זאָרגט חאָטש א ביסעלע פאר דיר...

ב ע ר נ א ר ד : (נעמט איהר האַנד) בערטהאַ, ערלויבט מיר זאָרגען פיר אייך.

ב ע ר ט ה אַ: וואַרט... איך וויל אַ קוק טהון אין אייערע אויגען. איך וויים, איהר האָט עהרליכע אויגען. (קוקט אין זיינע אויגען.)

ב ע ר נ אַ ר ד: בערטהאַ, זאָל אויסגעלאָשען ווערען דאָס ליכט פון מיינע אויגען, אויב זיי קוקען ניט אויף איך מיט איין עהרליכער, אויפריכטיגער אבזיכט.

ב ע ר ט ה אַ: ניין! ניין! מע דאַרף ניט אַזוי שווערען! איך פיהל, איהר רעדט יעצט אויפריכטיג... הייסט עס, עס קען זיין, פאַר מיר איז נאָך אויך דאָ אַ שטיקעלע גליק, און איך האָב געמיינט. (פאַלט צום טיש און וויינט.)

ב ע ר נ אַ ר ד: וואָס וויינסט דו, בערטהאַ?

ב ע רט ה אַ: איך וויין... אָבער דאָס איז גוטע טרערען... פאַר וואָס ביזט דו פריער ניט געקומען? איצט מעג איך דיר זאָגען דיא וואהרהייט, איך האָב לאַנג געוואַרט אויף דיר. איך האָב געמיינט, דער איז אַ גוטער און אַ קלוגער... ער פיהלט דאָך, איך בין ניט שולדיג, וואָס דיא נאַטור האָט מיך גרויזאם בעהאַנדעלט... ער קען מיך און וויים, אז מיין האַרץ און מיין זעעלע זיינען ניט ערגער, וויא בא אנדערע. איך האָב געוואַרט און ער האָט געשוויגען... דאַן האָב איך בעשלאָסען: אויב דער ניט, קיינער ניט! און ער איז דאָך געקומען! (אידא גיט אויף זיי אַ קוק מיט צאָרן און פעראַכטונג און פערשווינדעט.)

ב ע ר נ אַ ר ד: יא, איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם, אָבער בין געקומען צו דיר, מיין טייערע, מיין גוטע בערטהאַ. (אומאַרמט זיא. וועיט דער כאָר פון דיא האָפנונגען און טרוימערייען) עס איז שוין צייט איך זאָל אויך האָבען אַ היים. און ווער עס וויל האָבען אַ גליקליכען, פריעדליכען, רוהיגען היים, דאַרף נעמען אזא פרוי וויא דו, מיין גוטע, מיין קלוגע, מיין נאָבלע בערטהאַ. (פאַלט צו מיט זיינע ליפען צו איהר האַנד. דאָס געזאַנג שאַלט העכער. פויזע, אַ גע־רויש. בערטהאַ רייסט אַרויס איהר האַנד) וואָס האָסט דו מורא, נאַרר? זאָללען זיי וויסען...

ב ע ר ט ה א: איך שעהם זיך... מע דארף זיי פריער פאָר־בערייטען... (טאליע לויפט אַריין. דאָס געזאַנג הערט אויף.)

ט א ל י ע: בערטהא, מיר האָבען געסט! דער פּאַפּאַ איז געקומען צופאָהרען. מיט איהם עפּיס א דאמע מיט א מאַמזעל! (שליאמע און שרה הינדע קומען.)

ש ל י א מ ע: בכן איז באשר איז וואָס? דארפען מיר זי־צען דאָרטען?

ש ר ה ה י נ ד ע: האָסט אפנים פערגעסען אויף אונז דאָר־טען אין קאַנטאָר...

ש ל י א מ ע: בא דער מאַמען בא דיינער זיינען שוין דאָרט געוואָרען דיא אויגלאַך אזעלכע קליינע וויא בא א הון בין מנחה למעריב און איך אַליין בין שוין אויך א פּאָאָר מאָל א פאָהר געטאָן מיט'ן נאָז קיין צפון זייט און קיין דרום זייט.

ב ע ר נ א ר ד: דערפאר וועט איהר באלד הערען פון מיר א זאַך, וואָס וועט אייך...

ב ע ר ט ה א: ניין! ניין! ניט יעצט, ניט היינט! שפּע־טער! (אידא לויפט אַריין זעהר אויפגערעגט.)

א י ד א: ווער איז גערעכט? איך האָב אייך געזאָגט, דער פּאַפּאַ וועט אונז ברענגען א פּרעזענט... אזא אַלטער זאָל דענקען פון אזעלכע זאַכען! (אַללע ערשטוינט.)

ב ע ר ט ה א: שש! אידא! קום אהער צו מיר! פערגעם ניט, פון וועמען רעדסט דו דאָס!

א י ד א: (קוקט אויף איהר מיט פעראַכטונג) איהר זייט אַללע גוטע! איהר זייט אַללע גוטע! (עס הערען זיך שטיממען. אשכנזי עפענט דיא טהיר.)

א ש כ נ ז י: יא, קומט אריין אהער!... זיי זיינען אַללע מסתמא דאָ בא בערטהא'ן, וויא געוועהנליך... הא? וואָס? דומ־הייטען! וויא באלד איך בין צופריעדען, דארפען מיינע קינדער געוויס צופריעדען זיין. (ער אַריין, נאָך איהם סאָפיע און נינא אין רייזע־קליידער) גוט'ן אבענד, קינדער, איך האָב אייך דיא עהרע פאָרצושטעלען... ע... מאדאם סאָפיע גרינ־

שטיין, וועלכע... וועלכע איז יעצט מיין פרוי און אייער צווייטע מוטער... און דאָס איז פריילין נינא (אללע ערשטוינט.)

שליאָמע: (קוקט אויף סאָפיען און זיין שרה הינדע.)

טאליע: (ביים טיש, נעמט צונויף זיינע ביכער) איך וועל איהם באַלד זאָגען, אז איך בלייב דאָ ניט אין שטוב. (געהט צום פאָטער, בעגעגענט דעם בליק פון נינא'ן. זיי לאָזען ביידע אַראָב דיא אויגען פערשעהמט.)

אידא: (וויינט שטאַרק) ווידער צו זעהען און צו הערען, וואָס איך האָב היינט ביי נאכט געהערט און געזעהען, וויל איך בעסער שטאַרבען! (פאַלט מיט אַ געוויין אויף בערנאַרד'ס שולטערן. דיא קירכען־גלאָקע שאַלט ווידער און ווייט זינגט דער כאָר פון דיא טרויריגע גייסטער וויא אין פראָלאָג.)

בערנאַרד: (גלעט אידאַ'ן זעהר צאַרט) בערוהיגט אייך, אידא! בערוהיגט אייך, אידאטשקע!

אידא: (ווהיספערט) איך וויל ניט, איהר זאָלט זיא ליעב האָבען, בערנאַרד! איך וויל ניט, איהר זאָלט זיא ליעב האָבען! (סאָפיע און נינא דיא גאַנצע צייט אין א גרויסע פערלעגענהייט.)

בערטהא: (בעטראַכט דיא געסט) איך האָף, דער פאַפאַ האָט געבראַכט אין זיין הויז אַ מענש, וואָס וועט זיין א טרייער פריינד צו איהם און צו זיינע קינדער. (גיט סאָפיען דיא האַנד. דיא גלאָקע און טרויריגער כאָר מעהר פאָרטאָ.)

(פאָרהאַנג)

# צווייטער אקט

(דאָס זעלבע צימער. נינא זיצט בא דער פּיאַנאָ און שפּיעלט עטוואָס זעהר טרויריגעס גאַנץ פּיאַנא. דורכ'ן פענסטער זעהט מען, אַללעס איז בעדעקט מיט שניי. נינא פערדעקט איהר געזיכט און בלייבט זיצען אונ־בעוועגליך. סאָפיע קומט זעהר אויסגעפּוצט.)

סאָפיע: אַט איז זיא! וואָס זיצסט דו עפּיס דאָ?

נינא: וואָס איז מיר דער אונטערשייד? אבי איך ליעג ניט אין דרערד.

סאָפיע: נינא, איך פערשטיי ניט, מיט וואָס ביזט דו אונ־צופריעדען? דיר פעהלט דען דאָ עטוואָס?

נינא: ניין! מיר פעהלט גאָר נישט.

סאָפיע: וואָס זשע געהסט דו אום דאָ וויא אין עולם התוהו? איך האָב געמיינט דאָ וועסט עקזערצירען יעדען טאָג 5—6 שעה...

נינא: פינף, זעקס שעה באַראַבאַנען אין א פרעמד הויז! וואָס רעדסט דו דאָס, מאַמאַ?

סאָפיע: אין א פרעמד הויז גאָר? דו ביזט אין דעם הויז פון דיין מוטער'ס מאַן!

נינא: וואָס איז מיר מיין מוטער'ס מאַן?

סאָפיע: דיין מוטער'ס מאַן איז דיין צווייטער פאָטער.

נינא: נו, יא, עס רעדט זיך נאָר אזוי... עס קען ניט זייז קיין צווייטע מוטער און עס קען ניט זיין קיין צווייטער פאָטער, עס קען נאָר זיין א צווייטער מאַן...

סאָפיע: (זיפצט) פערגינסט ניט דער מאַמא דאָס גליק? וועסט ווערען עלטער, וועסט דו פערשטיין.

נינא: האָסט זיך אויסגעפּוצט, גרויסאַרטיג!

סאָפיע: עס איז ניט פיר מיין פערגניגען וועגען, מעגסט

מיר גלויבען. מיר פרויען לעבען נאָר צוליעב אן אנדערנס פערגני־
גען וועגען. מיר מוזען טהון, וואָס דעם מאַן געפעהלט...

נ י נ א: (פערצווייפעלט) אַי! איך האָב ניט קיין היים!
איך האָב ניט קיין היים!

ס אָ פ י ע: איך פיהל זיך אפשר אויך ניט אין גאנצען וויא
אין דער היים... נו, וואָס קען מען טהון? איך האָב דען איין אנדער
ברירה? נינא, א פרוי איז קיין מאָל ניט אין איהר היים, זיא איז
אין איהר מאַנ'ס היים... אויב זיי קענען אונז פערטראָגען, געבען
זיי אונז פלאַץ אין זייער היים, אויב ניט, נעמען זיי צו בא אונז
דיא היים...

נ י נ א: בעסער שטארבען, איידער צו לעבען אזוי...

ס אָ פ י ע: אזוי לעבען מיר אללע, כמעט אללע. מיר קענען
אליין ניט זאָרגען פיר זיך, מוזען מיר זיין אונטערטהעניג צו אונ־
זערע פערזאָרגער... אייניגע האָבען חאָטש א גליק און דיא פער־
זאָרגער זיינען זיי אם ווייניגסטען ניט אנטיפאטיש... דאָס
גרעסטע צאָהל אָבער, אללע כמעט דארפען לעבען, ליעבען און מאַ־
כען זיך חנ'עווריג צו זייערע פערזאָרגער, וועלכע זיינען זיי אונער־
טרעגליך עקעלהאפטיג!... אזוי וואָכען, מאָנאטען, יאָהרען, א גאנץ
לעבען...

נ י נ א: מאמא, שוויג בעסער!...

ס אָ פ י ע: איך האָב דאָך ניט געקענט צולאָזען מיין טאָכ־
טער זאָל זיין, חלילה, א נעהטערין, א שניידערין — דאָס וואָלט
געווען א גרויסע שאנדע און א גרויסער אומכבוד פאר מיר. אָי,
דו זאָלסט אָבער ווערען א גרויסע און בעריהמטע פיאניסטין, וואָלט
עס געווען אַן עהרע און א פרייד פאר דער מאמען.

נ י נ א: נו, יא, איך לעב דאָך נאָר דערויף דו זאָלסט האָבען
פון מיר נחת, כבוד און פרייד!

ס אָ פ י ע: האָסט דיין טאטענ'ס שגעון, זאָל ער מיר מוחל
זיין. ניט איין מאָל האָב איך פון איהם געוויינט און ביטער גע־
קלאָגט און ניט איין מאָל וועל איך קלאָגען און וויינען פון דיר...
דער טאטע מיט דיא ביינער!...

נ י נ א: נו, יא, ווען דער פּאפּא האָט געלבט, האָסט דו גע־ליעבט דעם פּאפּא, יעצט לעבט דער הערר אשכנזי, האָסט דו ליעב דעם הערר אשכנזי. און ווען דער אלטער הערר אשכנזי וועט שטאַרבען, וועסט דו...

ס אָ פ י ע: גענוג! (ווישט דיא טרערען) נאָך וואָס דען גיט אונז גאָטט קינדער, אויב ניט דערויף זיי זאָלען אונז פערביטע־רען דיא יאָהרען און פערגיפטען דאָס לעבען? א פאָטער נעמט זיך ניט צום הארצען און א מאמע ליעגט אין דרערד. (אב וויינענדיג.)

נ י נ א: איך זאָל ניט מורא האָבען פאַר'ן טויט, וואָלט איך בעסער געוואָלט שטאַרבען... דער טויט אָבער מוז זיין עקעלהאַפט, שרעקליך, מיאוס. (ליעגט דעם קאָפּ אויף דער פּיאנא. טאָליע קומט מיט ביכער.)

ט א ל י ע: (בעטראַכט זיא מיט מיטלייד) עס איז א רחמנות אויף איהר. זיא פיהלט זיך אזוי עלענד דא. (לויט) פריילין נינא, מעג איך פרעגען, וואָס וויינט איהר אזוי אָפט?

נ י נ א: איך האָב ניט קיין אנדער פערגניגען.

ט א ל י ע: אייך איז ניט גוט דאָ ביי אונז?

נ י נ א: ניין, מיר איז דאָ זעהר גוט.

ט א ל י ע: פאר וואָס זשע וויינט איהר?

נ י נ א: איך וויין ניט מיט שטיף טרערען... דיא טרערען זיינען מיינע אייגענע...

ט א ל י ע: עס זאָל מיך ניט פערדריסען, וואָלט איך אויף אייך בייז געוואָרען.

נ י נ א: ווער בעט אייך, עס זאָל אייך פערדריסען?

ט א ל י ע: איך פרעג נאָר, אפשר האָט אייך אימיצער דאָ ניט גוט בעהאַנדעלט... איך וויים, אידא קען זיך אזא זאך ער־לויבען... איהר זאָגט נאָר מיר!

נ י נ א: איך האָב ניט וואָס צו זאָגען!

ט א ל י א: ענטשולדיגט, איך האָב אייך ניט געמיינט צו ערגערן. (זוכט) איך האָב צוגעזאָגט אונזערע ארבייטער פון דאמפף־מיהל צו ברענגען נאָך פערבאָטענע ביכלאך. (נעמט פון א

שופלאָד ביכלאַך) איך האָב געדאַרפט אויף איהר בייז ווערען דער־פאַר, נאָר איך קען ניט. אידא זאָל מיר אזוי ענטפערן, וואָלט איך איהר געוואָרפען א טינטער אין קאָפּ... פאַר וואָס איז דאָס? אידא איז דאָך אַן אייגענע און זיא איז א ניט מעהר וויא א פרעמדע. אפּנים דיא נאַטור קוקט ניט, וואָס אייגענע, וואָס ניט אייגענע, זיא וויל ניט, א מענש זאָל בלייבען גלייכגילטיג צו א מענש. (אב.)

נ י נ א: (קוקט איהם נאָך) איך בין אזוי שלעכט צו יעדען און איך וויים ניט פאַר וואָס. ער זאָל מיר זיין אַן אמת'ער ברו־דער וואָלט איך איהם געמעגט ליעב האָבען. ער איז מיר אָבער א שטיפברודער, א פרעמדער! און איך האָב קיינעם ניט! איך האָב קיינעם ניט! (לאָזט ווידער אַראָפּ דעם קאָפּ צו דער פּיאנאָ. בערטהאַ קומט, שעהן און נעט געקליידעט. צוויי געמאַכטע בלומען אין איהר קאָפּ. מיליע קומט מיט איהר, אויסגעפּוצט און אויך מיט איין בלום אין קאָפּ.)

ב ע ר ט ה א: (איז לוסטיג) יא, יא! דו קליינער גנב! חאַ! חא! ער וועט היינט קומען, וועל איך איהם אללעם דער־ציילען...

מ י ל י ע: דו מיינסט, איך האָב מורא פאַר בערנאַרד'ן?

ב ע ר ט ה אַ: (בעמערקט נינא'ן) שש! דו, מויד, זעץ דיך דאָרט אין א ווינקעלע און שפּיעל זיך אין דער שטיל, און איך וועל א ביסעל אַרבייטען. (מיליע בויט פון ביכער אַ שטוב. בערטהאַ אַר־בייט בא איהר טיש. פּויזע. נינא וויינט.) נינא, וואָס איז אייך? (קיין ענטפער) קומט אהער צו מיר, איהר קליינע וועלפּין, און דער־ציילט מיר, וואָס איז אייך? (קיין ענטפער) איהר ווילט ניט געהן צו מיר? ניין? וועל איך געהן צו'ן אייך. (געהט צו איהר) איהר וויינט גאָר? פוי! איהר ווילט אייך איבערפיהרען אַזאַ שעהנע פּאָר אויגען? (גלעט זיא איבער'ן קאָפּ. נינא וויל ניט ליידען) איהר ווילט אייך מאַכען פאַר א שלעכטע, איך וויים אָבער, אז קיין שלעכטע זייט איהר ניט.

נ י נ א: איך בין יא א שלעכטע. געגען מיין ווילען בין איך שלעכט...

ב ע ר ט ה א: זאָגט מיר, וואָס איז אייך, קינד. (זעצט זיך לעבען איהר) איהר ווייסט דאָך, א מאָל ווען מען רעדט אוים דאָס הארץ אפילו צו א פלאָקען, ווערט אויך גרינגער. וואָס איז אייך, נינא?

נ י נ א: איך ווייס אליין ניט, וואָס איז מיט מיר. א מאָל האָב איך ליעב געהאט דיא מאמא, איצט קען איך זיא ניט ליעבען און ניט אכטען. און ווען איך זעה זיא מיט אייער פאפא, פיהל איך אזוי מיאוס. (טרערען) איך האָב קיינעם ניט!

ב ע ר ט ה א: איך פערשטעה אייערע געפיהלע. אָבער בערעכענט, וואָס האָט אייער מוטער געקענט טהון? א שוואכע מיטעל־לאָזע פרוי. איך גלויב ניט, זיא זאָל זיין שטארק פערליעבט אין מיין פאפא, אָדער זיא זאָל זיך פיהלען גליקלאך מיט א מאן פון עטליכע און זעכציג יאָהר. ניין, צו'ן איהר קען מען גאָר ניט האָבען. ניט זיא, איהר... איהר פערדיענט געטאדעלט צו ווערען!

נ י נ א: (הויבט אויף דעם קאָפּ) איך גאָר?

ב ע ר ט ה א: יא, איהר! איהר זייט איין קלוגעס מעדכען און דיא לאגע פון אייער מוטער האָט אייך געדארפט לערנען צו דענקען פון זיך אליין. איהר האָט א מוזיקאלישען טאלענט, וואָרום ארבייט איהר ניט און פאַרבערייטעט אייך ניט צו זיין א זעלבסטשטענדיגער מענש אין'ם לעבען? מיין שוועסטער אידא איז רייך, אָבער אויך זיא וועט בערייהען וואָס זיא האָט אויפגעהערט צו לערנען אין גימנאזיע און וויל זיין א פרוי בעפאָר זיא איז געוואָרען א מענש. מע דארף לערנען, נינא, אום צו קענען זאָרגען פיר זיך. ערלויבט מיר, איך וועל אייך העלפען. איך ווייס, יונגע חברה זייענען מאנכעס מאָל א ביסעלע פויל. איך וועל אייך ניט לאָזען צו פערגעסען אייער פליכט און אייער ציעל אין לעבען

נ י נ א: איהר?

ב ע ר ט ה א: יא, איך! איך האָב שוין לאנג געוואָלט מיט אייך רעדען, נאָר איך האָב געזעהען, איהר בלאָזט אייך אויף מיר. קינד, וואָס בין איך שולדיג, וואָס מיין פאפא האָט גענומען אייער מאמא? חע! חע! הערט, נינא, בא מיר איז היינט א גליקליכע

טאָג. עס קען זיין, היינט איז דער גליקליכסטער טאָג אין מיין לעבען. איהר וועט שפּעטער, היינט נאָך ערפאהרען, וואָס איך מיין...

מ י ל י ע: נאָר איך וויים, איך בין דער איינציגער מענש, וואָס וויים!...

ב ע ר ט ה א: איהר זעהט, זיא איז דער מענש וואָס ווייסט... יא, היינט איז בא מיר א גליקליכער טאָג און איך וואָלט אזוי געוואָלט אללע זאָלען זיין גליקלאך (נעמט פון איהרע האָר איין בליום) איך האָב זיך ערלויבט היינט א ביסעל נאַרריש מאַכען און האָב זיך אליין געמאכט דיזע בליומען. איאָ, ניט שלעכט? איין בליום האָב איך געגעבען מיין בעסטער פריינד אין דער וועלט, וועל־כער איז דער מענש וואָס ווייסט. איינע, נינא, גיב איך אייך, זאָלען מיר זיין פריינדע. (פלעכט איהר אַריין דיא בליום אין איהרע האָר) קינד, א פריינד זאָגאָר מיט אַ הויקער איז בעסער וויא גאָר ניט און אז איהר וועט האָבען א בעסערען פריינד, וועט איהר מיך אוועקוואַרפען. (בייגט זיך צו צו'ן איהר, שטיל) נינא, איך וויל דיר זיין א שוועסטער... (נינאַ פאַלט צו צו'ן איהר ברוסט מיט אַ געוויין. בערטהא גלעט זיא איבער'ן קאָפּ. פויזע.מע הערט אשכנזי'ס שטיממע.) שש! נינא, דער פאפא קומט. מיליטשקע, נעם נינא'ן צו מיר אין צימטער.

מ י ל י ע: קום, נינא, אז בערטהא האָט דיך ליעב, האָב איך דיך אויך ליעב.

(ביי נינא'ן רייסט זיך ארויס א היסטערישער געוויין. זיא אומאַרמט און דריקט מיליען צו זיך.) (אשכנזי'ס שטימע.)

ב ע ר ט ה א: פאָרט פון דאַנען, גנבים!... מיליע, מעגסט נינא'ן אַללעם דערציילען, זאָל זיא אויך זיין א מענש וואָס ווייסט... (זיא שטויסט זיי ביידע מיט צערטליכקייט אַרויס. הוסט.) מע וועט דאַרפען דעם פּאַפּאַ דיפּלאָמאַטיש רעפּאָרטירען. זעהר שטאַרק וועט ער זיך ניט ברעקלען, דאָך ניט מעהר וויא א הארבאטע טאָכ־טער. (אשכנזי אַריין.)

א ש כ נ ז י: בערנאַרד איז נאָך ניטאָ? נו, יא, ער האָט

צייט. אזוי פיעל רעכענונגען, מיט געשעפטען, מיט קאָנטראַק־טען, צום שווארצען יאָהר! און קיין מילנער האָבען מיר דערווייל׳ע אויך ניט. וואָס זשע, איך דארף זיך ברעכען דעם קאָפּ מיט אַלעמען?

בערטהא: פּאפּא, בערנארד וועט געוויס באלד קומען. פּערגעס ניט, ער איז ערשט נעכטען געקומען פון דער רייזע, רוהט ער זיך א ביסעל אויס. דאָך דריי חדשים געוועזן אין וועג.

אשכנזי: נו, יא, אַנדערש ביי זיין טאַטען ניט געוואינט געוואָרען! שליאָמע הויז׳ס זוהן מאַכט א רייזע קיין אויסלאַנד. וויא זיי קריכען אריין גיך אין דיא פעדערן, דיא הויז־אריסטאָקראטען!

בערטהא: שליאמע הויז׳ס זוהן האָט זיך אליין מיט זיין מיהע און שווערע ארבייט געשאפען א מעגליכקייט צו רייזען. ער האָט געגוג געליטען, ער מעג זיך אָברוהען. און אויסער דעם, פּאפּא, דו ווייסט דאָך, עס איז ניט געוועזן נאָר א לוסט רייזע, — ער איז געפאָהרען לערנען דעם געשעפט פון דאמפף־מיהלען. און דערצו נאָך האָט ער געבראַכט א מילנער עפּיס איין אנטיקעל, וויא מע זאָגט... נו, היינט וואָס ווילסט דו פון איהם?

אשכנזי: דערווייל׳ע דארף מיין טאָכטער, אשכנזי׳ס טאָכטער, טהון זיין ארבייט!

בערטהא: פּאפּא, דאָס איז ניט געפעהרליך... ארבייט שפּיעלט ביי מיר קיין ראָלל׳ע ניט.

אשכנזי: מיר מעגען זיין גוט צו איהם, ער אָבער דארף ניט פערגעסען, אז ער איז ניט מעהר וויא שליאמע הויז׳ס זוהן.

בערטהא: שליאמע הויז׳ס זוהן האָט אָנגעפאנגען ביי אשכנזי׳ן אלס א יונגעל א ערומלויפער און איצט איז ער אשכנזי׳ס קאָמפּאניאָן.

אשכנזי: יא, צום געשעפט איז ער פעהיג, דער רוח נעמט איהם ניט.

בערטהא: און ער איז איין עהרליכער מענש, דאָס קענסט דו דאָך ניט לייקענען, פּאפּא!

אשכנזי: זאָל ער פּרובען גנב׳ען ביי אזא מענש וויא

איך! איין קוק — זעה איך אללעס... און דערצו העלפט מיר א ביסעל אזא רעוויזאָר א טייוועל, וויא דו.

ב ע ר ט ה א: און ער האָט אַ גוטען כאראַקטער.

א ש כ נ ז י: וואָס דאַרף איך זיין גוטען כאראַקטער? אויף כפּרות?

ב ע ר ט ה א: (לאַכט) דו, פּאפּא, דאַרפסט אפשר זיין גוטען כאראַקטער אויף כפּרות, אָבער מיר וועט עס צונוץ קומען.

א ש כ נ ז י: וואָס פאר א געשעפטען קענסט דו מאכען מיט זיין גוטען כאראַקטער? (ער בעטראַכט זיא. ס אָ פ י ע עפענט שטיל דיא טהיר און הערט זיך צו.)

ס אָ פ י ע: (גאַנץ שטיל) אפשר רעדט זיא דאָ אָן דעם פּאָטער געגען אונז? אי, א לעבען! מע דאַרף ציטערן פיר יעדע שיין. צוויי איבריגע מענשען אין שטוב...

א ש כ נ ז י: בערטהא, ביזט מיר עפּיס היינט אזוי לוסטיג און אויפגעלעגט.

ב ע ר ט ה א: יא, פּאפּא, איך פיהל זיך היינט גליקלאך... איך פּראָיעקטיר א גרויס געשעפט...

א ש כ נ ז י: אַזוי? זאָג נאָר מיר, וואָס פאר א געשעפט פּראָיעקטירסט דו דאָס?

ב ע ר ט ה א: גאַנץ איינפאַך, פּאפּא, איך פּראָיעקטיר חתונה האָבען מיט בערנאַרד'ן.

אשכנזי: (אויסער זיך) וואָס?!

ב ע ר ט ה א: איך מיין עס ערנסט, עס קען זיין, בא אונז וועט זיין שידוך מיט בערנאַרד'ן...

א ש כ נ ז י: דו? פע! און איך האָב געמיינט, ביזט שוין צו פיעל אריבערגעוואַקסען און צופיעל קלוג געוואָרען, דו זאָלסט דענקען פון אַזעלכע נאַררישקייטען.

ב ע ר ט ה א: מעהר אריבערגעוואַקסענע און קליגערע פון מיר דענקען אויך א מאָל פון אַזעלכע נאַררישקייטען... פּאפּא, איך וויל אויך האָטש א ביסעלע לעבען...

א ש כ נ ז י: נו, יא, נאטירליך... אָבער דו ביזט דאָך ניט בלינד... דו זעהסט זיך.

ב ע ר ט ה א: איך בין ניט בלינד און דיא הויפּט־אורזאכע ער איז ניט בלינד...

א ש כ נ ז י: וואָס־זשע, עס איז שוין ביי אייך איין אָבגע־מאַכטע זאַך?

ב ע ר ט ה א: יא, שוין לאנג. מיר האָבען בעשלאָסען צו שווייגען ביז ער וועט קומען פון אויסלאנד... איך האָב דיך פאָרבע־רייטעט, ווייל איך מיין, ער וועט היינט מיט דיר רעדען דערפון...

א ש כ נ ז י: אַ גוטע, א גוטע, פון דעסטוועגען איז בא דיר ניט שווער אַוועקוואַרפען אַלע געשעפען, דאָס הויז, דיא קינדער, דעם פּאפּא.

ב ע ר ט ה א: פּאפּא, איך פערלאָז קיינעם ניט און וואַרף קיין זאַך ניט אַוועק...

א ש כ נ ז י: הייסט עס, שליאָמע הויז וועט זיין מיין מחותן, דערלעבט זיך א כבוד!...

ב ע ר ט ה א: (לוסטיג) עס איז טאַקי א ביטערע עבירה צו געבען שליאָמע הויז'ן אזא מחותן וויא אשכנזי, אָבער דערפאַר קריעגט ער אַ האַרבאַטע שנור... פּאפּא, ער פערליערט מעהר, וויא ער געווינט. חאַ! חאַ! שליאָמע הויז קען אויך רעכענען... ער איז א פּאָטער און יעדער פּאָטער רעכענט מעהר וויא ער ליעבט. א מוטער ליעבט מעהר וויא זיא רעכענט. (ערנסט) אָה, ווען איך וואָלט יעצט געהאַט א מוטער! אין דיזער מינוט וואָלט זיא געוועזען גע־ריהרט פון ליעבע, גליקלאַך פון פרייד. זיא וואָלט מיך געבענטשט מיט ציטערנדע ליפּען און געוואונשען גליק מיט איהר פוללען האַרץ... און מיר וואָלטעןביידע געוויינט מיט גוטע, הייליגע טרע־רען... אַ פּאפּאַ אָבער... א פּאפּא האָט ניט איצט פאר מיר אפילו איין גוט וואָרט. (פריילאַך.) ע! עס מאַכט ניט אויס. מע דאַרף לויפען אין קיך אריין. (סאָפּיע פערשווינדעט) היינט וועלען דאָ געווים עטליכע פרעמדע מענשען מיטאָג עסען. (געהט) פּאפּא, מיט א זעקס מאָנאַט צוריק האָסט דו מיך א ביסעל איבערראשט,

היינט האָב איך דיך אַ ביסעל איבערראַשט. איצט זיינען מ׳ה קוויט. (אב.)

א ש כ נ ז י: דער שניידער יונג שליאָמע הוץ מיין מחותן! איך וואָלט בעסער שטאַרבען... אָבער דאָ אין דעם פאַלל, דיא וועלט וועט דאָך פערשטיין, אַ טאָכטער אַ קאַליקע, אַ קריפּעל.. הם! וויא עס האָט זיך איהר געמאַכט דיא ערשטע געלעגענהייט, האָט זיא זיך אָנגעכאַפּט מיט דיא הענד... אַי! איז דאָס אַ וועלטיל! דאכט זיך אַזאַ וויא זיא... און דאָך... ע! יעדער לעבט נאָר פאר זיך!
(בלייבט זיצען פערזאָרגט. סאָפיע קומט, מאַכט זיך פריינדליך.)

ס אָ פ י ע: זעה נור וויא דו זיצסט... דיר איז דאָך אונבעקוועם אזוי. (געהט צו דער סאָפע נאָך אַ קישעלע, שטיל) אָי, מאַנכעס מאָל איז מיר אזוי שווער צו מאַכען אַ פריינדליך געזיכט. (לעגט איהם דאָס קישעלע אונטערן רוקען) זעהסט היינט זעהר גוט אוים, אַזוי מונטער און דיא אויגען קלאָהר.

א ש כ נ ז י: טאַקי? סאָפיע, איך בין געגאַנגען צו פוס צו דער מיהל און צוריק.

ס אָ פ י ע: דו זאָלסט מיך פאָלגען, וואָלסט דו יעדען טאָג געמאַכט מאַציאָן. דו ווייסט וואָס? פון מאָרגען אָן וועל איך אַליין מיט דיר יעדען טאָג שפּאַצירען. (שטיל) וועל איך אפשר דאָך ניט פיהלען, אז איך עסס מיין ברויט אומזיסט...

א ש כ נ ז י: איך קוק אויף דיר און טראַכט, וואָס פאר אַ נאַרר איך בין געווען, צוליעב דיא קינדער צעהן יאָהר געזעסען אַן אלמן... אלעם צוליעב דיא קינדער!

ס אָ פ י ע: יא, אָבער מיט צעהן יאָהר צוריק בין איך נאָך קיין אלמנה ניט געווען.

א ש כ נ ז י: אָט דאָס איז דאָך! אַללעם פּאַססירט ניט דען, ווען מען דאַרף. הם! סאָפיע, דו האָסט שוין לאַנג עפּעם ביי מיר ניט געבעטען קיין געלד. ווילסט דאָך ניט מע זאָל זאָגען, אשכנזי׳ס יונגע פרוי האָט ניט קיין פּאָאָר רובעל, ווען זיא דאַרף. (גיט איהר אַ קרעדיטנעם בילעט) זיי אַזוי גוט, דאָרט בא בערטהאַ׳ן

אויפ׳ן טיש שטעהען שוועבעלאך. (נעמט ארויס א סיגאַר פון א גרויסען פּאַרט סיגאַר).

ס אָ פ י ע: שוועבעלאך? באַלד. (געהט ראַש צום טיש, שטיל) א פינף און צוואַנציגער! איך גיב ניט אוים א גראָשען פון׳ם געלד וואָס ער גיט מיר! אַי! ביסלאך ווייז וועל איך אָנזאמלען נדן פיר מיין נינאַ׳ן. (בעהאַלט דאָס געלד, רייבט אוים א שוועבעלע און גיט איהם פערריכערן.) איך האָב פריער געוואָלט אַריינגעהן, האָב איך געהערט, דו רעדסט מיט בערטהאַ׳ן...

א ש כ נ ז י: נו, וואָס מיינסט דו איז בערטהאַ? אזא ענגאַ־איסט וויא אַללע קינדער.

ס אָ פ י ע: שאדע, אונזער פלאַן אפנים וועגען בערנאַרד׳ן מיט מיין נינא איז געוואָרען צו נישט... איך זאָל זיין בערטהאַ און דערצו נאָך אשכנזי׳ס טאָכטער, וואָלט איך עס ניט געטהון. וואָס וואָלט מיך געקענט נויטען?...

א ש כ נ ז י: דו האַלסט זעהר שטארק פון אשכנזי און זיא ניט...

ס אָ פ י ע: אַי! האָבען א פאָטער אשכנזי, וואָס דארף מען נאָך? און אויסער דעם, אפילו שעהנע און געזונדע פרויען ווערען באַלד נמאס, היינט אַזאַ וויא זיא. הפנים זיא ווייסט ניט, פאַר וואָס דיא מעננער ליעבען אונז... (שטיל) מיר דאכט זיך, ער איז געוואָרען בייז... (לויט און קאָקעטיש) ניט אַללע זיינען דאָך אזעל־כע גוטע וויא דו. (שטיל) אַי! וואָס זאָל מען טהון? מע מוז זיך מאַכען א זים פּנים. (זיפצט.)

א ש כ נ ז י: (שטרעקט אויס דיא האַנד צו׳ן איהר) סאָפּיע! (א געראויש.)

ס אָ פ י ע: ניין! ניין! אימיצער קומט. (שליאָמע און שרה הינדע קומען,ביידע אין שבת׳דיגע קליידער.)

ב י י ד ע: גאָטט העלף! גאָטט העלף אייך! (שליאמע נעמט אראָפּ זיין היטעל.)

ס אָ פ י ע: זיצט, זיצט! נעמט א שטול, העדר הויז. (אַלע זעצען זיך.)

ש ל י אָ מ ע: הויז האָט מען מיך גערופען ווען איך בין געווען א זשענסקער... נאָר גאָר ניט, זאָל זיין הויז, מסתמא דארף דאָך אזוי זיין. און דאס וואָס דארף זיין, קענען מיר ניט מאַכען עס זאָל ניט זיין.

ס אָ פ י ע: (אין א פערלעגענהייט) ענטשולדיגט, איך הער שטענדיג דיא קינדער... ע!

א ש כ נ ז י: נו, וואָס איז דאָרטען? שליאמע הויז, דו דער־צייל בעסער, וויא געהט עס דיר?

ש ל י א מ ע: מושיו אשכנזי, אללעם געהט וויא עס קומט פון אויבען. א מענש קען ניט א קראַץ טון דיא פאה, אָדער א פייף טהון מיט'ן נאָז, אויב עס איז ניט פון דאָרטען...

א ש כ נ ז י: הויז מיט זיין פילאָזאָפיע! קום אהער, זעץ דיך דאָ לעבען מיר. (שליאמע זעצט זיך לעבען איהם. זיי ריידען שטיל.)

ס אָ פ י ע: (צו שרה הינדע'ן) און איהר האָט געסט, האַ?

ש ר ה ה י נ ד ע: יא, אונזער בערנאַרד איז געקומען און האָט מיט זיך געבראַכט זיין פריינד, האָט ער מיר אָנגעקויפט פרע־זענטען אין „קינצפרעג", אז טאַקי געזונד זאָל ער זיין!

א ש כ נ ז י: ניט „קינצפרעג"— קעניגסבערג.

ש ר ה ה י נ ד ע: יא, זיי זיינען איצט געגאַנגען בעקוקען דיא מיהל און אונז האָט בערנאַרד געשיקט אַהער.

א ש כ נ ז י: איך וויים שוין נאָך וואָס ער דארף אייך. הויז, דערלאַנגט מיר א שוועבעלע דאָרט! (הויז געהט נאָך שוועבעלאך.) עס וועט זיך אָנהויבען הוצלען בא אונז, האַ?

ש ר ה ה י נ ד ע: זאָל זיך הוצלען אין א גוטע, מזל'דיגע שעה!

ש ל י א מ ע: (גיט אשכנזי'ן פעררויכערן) אויב עס הו־צעלט זיך, איז דאָס נאָר פון אויבען. (זעצט זיך) אי, דער אינ־זשענער וואָס איז געקומען מיט בערנאַרד'ן, האָט אויף זיך א ממזרדישען קאָפּ! פס! האָט א סך געלערנט אין דיא דאָזיגע זא־כען פון השגחה מיט קבלה.

א ש כ נ ז י: יא, ער האָט שטודירט אין דייטשלאַנד השגחה מיט קבלה! חע! חע!

ש ל י א מ ע: ער איז דאָך אַן אונזעריגער — לואיס קאָר־שונסקי. זיין טאַטע איז בא מיר געווען א פועל, געווען א פּאַר־טאַטש און א שכור, זאָל ער מיר מוחל זיין. איהר דארפט איהם געדענקען, מע האָט איהם גערופען פייוועל חניאָק...

א ש כ נ ז י: (איראָניש) הוץ, דארפסט אויף מיר קיין פער־איבעל האָבען, איך האָב חניאָקען ניט געקענט...

ש ל י אָ מ ע: און דוקא ביי חניאָקען אזא זוהן! א קבצן געווען א'ן אייזערנער. בכן באשר איז וואָס? איז דער יונגעל טאַקי געשוואָלען געוואָרען פון הונגער, האָט זיך געוואַלגערט אויף שמאַטעס און האָט דאָך געענדיגט דיא רעאַלנע שולע מיט א גאָלדענע מעדאַל. אז מע זאָגט אויבען „יא", קען מען אונטען ניט מאכען „ניין".

א ש כ נ ז י: נו, יא, דוקא ביי דיא חניאָקעס זיינען גע־ראָטענע קינדער.

ש ל י אָ מ ע: מיינער איז פיעל עלטער און דאָך זיינען זיי שטענדיג געווען פריינדע, פינגער בעפינגער...

ש ר ה   ה י נ ד ע: איך געדענק, בערנארד איז שוין קיין עין הרע געווען א בוץ און ער איז געווען וויא א שרייטעלע קליין, און איז דאָך געווען בערנארדס רבי.

ש ל י אָ מ ע: יא, שרייבען, לייענען און האנדשריפט, יעדעס פּיצעלע! און אז ער איז געפאָהרען שטודירען אין דייטשלאנד... וויא אזוי רופט זיך דיא שטאדט? ע... עפּיס אזוי וויא דער יודישער דאַוונען — יא, מנחה! געפאָהרען שטודירען קיין מנחה...

א ש כ נ ז י: ר' חיט, דו מיינסט ניט מנחה, נאָר מינכען, מסתמא.

ש ל י אָ מ ע: א דייטש פערגינט זיך, מנחה! זיי האָבען מסתמא א שטאדט מעריב אויך, א קשיא אויף א דייטש? האָט איהם מיין בערנארד יעדען חודש געשיקט 25 קערבאַטשעס, מזומן! כסף וזהב! און וויא ער האָט געקראָגען דיא... דיא דיפּלאָ... דיא... וויא רופט זיך דאָס פּאַפּיער...

א ש כ נ ז י : דיא דיפלאָמע מסתמא ?

ש ל י אָ מ ע : האָט ער באלד געקראָגען א שטעלע אין דייטשלאנד גופא. איהר הערט ? אין דייטשלאנד ! דאָס איז א קלייניקייט בא איך ? הערסט א מענש, בא איהם איז דאָס א קלייני־קייט !

א ש כ נ ז י : ווער זאָגט דיר דען, עס איז א קלייניקייט ?

ש ל י אָ מ ע : בכן איז באשר איז וואָס ? דו הערסט, וויא עס דריידעלט זיך ? זיין טאַטע איז געווען בא מיר א פּועל און מיין זוהן איז ביי אשכנזי'ן דער הויפּטמאכער. יא ! עס איז דאָ אויבען א פינגער וואָס פינגערט.

א ש כ נ ז י : געווים, עס זאָל ניט זיין קיין פינגער, וואָלט ניט געווען קיין שניידערייי. הייסט עס, דיין בערנארד האָט אהער געבראכט זיין פריינד, וויא רופט מען איהם, דעם חניאָק, ער זאָל איהם אָבארבייטען זיין חוב ?

ש ל י אָ מ ע : חוב ? ער האָט לאנג בעצאָהלט ביז א פּרוטה. ער האָט נאָך געוואָלט צאָהלען פּראָצענט אויך. א מערקווירדיגע נפשה ! מיין כלל, זאָגט ער : איך דארף דיר, זאָגט ער, ניט זיין שולדיג און דו דארפסט מיר, זאָגט ער, ניט זיין שולדיג. דו לעב, זאָגט ער, פון דיינעטוועגען און איך, זאָגט ער, וועל לעבען נאָר פון מיינעטוועגען. איהר זאָלט הערען, אז ער עפענט א פּיסק פון פילאָזאָפיע מיט סאָמאָגראָפיע....

א ש כ נ ז י : סאָמאָגראָפיע ? סאָפיע, דו האָסט געהערט אזא וויסענשאַפט. ניין ? טאָ קום, גיב אונז צו גלעזער וויין... דעם שטאַרקען סאַנטורין...

ש ל י אָ מ ע : שאדע. ער גלויבט ניט אין השגחה... אויבען, זאָגט ער, צייכענט מען ניט, מע צייכענט נאָר אונטען...

ס אָ פ י ע : (צו אשכנזי'ן) איך איז זעהר שעדליך צו טרינקען וויין. (שטיל) אָי, אז ער טרינקט וויין, געהט עס אוים צו מיין קאָפּ.

א ש כ נ ז י : איך מיט הויז'ן מוזען היינט נעהמען צו ביסלאך. וויא זאָגט מען : קנייפּ זיך אין באַק, דיא פּאַרב זאָל שטעהן.

ס אָ פּ י ע: (זיפצט שטיל) נו, וואָס קען מען טהון? מע מוז דולדען, דערויף האָט מען חתונה. (אב)

א ש כ נ ז י: הוץ, וועסט טרינקען וויין, וואָס איז בעסער פון סאַמאַגראַפּיע און שטאַרקער פון השגחה, קום! (זיי געהען.)

ש ל י אָ מ ע: מושיו אשכנזי, איהר לאַכט ניט פון השגחה! אין דער צייט ווען איהר לאַכט מיט אַ גלאַטען לונג און לעבער קען זיין קוקט אויף אייך דער אונבעקאַנטער...

א ש כ נ ז י: ווער איז ער, דער אונבעקאַנטער דיינער, אויף עפּים אַ שניידער? חאַ! חאַ! חאַ!

ש ל י אָ מ ע: יאַ, אַ שניידער וואָס מאַכט „חיק“, און שוין אָבגעשניטען אַ מענש פון דער וועלט...

ש ר ה ה י נ ד ע: שלמה זשענסקער, אין שניידערשען קלויז וועסט דו האַלטען דיין דרשה!

ש ל י אָ מ ע: דאָס וואָס אונז איז אונבעקאַנט, וואָס מיר ווייסען ניט, רופט דאָס השגחה. זיא קוקט אפשר איצט פון אויבען און זאָגט: דיר, שליאָמע הוץ, זאָל פליהען אַ ציגעל פון בוידעם און זאָל דיר צופּלעטען דעם מח און אייך, ר' שמואל אשכנזי, זאָל אַ קלאַפּ טהון דיא אַפּאָפּלעקציע... און ע...

א ש כ נ ז י: (בלייבט פּלוצלונג שטעהן, ערשראָקען) אַפּאָפּלעקציע? ווארום מיינסט דו דאָס? וויא אַזוי איז דיר איינגעפאלען געראַדע דיא אַפּאָפּלעקציע? וואָס האָסטו געוואָלט זאָגען דערמיט?

ש ר ה ה י נ ד ע: פרעגט איהם בחרם! אַ חיה מיט אַ צונג און עס רעדט!... באַ איהם איז דאָך אַלץ פון אויבען. (אשכנזי ווערט ווידער פרעהליך.)

ש ל י אָ מ ע: בכן איז באשר איז וואָס? עס רעדט זיך נאָר צום „וויינשפּיעל“... חע! חע!

א ש כ נ ז י: גערעכט! ניט צום ביישפּיעל, נאָר צום וויינשפּיעל. (אב דורך אַן אינגערע טהיר. מע הערט זייער געלעכטער.)

ב ע ר ט ה א: (אין אַ פּאַרטוך, די באַקען צופלאַמט, זעהר פרעהליך) דיא מחותנים האַלטען זיך אונטער! (לויפט צום שפּיעגעל) אויף מיין וואָרט, איך בין היינט גאָר ניט אַזוי מיאוס, ווי מע מיינט,

(לויפט צום טיש.) נו׳ם איך אקארשט זעהען, וואס איז נויטיגער צו טהון אויף גיך? (זעצט זיך.) אי, איך מאך זיך רוהיג, אבער אין דער ווירקליכקייט? דאס הארץ שפרינגט און רייסט זיך און פערשטארבט. איך מיין, בערנארד איז אזוי רוהיג, ווייל ער פיהלט גאר ניט וויפיעל ליעבע און איבערגעבענהייט איז פאר איהם פאר־בערייטעט. איך זאל זיך ניט שעהמען, וואלט איך געלאכט און געוויינט פון פרייד. ווייל אזעלכע פרויען וויא איך שעהמען זיך פאר דעם ציניש[ע]ן שפאט פון אנדערע, בעהערשען מיר זיך און מיר צייגען און דריקען ניט אויס וויא שטארק און ליידענשאפטליך אונזער ליעבע איז. מיר דארפען בעהאלטען אונזערע געפיהלע! בערנארד, ניע אין דיין לעבען זאלסט דו בערייהען דאס, וואס דו פעראייניגסט דיך מיט מיר! ! איך וועל זעהען, דיין היים זאל זיין א בית המקדש, פול מיט הייליגע רוהע און צופרידענהייט. (בלייבט פערטראכט איין אויגענבליק.) געוואלד! געוואלד! איך קען היינט גאר נישט טהון! (זוכט צווישען דיא פאפיערען. אידא קומט פון איהר צימער, אויסגעפוצט. בערטהאווענדעט זיך ניט אום און רעדט צו איהר.) אידא, דאס ביזט דו, טייערע? קום אהער צו מיר אידאטשקע. זיץ דא לעבען מיר. איך וועל ארבייטען און רעדען מיט דיר. היינט ענדליך איז געקומען דיא צייט, ווען איך דארף דיר עטוואס מיטטהיילען. (אידא געהט צו צו איהר.) אה, אידא, ווי דו האסט זיך שעהן אנגעטאן! הפנים דיין הארץ האט דיר געזאגט, אז בא דיין שוועסטער איז היינט א גרויסער יום טוב. (אידא קעהרט זיך אב און שווייגט.) וואס איז מיט דיר, אידא?

א י ד א : (זעהר טרויעריג) בערטהא, מיר טהוט זעהר וועה דאס הארץ פאר דיר...

ב ע ר ט ה א : וואס מיינסטו דערמיט?

א י ד א : אבער איך ווייס, דו ביזט א גוטע און וועסט טהון יעדע זאך צוליעב אונז. איך ווייס, ווען בערנארד האט דיר געזאגט א מאל : וועסט דאך ניט געהן צוליעב אידא׳ן אפפערן דיין לעבען, האסט דו געענטפערט : איך האב קיין אנדער ציעל אין לעבען, וויא אפפערן זיך צוליעב זיי. איא, דו האסט עס געזאגט? געדענקסט,

דיא זעלבע זומער נאכט, ווען דער פאפא האט געבראכט דיא נייע מאמאשע?

ב ע ר ט ה א: פון וואנען ווייסט דו דאס? אידא, דו רעדסט עפּיס אזוי סעריאזנע...

א י ד א: ערשטענס, ווייס איך דאס, ווייל איך קען דיך, אז דו ביזט זעהר א גוטע. און, צווייטענס, בערנארד האט עס מיר געזאגט.

ב ע ר ט ה א: בערנארד? ער האט מיט דיר גערעדט פון אזעלכע זאכען?

א י ד א: יא! ער ווייס ניט, אז איך אליין האב אלעס געהערט, וואס איהר האט גערעדט. דו האסט ניט געוואלט און האסט ניט געדענקט זיין כלה ווערען. ער האט דיך איינגערעדט און איינגעבעטען. אבער איא דיך וועט ניט הארען, אז ניין? איא בא דיר איז דאס ניט קיין וויכטיגע זאך?

ב ע ר ט ה א: נו, וואס הארט עס דיך, אויב עס איז בא מיר וויכטיג אדער ניין?

א י ד א: וואס מיך הארט? ביזט א קלוגע און פערשטעהסט ניט. דו האסט זיך אפילו ניט אנגעשטויסען, אז בערנארד איז געפאהרען קיין אויסלאנד איבער מיר! איך וועל דיר אלעס דער־צעהלען: יענע נאכט, ווען איך האב געהערט, וויא בערנארד האט מיט דיר גערעדט, האט זיך אין מיר פּלוצלונג אנגעצונדען א העלישער פייער, איך פערשטעה אליין ניט וואס דאס איז. איך האב געמיינט, איך וועל משוגע ווערען. פריהער האב איך גאר ניט געדענקט פון איהם און וויא איך האב דערהערט, וואס ער האט דיר געזאגט, האב איך ניט געקענט ניט עסען, ניט שלאפען, ניט געקענט לערנען מעהר... אויף דיר בין איך געוועזן בייז, איך וואלט דיך צוריסען, איך ווייס ניט פאר וואס. און... ע... איך האב גערעדט מיט איהם, געשריעבען איהם בריעף, געבעטען, געוויינט...

ב ע ר ט ה א: (ווידערהאלט אויטאמאטיש) געשריעבען בריעף, געבעטען, געוויינט?

א י ד א: פריהער האָט ער געלאַכט פון מיר, נאָכדעם האָט ער זיך געבייזערט, נאָך דעם האָט ער זיך געבעטען רחמים, איך זאָל איהם ניט שטערען צו בלייבען אַן עהרליכער מאַן, נאָכדעם האָט ער מיר געזאָגט, ער האָט מורא פאַר מיר, ווייל איך בין נאָך צו יונג... צולעצט איז ער אַליין אויך משוגע געוואָרען. בערטהאַ, דו דאַרפסט פון איהם ניט דענקען מעהר — איך וועל מיט איהם חתונה האָבען.

ב ע ר ט ה א: (איראָניש—בייז) איך דאַרף ניט דענקען פון איהם, ווייל דו ווילסט חתונה האָבען? (גוטמוטהיג.) אידא, איך האָב מורא, דו פערשטעהסט אַליין ניט וואָס דו רעדסט.

א י ד א: איך פערשטעה שוין זעהר גוט. מיין ניט, עס איז אַ שפּאַס... ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהון און איז אוועק קיין אויסלאַנד. אי, בערטהאַ, דו האָסט געדאַרפט זעהען, וויא אַזוי מיר האָבען זיך געזעגענט פאַר זיין אוועקפאָהרען! ער האָט מיר געקושט דיא אויגען, דיא הענד, דיא פיס, יא, יא, דיא פיס אויך, איך זאָל אַזוי געזונד זיין.

ב ע ר ט ה א: אַזוי? (נעהמט זיך שרייבען און רעכענען.) אַלזאָ וויא קומט דאָ אויס דיא רעכנונג? דיא ערשטע פינף וועקסלען האָט מען דיסקאָנטירט דעם 17טען...

א י ד א: זעהסט וויא דאָס אינטערעסירט זיא? וועקסלען! דיסקאָנטירט! איך האָב געוואוסט, אַז דאָס שפּיעלט בא דיר קיין ראָלע ניט. מיר האָבען יעדע וואָך איינער דעם אַנדערען געשריבען לאַנגע, לאַנגע בריעף און איצט איז בא אונז געבליעבען, מיר זאָלען דיך בעטען, דו זאָלסט אונז ערלויבען חתונה האָבען.

ב ע ר ט ה א: איך? וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך צו ערלויבען, אָדער ניט צו ערלויבען? (רעכענט.) הייסט אַראָב צעהן פּראָצענט... הא? איך האָב מורא, איך וועל היינט אַ טעות האָבען אין חשבון, עס איז איבער דיר, אידא, ווייל... ווייל דו דולסט מיר דעם קאָפּ מיט אַזעלכע נאַרישקייטען!

א י ד א: נאַרישקייטען? נו, יא, ביי דיר און ביי אַזעלכע וויא דו, איז דאָס ניט מעהר וויא נאַרישקייטען! און איך זאָג

דיר, אז מע וועט מיך ניט לאָזען חתונה האָבען מיט איהם, וועל איך שטאַרבען. איז ער דען ניט א גוטער מאַן פאַר מיר? (קיין ענטפער.) איך פרעג דיך, בערטהאַ, איז ער דען ניט א גוטער מאַן פאַר מיר?

בערטהאַ: יאַ, איך מיין, ער וואָלט געווען א גוטער מאַן פיר יעדע פרוי, פיר דיר געוויס... ער איז א סאָלידער מענש מיט א שטילען, עהרליכען כאַראַקטער. ביזט דו אבער א גוטע ווייב פאַר איהם?

אידאַ: פאַר וואָס ניט?

בערטהאַ: ביזט לייכטזיניג, צו יונג, ניט ענטוויקעלט, ווייסט נאָך אליין ניט וואָס דו ווילסט.

אידאַ: האָסט א טעות, איך ווייס יאַ.

בערטהאַ: בא דיר איז דאָס נאָר א קאַפּריז פון א יונגעם, נאַרישעם מיידעל, אין וועלכער עס פאַנגט ערשט אָן צו ערוואַכען דיא פרוי, זעה, זאָלסט איהם שפּעטער ניט אונגליקליך מאַכען.

אידאַ: דאָס איז ניט קיין קאַפּריז בא מיר.

בערטהאַ: האָסט דו איהם ליעב, אידאַ?

אידאַ: איך האָב אזוי ליעב, ווען ער קושט מיך און דריקט מיך צו זיך! אָי, איז ער פערליעבט אין מיר! זעהסט, וואָס פאַר א פּרעזענט ער האָט מיר געבראַכט פון דייטשלאַנד? א מעדאַליאָן — א האַרץ, זיין בילד אין האַרץ. איאָ שעהן? עס איז א פערגניגען! איך וועל האָבען א מענש, וועלכער וועט מיר שטענדיג קויפען פּרעזענטען.

בערטהאַ: דו האָסט איהם דען שוין געזעהען?

אידאַ: יאַ, נעכטען, באַלד וויא ער איז געקומען, דיך וועט ער היינט זעהען. ער האָט א ביסעל מורא פאַר דיר, דער נאַרר! ער ווייסט ניט, אז דיר ליעגט עס ניט אפילו אין דער לינקער פּיאַטע. בערטהאַ, דו וועסט זיין א גוטע און וועסט זאָגען דעם פּאַפּאַ. עס מוז אזוי זיין! איאָ, בערטהאַ, דו וועסט שוין אללעס בעזאָרגען? וואו איז נינאַ? אָי, וועט זיא מיר מקנא זיין! איך וועל ווערען א כלה און זיא נאָך ניט. זיא איז עלטער פאַר מיר

מיט פיער מאַנאַטען. נינאַ! איך מוז איהר דערצעהלען. איך וויים, עס וועט זיא קרענקען צום טויט! (לויפט אב.)

בערטהא: (רעכענט.) וויפיעל האָב איך געזאָגט? זעה, איך האָב היינט פערלאָרען דעם זכרון. דיא ערשטע פינף וועקס־לען דעם 17טען... (לעגט אַנידער דעם פעדער. קוקט לאַנג אויף דער מוטער'ס בילד) מאמא, דו ווייסט, וואָס דיין אונגליקליכעס קינד פיהלט יעצט? אַי, איך זאָל חאָטש האָבען צייט אויסוויינען זיך! איך האָב געליטען געננוג, אָבער דאָס? איך האָב מורא... מאַמא, איז דאָס ניט צופיעל? (פאַלט פלוצלינג צום טיש מיט אַ פערצווייפעל־טען געוויין. נינאַ עפענט דיא טהיר, זעהט בערטהאַ'ס געוויין, איילט צוריק. עס הערען זיך שטיממען.) האַ, זיי געהען! (בעהערשט זיך) יאַ, הייסט עס, דיא ערשטע פינף וועקסלען. (בערנאַרד קומט מיט אידאַ'ן.)

בערנאַרד: (שטיל) שטענדיג באַ דער ארבייט! שטענ־דיג באַ דער ארבייט! הייליגע, גוטע זעלע. אידא, מוזט אונז יעצט לאָזען אליין.

אידא. איך האָב דיך מורא לאָזען אליין מיט דער הייליגער, גוטער זעלע, ווען זיך נאָך ווידער פערליעבען.

בערנאַרד: (ערנסט) זיי ניט קיין קינד, אידא!

אידא: איך וועל זיך באַ דער טיער זאַ וויא זאַ צוהערען צו יעדען וואָרט. (ער מאַכט צו דיא טיער.)

בערנאַרד (הוסט) שטער איך אייך ניט, פריילין בערטהא? (ער איז אין א גרויסע פערלעגענהייט.)

בערטהא: פונקט מיט דיא זעלבע ווערטער האָט ער זיך צו מיר געווענדעט יענעם אבענד. אָבער מיט אַ גאַנץ אנדערע אב־זיכט. (ער הוסט הויך. זיא שטעהט אויף גאַנץ פריינדליך.) אָה, בערנאַרד! (דריקט זיין האַנד) וואָס מאַכט איהר? וויא איז אייך געגאַנגען דיא רייזע? אָה! איהר זעהט אוים גרויסאַרטיג. איהר זייט אין דייטשלאַנד גאַנץ פערדייטשט געוואָרען. חא! חא! זיצט! זיצט! (גיט איהם א שטול.)

ב ע ר נ א ר ד: דאנקע. מיך פרעהט זעהר, וואָס איהר זעהט אוים אזוי לוסטיג און מונטער.

ב ע ר ט ה א: וואָס פעהלט מיר? איהר ווייסט דאָך, איך פאָדער ניט פון דער וועלט מעהר וויא מיר קומט, דערפאר בין איך שטענדיג צופריעדען. בערנארד, איהר ווייסט, מיר האָבען דאָ גע־האט גרויסע צרות מיט'ן מילנער.

ב ע ר נ א ר ד: אָה, מיר האָבען יעצט איינעם פון דיא גרעסטע ספעציאליסטען, ער אינספעקטירט איצט דיא מיהל... אָבער פון'ם מילנער שפעטער, איך האָב געוואָלט... ע...

ב ע ר ט ה א: בא אונז איז אללעס אין אָרדנונג. איך האָף איהר וועט בלייבען צופריעדען. נו, דערציילט, וויא האָט איהר אויסגעפונען: פראָדוצירען דיא דייטשען ווירקליך בעסערע מעהל?

ב ע ר נ א ר ד: בערטהא, מיר וועלען נאָך צייט האָבען צו רעדען פון געשעפטען. איך דארף מיט אייך יעצט רעדען פון זעהר א וויכטיגע זאך. (פויזע) מיט א קורצע צייט צוריק האָט מיר מיין קאָפּ, מיין קאַלטער פראקטישער זינן געזאָגט, אז עס וואָלט געוועזען א גליק פאר מיר צו האָבען אזא פרוי וויא איהר זייט. נאכ־דעם... נאכדעם איז געקומען מיין הארץ און מיינע געפיהלע און האָ־בען מיר אָנגעהויבען דיקטירען עטוואָס אנדערש. אָי! איך פיהל מיך זעהר שולדיג געגען אייך!

ב ע ר ט ה א: וואָס מיינט איהר? אָה, וועגען דעם וואָס מיר האָבען א מאָל גערעדט? אונזינן! מיר וועלען עס מאכען גאַנץ קורץ. איהר ווייסט דאָך, וואָס פיר א בעדייטונג בא מיר האָבען דיא אַללע סענטימענטאַלע געשיכטען מיט דיא ראָמאַנען! איך האָב אייך דאמאָלס געזאָגט און איך ווידערהאָל איצט: איך האָב קיין נייגונג צו פאמיליען לעבען. וואו איז דאָס געזאָגט געוואָרען, אז יעדע פרוי מוז דוקא חתונה האָבען? גאָר נישט, איהר האָט מיך דאמאָלס געבעטען, איך זאָל אייך א טובה טהון און זאָגען יא, האָב איך געזאָגט יא. איך האָב געוואוסט, איהר וועט אייך א ביסעל דורכלופטערן, וועט איהר קלוגער ווערען. עי! יא, איך זאָל ניט פער־

געסען, דער אדעסער בעקער פיליפאָוו האָט מיר אונטערגעשריעבען א קאָנטראקט... נו'ם איך אקערשט זעהען, וואו איז דער קאָנטראקט. (זעצט זיך געשווינד אויף דרערד און שלעפּט ארויס דעם אונטערסטען שופלאָד. בא איהר רייסט זיך אַרויס אַ פערשטיקטער געוויין. זיא בע־הערשט זיך באַלד.)

ב ע ר נ אַ ר ד: איהר דארפט וויסען, בערטהאַ, איך האָב קיין מאָל אין מיין לעבען ניט געליעבט. איך האָב ניט געהאַט קיין צייט און קיין מעגליכקייט... און ווען אין דיא יאָהרען קומט פּלוצ־לינג אַזאַ געפיהל, מאַכט עס דעם מענשען וואהנזינניג. בערטהאַ, איך האָב ליעב אייער שוועסטער מיט אַ ליעבע, וועלכע וועט זיך ענדיגען צוזאמען מיט מיין לעבען.

ב ע ר ט ה א: (שטעהט אויף) אך, יאַ, דער קאָנטראקט איז גאָר דאָ! (נעמט פון טיש אַ פּאַפּיר און גיט איהם.)

ב ע ר נ אַ ר ד: איך בין איצט ווייט פון קאָנטראקטען און געשעפטען און איהר זייט טאַקי אפנים אַזאַ מענש, וואָס אייך אינ־טערעסירט קיין אַנדער זאַך ניט.

ב ע ר ט ה א: (קוקט אויף איהם לאַנג) אַ יאַ? און איהר האָט געמיינט, מיך קען אינטערעסירען ווייס איך וואָס... וואָס איז אייער מיינונג וועגען דעם קאָנטראַקט? (שטימען. ער נעמט מע־כאַניש דעם קאָנטראַקט און קוקט אַריין. אידא קומט מיט אשכנזי'ן. נאָך זיי שליאמע, שרה הינדע און סאָפּיע. דיא מאַנזבילען מיט סיגאַ־רען,ביידע שכור'לאַך.)

א י ד אַ: (ביים טהיר) יאַ, יאַ, פּאפּאטשקאַ, קום אריין, וועסט עפּיס הערען נייעס.

א ש כ נ ז י: בערטהאַ האָט מיר שוין אַלעס רעפּאָרטירט און איך מיט שליאמען האָבען אויף דעם חשבון שוין אויסגעזופּט אַ שעהנע פּאָאָר גלעזער סאַנטורין. זעהסט ניט, וויא זיין שניידער־שע פּאַלקע איז צופלאַכטען?... עי, שליאמע הוץ! (צייגט אויף בער־נאַרד'ן מיט בערטהאַן.) זעהסט? שוין ביידע בא דער ארבייט... זיי פּאַססען זיך... זאָגאר בא דיר דאָרט אויבען האָט מען ניט געקענט בעסער צופּאַסען, צושניידען און צושטריגעווען. (לאַכט.)

ש ל י א מ ע: זאָגט שליאמע: בכן איז באשר איז וואָס? בעסער האָט קיין שיעור ניט... נאָר אז עס דארף זיין, מוז זיין...

א ש כ נ ז י: ביזט דאָך א פילאָזאָף, הויז, זאָג מיר, פאר וואָס איז אידא מיין מעהר געליעבטעסטע פון אללע קינדער?

ש ל י אָ מ ע: (רויכערט. שכור'לאך) הערסט א חכם? פאר וואָס זאָגט מען: דו שליאָמע הויז מיט דער שניידערשע פאלקע און דו שמואל אשכנזי מיט'ן נגידישען לאמטידרייטום? אלץ דאָרטען! ווארום!....

ש ר ה ה י נ ד ע: שאַ! ער איז שוין שכור! בערטהאַ, וואָס איז, מיר דאכט זיך דו האָסט געוויינט?... ווען איך האָב נעכ־טען דערזעהען בערנארד'ן האָב איך אויך געוויינט פון פרייד. (דראָהט מיט'ן פינגער) גנב דו?

א ש כ נ ז י: אידא! וועסט עלטער ווערען, וועל איך דיר געפינען א חתן פון חתן־לאנד... עס זאָל זיין פאר מיר א נחת א כבוד, א פערגניגען... סאָפיע, קום אהער! איא, איך בין א מבין אויסצוקלייבען?...

ס אָ פ י ע (געהט צו'ן איהם) אי, דער וויין! דער וויין! (לויט) מיר דאכט זיך אייער סיגארע האָט זיך פערלאָשען (רייבט אויס אַ שוועבעלע און גיט איהם פעררויכערן.)

ב ע ר ט ה א: פאפא, איך וועל דיר פערשפּאָרען א טרחה. אז ר' שליאָמע הויז איז א גוטער מחותן פיר א הארבאטע טאָכטער, וועט ער זיין גאַנץ נישקשה אויך פאר דער ניט הארבאטע. אידא, קום אקערשט אהער. (אידא געהט צו'ן איהר.)

א ש כ נ ז י: וואָס ווילסט דו זאָגען? וואָס איז דאָ היינט פאר מאסקאראדען מיט ספּעקטאקלען. (טאליע אין טיער.)

ט א ל י ע: יאָ, יאָ, דאָ זיינען זיי אללע בא מיין שוועסטער אין צימטער. (אריין נאָך איהם לואיס קארשונסקי, געקליידעט מעהר אַלס אַמעריקאַנער ספאָרטסמאַן.) דאָס איז אונזער נייער מילנער הערר לואי קארשונסקי. בערטהאַ, איך וועל יעצט האָבען מיט ווע־מען דורכצולופטערן מיין דייטשע שפּראַכע. וויר האָבען שאָן געשפּראָכען געוואָרדען געוועזען זיין האָבען...

אשכנזי: עי, דו! איך האָב געהערט, דו פּראָפּאַגאַנדירסט דיא ארבייטער ביי מיר אויפ'ן מיהל? וועסט ניט בלייבען א לעבע־דיגער, אויב עס איז אמת. הערר מילנער, איהר וועט אכט געבען.

לואים: דאַנקע, איך בין ניט געקומען אהער צו טהון דיא ארבייט פון א רוסישען פּאָליציסט... (נעמט אראָפּ זיין מיצעל און נייגט זיך צו אַלע.) אין אייער דאמפּף מיהל איז אללעם עכט רו־סיש: קיין אָרדנונג, דיא מאַשינעריי אלט און פערראָסטעט, דיא וואלצענרעדער טויגען אבזאָליוט ניט. (זעצט זיך און נעמט אַ פּייפּ.) מיט אייער ערלויבנים, האָכווירדיגע דאמען. הערר אשכנזי, אין דער פאבריק־וועלט ערפינדעט מען יעדען טאָג נייע פערבעסערונגען, און איהר שטעהט 20 יאָהר אויף איין פּלאַץ. (פעררויכערט. נינא און מילע קומען, בלייבען שטעהן פערוואונדערט.)

שליאמע: און דאָס איז פּיוועל חניאָק'ס זוהן! א מפּלה וואָלט איך זיך אויף איהם גלויבען... (שרה הינדע לאָזט איהם ניט רעדען.)

סאָפּיע: (שטיל) ער איז אַן אינזשענער, דאָס וואָלט גע־ווען א גוטער שידוך פאר מיין נינא'ן.

אשכנזי: איהר וועט אונז מוחל זיין, מיר רעדען דאָ פון א פאמיליענאנגעלעגענהייט.

לואים: (שטעהט אויף) אה! איך האָב גערעכענט, מען רעדט דאָ פון דער דאמפּף מיהל, אויב עס האַנדעלט זיך פון דער פאמיליענמיהל, בין איך קיין מילנער מעהר. (וויל געהן.)

בערטהא: הערר מילנער, עס מאַכט ניט אוים. עס האַנדעלט זיך וועגען אייער פריינד און איהר קענט בלייבען. (לואים זעצט זיך צוריק און רויכערט דיא גאַנצע צייט מיט אַ ציניש̇ען שמייכעלע) פּאַפּאַ, איך וויים, דו האלסט ניט זעהר שטאַרק פון מיר, אָבער וועסט דאָך מוזען צוגעבען, אז איך בין אידא'ן ניט נאָר איין עלטערע שוועסטער, איך בין איהר א ביסעלע מוטער אויך. איך האָב אויך א שטיקעלע רעכט אריינצורעדען ווען עס האַנדעלט זיך פון איהר גליק. בערנאַרד איז איין עהרליכער מענש,

מיר קענען איהם גוט און איך מיין, אז קיין בעסערן שידוך פאר אי־דא'ן דארף מען ניט זוכען.

אשכנזי: (אויסער זיך) וואָס? אידא גאָר? וואָס קומט דאָ פאָר? וואָס קומט דאָ פאָר בא מיר?

סאָפיע: דיא יונגערע פאר דער עלטערער? דאָס קען אייך שאדען צום שידוך, בערטהא. (נינא און מיליע זעצען זיך אין אַ ווינקעלע צוזאַמען אויף איין בייגקעל.)

בערטהא: מיך דארף מען ניט רעכענען. איך שטעה ניט אין וועג... מיך מעג מען רעכענען וויא געשטאָרבען (ווייט הערט זיך אַ טרויריגע קירכען גלאָקע) דאָ האַנדעלט זיך וועגען אידא'ן.

שרה הינדע: (שטיל) אידא גאָר? וואָס הייסט דאָס, שליאמע?

שליאמע: (גאַנץ שכור) וואָס פרעגסט דו קשיות? גולם, דו ווילסט מיט א האָרב און אויבען וויל מען מסתמא אָהן א האָרב...

אשכנזי: מע האָט פערגעסען ווער שמואל אשכנזי איז! (וויטהענד) איך וועל אייך ווייזען דיא מאַכט פון שמואל אשכנזי!

בערנארד: הערר אשכנזי, ערלויבט מיר זאָגען...

אשכנזי: ניין! איך וועל זאָגען...

בערטהא: פאפא, ער האָט מיר ערשט געזאָגט, ער האָט ליעב מיין שוועסטער מיט א ליעבע, וועלכע וועט זיך ענדיגען מיט זיין לעבען, איך פיהל און פערשטעה, אז דאָס וואָס ער זאָגט איצט איז ריכטיג! אידא, מעגסט מיר גלויבען, איך ווינש דיר גליק פון גאַנצען האַרצען. (נעמט איהר לעצטע בלום און שטעקט אַריין אידא'ן אין דיא האָר) איך בין דיר א מוטער, א שוועסטער און א פריינ־דין. (וויינט) בערנארד'ס מוטער האָט רעכט, מע קען וויינען פון פריידע און גליק... אָי! זאָלען מיינע טרערען קיינעם ניט שטערען צו פיהלען זיך גליקלאך. (פאַלט אויף אידא'ס שולטערן און וויינען ביידע זעהר שטאַרק. טאַליע וויינט אויך, זיין טיכעל איבער דיא אויגען.)

אשכנזי: איך! (וויל עטוואָס זאָגען, פאַלט צוריק.)

מיליע: (וויינט ביטער) נינא, זעה וואָס זיי טהוען אונ־

זער בערטהא'ן! נינא! (אומארמען זיךביידע און וויינען. שרה הינדע וויינט, שלאמע לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ גאַנץ שכור. סאָפיע לויפט צו אשכנזי'ן און לואיס איז שוין לעבען איהם.)

סאָפיע: זעהט! וואָס איז מיט איהם?

לואיס: אפּאָפּלעקסיע!... (דער כאָר פון דיא טרויריגע גייסטער, וויא אין פּראָלאָג, גאַנץ פּיאנא.)

סאָפיע: נינא, וואָס וועלען מיר ביידע איצט טהון?... וועה איז מיר! וועה איז מיר! (פאָרהאַנג פאַלט ראש און באַלד צוריק. מע זעהט אַללע, ערשראָקענע, לעבען אשכנזי, איינע לויפען און שרייען: דאָקטאָר! דאָקטאָר! אַ גרויסער געטומעל.)

(פאָרהאַנג)

## דריטער אקט

(דאָס זעלבע צימער. לעבען בערטהאַ'ס טיש אַ גרויסער אָפענער קאָסטען און א גרויסער טשעמאָדאַן. אויף שטולען און אויף דר'ערד ליע־גען פיעלע מענער קליידער, וועש, ביכער און פערשיעדענע זאַכען. מיליע זיצט בא דער פּיאַנא און עקזערצירט. נינא קלאַפּט טאַקט מיט אַ גרויסען בלייפעדער.)

מיליע (ענדיגט) איאָ, נינא, עס איז געוועזן ניט שלעכט? (זיא שטיפט.)

נינא: יא! גאַנץ היבש.

מיליע (קרימט זיא) יא, גאַנץ היבש! חי! חי! (צייגט אויף דיא קליידער) דו וועסט בייַנקען נאָך טאַליען, ווען ער וועט אוועקפאָהרען?

נינא: (מאַכט זיך ניט הערענדיג) אלזאָ פיר מאָרגען ווי־דער נאָך אַ מאָל פון טשערני. דיא זעלבע זאַך גוט אויסלערנען און... ע. שמאָהל'ס.

מיליע: שמאָהל אויך? אי, האָב איך פיינט דעם שמאָהל.

נינא: (צייגט אין דיא נאָטען) מע מוז אללעם אויסלער־נען, מיליע! יא, טשערני און שמאהל — דאָס איז אללעס. איצט, מיליע, קום אהער, איך וועל נור איבערקוקען דיינע אריפמעטישע אויפגאבען און דו וועסט זיין פריי. (געהט צום גרויסען טיש.)

מיליע (ברוגז)ע! אריפמעטיק אויך? איך וויל גאָר ניט!

נינא: דו ווילסט זיין א שלעכטע און בערטהא זאָל זיך ערגערן איבער דיר?

מיליע: (געהט צום טיש) אריפמעטיק האָט געמעגט פערברענט ווערען, איידער מע האָט עס אויסגעטראַכט אויף אונזער קאָפּ! (מע הערט בערטהאַ'ס שטיממע.)

בערטהא: (פון אַנדערן צימער) יא, מאשע, אללעס דארף מען איבערפּרעסען.

מ י ל י ע: (גיט נינא'ן איהרע העפטען) אָי, נינא, זאָלסט ניט זאָגען בערטהאַן, אז איך האָב געשאָלטען דיא אריפמעטיקע!

נ י נ א: מיליע, ביזט אַ זיסער גנב'ל! (קושט זיא און קוקט אין העפט) ע... „פראגע: וואָס איז מעהר, 5 צעהנטעל אָדער 4 אכטעל? ענטפער: אללעביידע גלייך". חע! חע! אללע ביידע גלייך, ריכטיג! (בערטהאַ קומט מיט וועש.)

מ י ל י ע: (קרימט זיא) חע! חע! אַלע ביידע גלייך. ריכטיג! (ביידע לאַכען) חאַ! חאַ! חאַ!

ב ע ר ט ה א: קינדער, איהר ארבייט צו איהר שטיפט, האַ?

נ י נ א: מיר ארבייטען שטיפענדיג.

ב ע ר ט ה א: דאָס איז גוט. (זעצט זיך לעבען אָפענעם קאַסטען) איך גיב טאליע'ן מיט אין וועג איינגעמכאַץ. ער וועט דאָרט אין פעטערבורג איינלאדען זיינע נייע קאמעראדען און וועט זיי טראַקטירען מיט טיי און איינגעמאַכץ. מען דארף עס קענען איינפאקען.

נ י נ א: בערטהא, ערלויבט מיר, איך וועל אייך העלפען.

ב ע ר ט ה א: ניין! ניין! מערדער, דו וועסט מיר נאָר צו־שטערען מיין גאַנצע סיסטעם (פאַקט) אָי, איך פערשטיי יעצט, וואָס א מוטער פיהלט, ווען זיא דארף זיך שיידען פון איהר קינד... דאָס לעבען קוקט אָבער ניט אויף אונזערע סענטימענטאלע געפיהלע.

מ י ל י ע: בערטהא, אז טאליע וועט אויסשטודירען אין פע־טערסבורג, וועט ער טאקי זיין א דאָקטאָר?

ב ע ר ט ה א: יא, מיליטשקע. (זיפצט) עס וועט זיין אונמוטהיג אין שטוב אָהן איהם.

מ י ל י ע: איך האָב אָבגעמאַכט מיט טאליען, אַללע זונטאג זאָל איך איהם שרייבען בריעף. נינא, דו וועסט איהם שרייבען? זעה, וואָס מאַכסטו זיך ניט וויסענדיג? איך פרעג דיך דאָך? (נינאַ מאַכט זיך ניט הערענדיג, דערלאַנגט זאַכען בערטהאַ'ן.)

ב ע ר ט ה א: וואָס האָט עס צו דיר, דו פלאַפלערין?

מ י ל י ע: איך וויל אויף איהרע בריעף שרייבען א גערוס פון זיך.

ב ע ר ט ה א: אפשר וועט זיא גאָר טאָליען ניט שרייבען?...

מ י ל י ע: זיא וועט שוין שרייבען... זיא מאַכט זיך נאָר, עס פערדריסט זיא ניט, וואָס ער פאָהרט אַוועק. זעהט, זיא איז רויט געוואָרען! ע! ע!

ב ע ר ט ה א: מיליע!... אפשר וועט נינא גאָר ניט וועלען דו זאָלסט שרייבען גריסען אויף איהרע בריעף?

מ י ל י ע: אַזוי? וועל איך איהר ניט ערלויבען שרייבען גריסען אויף מיינע בריעף.

ב ע ר ט ה א: (פּאַקט) ניין? איז ניט געהאַנדעלט?

מ י ל י ע: (קרימט זיא) ניין! איז ניט גהעאַנדעלט. (אַלע לאַכען.) איך לויף זיך שפּיעלען אין גאָרטען. (לויפט אב.)

ב ע ר ט ה א: האר אוים, דו שטיפערין! נינא, זינד זיא איז מיט דיר, איז זיא געוואָרען א לעבהאַפטעס און זאָרגלאָזעס קינד, דאָס איז גוט. לעבען מיר וואָלט זיא געוואָרען צו אַלט און צו סאָליד... חע! חע! עס איז איין אונגליק, אז מע האָט א הויקער. מיינסט, מיר פלעגט זיך ניט וועלען א מאָל א שטיף טהון? איך פלעג אָבער באַלד א טראַכט טהון: איין אַנדערער וואָלט עס גע־פּאַסט, פון מיר וועט מען לאַכען. איך האָב שטענדיג געמוזט דער־שטיקען אין זיך יעדע לוסטיגקייט און צווינגען זיך זיין סאָליד...

נ י נ א: מענשען און זאָגאר דיא נאַטור האָבען אייך אַזוי פיעל אונרעכט געטהון און איהר האָט אַללעמען ליעב... בערטהאַ, וואו נעהמט איהר אַזוי פיעל ליעבע?

ב ע ר ט ה א: קינד, אין דער ליעבע געפין איך א טרויסט פון אַללע מיינע צרות. ליעבען הייסט לעבען. (בלייבט זיצען פער־טראַכט. נינאַ כאַפּט איהר האַנד און דריקט זיך צום האַרצען.) וואָס איז, נינא, ווילסט מיר עפּיס זאָגען?

נ י נ א: יא, בערטהאַ, ער אָבער דאַרף עס ניט וויסען. ווען איך זעה, אז מע פּאַקט זיינע זאַכען, פיהל איך, אז ער פאָהרט טאַקי אַוועק, און, איך וויים ניט פאר וואָס, מיר טהוט אַזוי וועה דאָס האַרץ... און מיר ווילט זיך וויינען... (גיט אַ מאַך מיט׳ן האַנד און ראַש אב.)

ב ע ר ט ה א: (פאָלגט זיא מיט איהרע בליקען) אה, שעהנע, גליקליכע יוגענד, איך האָב דיך ניט געקענט! מיר איז געווען בעשידען נאָר צו קוקען אויף דיר פון דער ווייטען. (בלייבט פערטראַכט) דאָך זעהען און פערשטיין דעם זינן וואָס דו זעהסט, איז אויך א גליק. זעה נאָר איך זיץ! (פּאקט פליסיג) איך הויב אָן ווערען פויל אויף דער עלטער. (א י ד א קומט געקליידעט אין אַ דונקעלען דאַמען־קלייד, אין אַ קליין קערבכען איהר האַנד־אַרבייט.)

א י ד א: (איז זעהר טרויריג) וויא זיא איז פערטיעפט אין איהר אַרבייט. (ווערט פריילאַך) איך וועל זיא אונמיסטען גוט איבערשרעקען. (גנב'עט זיך לאַנגזאַם אויף דיא שפּיץ פינגער, שטעלט זיך אָב יעדען אויגענבליק. בערטהאַ קערט זיך ניט אום, מאַכט אַ כיטרע מיענע מיט'ן געזיכט און דיא אויגען און פּאַקט. פויזע.)

ב ע ר ט ה א. נו, שוין! וויא לאַנג דאַרף עס נעמען ביי דיר איבערצושרעקען א מענשען?

א י ד א: שלעכטע! איך האָב געמיינט, ענדליך וועל איך האָבען פון וואָס צו לאַכען א ביסעל.

ב ע ר ט ה א: עס איז טאַקי אַן עולה פון מיר... נו, וועסט שוין לאַכען אַן אַנדערש מאָל.

א י ד א: (זעצט זיך, זיפצט שווער) איך געפין זעהר ווייניג און זעהר זעלטען פון וואָס צו לאַכען.

ב ע ר ט ה א: (קוקט אויף איהר לאַנג) זעה נאָר, מאַדאַם, וועסט אַזוי לאַנג זוכען פון וואָס צו לאַכען, ביז דו וועסט געפינען פון וואָס צו וויינען, און אַנדערע וועלען נאָך אויך וויינען איבער דיר....

א י ד א: (ערשראָקען) וואָס מיינסט דו דאָס, בערטהאַ?

ב ע ר ט ה א: איך מיין, וואָס איך זאָג. א, נו, ווייז נאָר, אידא, וואָס נעהסט דו דאָס אוים?

א י ד א: איך נעה אוים א זעקעל פיר לוא... פיר קאָרשונסקי, ער זאָל האָבען אין וואָס צו האַלטען זיין טאַבאַק. א יאָ, עס וועט זיין שעהן? זעהסט, און דו זאָגסט, איך טהו גאָר נישט...

ב ע ר ט ה א: נו, יא, א נויטיגע ארבייט! פאר וואָס מאכסט דו דאָס ניט פיר דיין מאַן?

אי ד א: מיין מאַן? דו ווייסט דאָך, ער רויכערט ניט און שמעקט ניט, און טאַנצט ניט, און זינגט ניט און טרינקט ניט, און לאַכט ניט און גאָר נישט ניט!

ב ע ר ט ה א: דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, דו ווילסט זיך בעריהמען מיט דעם, וואָס דיין מאַן איז א שטילער מענש, ניט קיין טרינקער, ניט קיין שפּרינגער און ניט קיין שאַרלאַ־טאַן? דאָס איז זעהר שעהן פון דיר, וואָס דו קענסט איהם שעצען. (געהט) מע דאַרף געהן זעהן, האָט מען ניט פערגעסען דעם פּאַפּאַ מאַכען א בוליאָן. (ביים טיער) אידא, מיין ניט, מע קען דורכטאַנ־צען און דורכלאַכען דאָס גאַנצע לעבען. מע דאַרף זיך צווינגען ערנסט דענקען און עהרליך פיהלען.

א י ד א: איך פערשטיי ניט, וואָס דו זאָגסט.

ב ע ר ט ה א: איך זאָג, מיר אַללע וואָלטען געוועזן רויבער, מערדער, ווילדע טהיערען, אויב מיר וואָלטען געלעבט נאָר פיר זיך און גאָר ניט געדענקט, אז אַן אַנדערער האָט אויך געפיהלע, א האַרץ, א זעעלע. אידא, מיר זיינען מענשען דערמיט, וואָס מיר קענען ניט האָבען אַללעס וואָס מיר ווילען און מעגען ניט טהון אַללעס, וואָס אונז געליסט זיך. געדענק, וואָס איך זאָג דיר! (גיט אויף איהר א שטרענגען קוק און אב.)

א י ד א: (טראכט) האָט זיא געמיינט עטוואָס דערמיט? אָדער עס איז א ביסעל מאָראַל גלאַט אין דער וועלט אריין? נו, יא, ער איז דען ניט גערעכט, ווען ער זאָגט: מענשען לעבען נאָר צו רויבען איינער בא דעם אנדערן דיא פרייהייט. אַי! זיא מיינט, איך קען נאָר לאַכען און טאַנצען. זיא ווייסט ניט, אז איך האָב זיך דיא לעצטע צייט אויסגעלערנט וויינען אויך. איך זאָל קענען שטאַרבען, וואָלט איך בעסער געוואָלט שטאַרבען. (מע הערט אַ לויטען געשפּרעך) שש! דיא מענער געהען! (לויפט צום שפּיעגעל) זעה נאָר, מאַדאַם, וואָס פאר א זויערן פּנים דו האָסט היינט. (כאַפּט ארויס פון דער טאַשע א שאַכטעל מיט פּוידער, פּוידערט זיך

שנעלל און זעצט זיך אנידער. מע הערט שטיממען.) אָי, ווען איך הער זיין שטיממע, ווערט אין מיר פערקילט דאָס בלוט. (בערנאַרד און לואיס קומען, דער לעצטער געקליידעט אַלס יעווראָפּייאישער אַר־בייטער. זיין קאָסטיום איז אויסגעשמירט אין מעהל. ער טראָגט פאַ־פירען און פלאַנען.)

ב ע ר נ א ר ד: אה! אָט איז אידא! איך האָב דיך היינט נאָך ניט געזעהען. בערטהא איז דאָ ניטאָ? וויא געפעלט דיר, אידא, לואיס האָט שוין א שפּאָגעל נייעם פּלאַן. (לואיס נויגט זיך צו איהר ריטטערליך) קאַרג האָט אונז געקאָסט דאָס איבערבויען.

ל ו א י ס: בערנארד, דארפסט פערגעסען דיא רוסישע סיסטעם: מאַכען קאַפּיטאַל אָהן קאַפּיטאַל, נאָר מיט פרעמדע אַר־בייט! ביזט דו א קאַפּיטאַליסט, ארבייט מיט דער קאַפּיטאַליסטי־שע מעטאָדע...

ב ע ר נ א ר ד: איך וויים ניט, מיר ווע'לען ווייזען דעם פּלאַן בערטהא׳ן. פערשטייסט דו מיך, מיר קענסט דו צוטומלען דעם קאָפּ מיט ציפרען און מיט טענות, זיא אָבער וועט נאָר א קוק טהון, וועט זיא שוין פערשטיין, איז דאָס נויטיג אָדער ניין.

ל ו א י ס: (זעצט זיך) אַלזאָ, וועלען מיר א ביסעל זיצען און ווארטען אויף פרייליין בערטהא. (פעררויבערט זיין פּייף) דיא וואהרהייט געזאָגט, זיא איז דער איינציגער מענש, וואָס פערשטייט עטוואָס.

א י ד א: דאָס איז א שעהנער קאָמפּלימענט פיר אונז אללע.

ל ו א י ס: איהר ווייסט דאָך, מאַדאַם, איך בין ניט דער מענש וואָס מאַכט קאָמפּלימענטען.

א י ד א: ניש־קשה, איהר זאָלט זיין פערליעבט אין א פערזאָן, וואָלט איהר שוין יא געמאַכט קאָמפּלימענטען.

ל ו א י ס: (פרעגט) איהר, מאַדאַם, ווייסט בעסער פון אנ־דערע, איך מאַך ניט קיין קאָמפּלימענטען, זאָגאר ווען איך בין יא פערליעבט אין א פערזאָן. (אידא איז פערלעגענהייט.)

ב ע ר נ א ר ד: ווארום מיינסט דו עפּיס, אז אידא איז דאָס מחויב צו וויסען בעסער פון אנדערע?

ל ו א י ס: (קוקט אויף איהם) ווארום איך מיין? (רוי־בערט) בערנאַרד, אויף דיזער פראגע בין איך בערייט צו יעדער צייט דיר ענטפער געבען.

ב ע ר נ אַ ר ד: וואָס מיינסט דו דאָס? קוק איהם נאָר אָן, איך מאַך שפּאַס און ער רעדט אזוי ערנסט!

א י ד א: (ערשראָקען) וואָס פרעגסט דו איהם? ווייסט ניט, ער האָט ליעב מיט יעדען וואָרט וועמען עס איז בעליידיגען, אַ שטעך טהון, ברענגען אין אַ פערלעגענהייט? (שוין רוהיג) דיין טייערער פריינד האָט געמענט זיין אַ ביסעל אַ בעסערער מענש.... קארשונסקי, איהר זעהט? איך נעה אוים פיר אייך אַ זעקעלע פיר אייער טאבאק. אזא שלעכטער פערדיענט ניט קיין פּרעזענטען, נאָר זיי האָבען שוין אזא גליק, דיא שלעכטע!...

ל ו א י ס: (בעטראכט איהר אַרבייט) אונניצליכע ארבייט פיר איין אונניצליכע זאַך. איהר מיינט דאָך ניט, מאַדאַם, איך וועל שלעפּען אזא זאק מיט טאַבאַק אין מיין טאַשע?

א י ד א: דו הערסט אַ דאַנקבארקייט פון דיין פריינד? (בייז, שמייסט פאָרט איהר אַרבייט.)

ב ע ר נ אַ ר ד: דו ווייסט דאָך, אידא, דער דייטש איז אַ ביסעל חזירעוואַטע... וויא אַללע דייטשען! דו, דייטש! זאָג מיר, ווען ווערסט דו זיך טאַקי פערליעבען אין עפּיס אַ פּערזאָן און טאַקי חתונה האָבען?

ל ו א י ס: פערליעבען זיך בין איך בערייט צו יעדער צייט. דיא מאַדאַם קען בעשטעטיגען, אז איך זאָג ניט קיין ליעגען.

ב ע ר נ אַ ר ד: ווידער דיא מאַדאַם? וויא געפעלט עס דיר, אידא, נאָר עפּיס שטעלט ער דיך פאר אַן עדות! (קוקט אויף איהר פאַרשעמנד, אידא אין אַ פערלעגענהייט.)

ל ו א י ס: פערליעבען זיך יא, אָבער הייראַטען? דאָס ניט! דיא פאָרם פון אונזער פאַמיליען־לעבען, פון אונזער עהע איז אַלט און צופוילט. מע קען ניט צופּאַסען צו אונזער יעצטיגען לעבען דאָס, וואָס איז געוועזן גוט מיט טויזענדער יאָהרען צוריק... אונזערע רעכטע, אונזערע עקאָנאָמישע פערהעלטניסע, אונזערע אידעען האָ־

בען זיך ראדיקאל פערענדערט און דיא פאמיליע בלייבט נאָך אימער, וויא תרח מיט מתושלח'ן האָבען זיי געגרינדעט. אויסער דעם, איך וואָלט אין יעדען פאַלל ניט געהייראַטעט, ווייל דאָס וואָלט מיך געצוואונגען צו ענטזאגען זיך פון מיין „איך" צוליעב אַנדערע, צו לעבען ניט נאָר צוליעב זיך, נאָר צוליעב אַנדערע... איך וויל ניט זיין געבונדען! איך וויל זיין גאנץ פריי און לעבען נאָר צוליעב זיך אַליין...

ב ע ר נ אַ ר ד: אָי, ר' דייטש, ביזט א גוטער עגאָאיסט!...

ל ו א י ס: מיין פריינד, עגאָאיזם איז פיר דאָס לעבען אַזאַ קראַפט וויא דער דאמפף פיר דיין דאמפף־מיהל. עגאָאיזם איז דיא איינציגע ליעבע, דיא איינציגע ענערגי, וועלכע מאַכט אונז טהעטיג און בענוצט אללע מיטלען צו פערשטאַרקערען און פערלענגערען אין אונז דעם אינסטינקט פון לעבען. (אַ דיענער ערשיינט אין טיער.)

ד י ע נ ע ר: (צו בערנאַרד'ן) מיין הערר, אַ מאַן ווארט אויף אייך אין קאַנטאָר.

ב ע ר נ אַ ר ד: באַלד. (דיענער אב) הערר אָבער־מילנער, דו געהסט?

ל ו א י ס: איך? (רויכערט לאַנג) ניין, איך געה ניט.

ב ע ר נ אַ ר ד: יא, דו בלייב דאָ א ביסעל פילאָזאָפירען מיט מיין אידא. וויא איך האָב בעמערקט, ווערט זיא ענטציקט פון דיין פילאָזאָפי. נו, יא, מיר אללע זיינען זעהר שוואַכע פילאָזאָ־פען און דיך נעמט דער רוח ניט. איך קום באַלד. (ראש אב. אַ לאַנגע פויזע. לואיס רויכערט לאַנגזאַם און קוקט אויף איהר.)

א י ד א: (אונטערוואָרפען) דיין בעמערקונג פריער וועגען מיין פרעזענט האָט מיך זעהר בייז געמאַכט און בעליידיגט.

ל ו א י ס: (רויכערט) גאַנץ איינפאַך, ווען דער פרעזענט האָט ניט קיין פראַקטישען זינן, איז דיא אַרבייט אונזיננינ. איהר ווייסט, איך בין ניט קיין זיסער, ניט קיין סענטימענטאַלער מענש...

א י ד א: אָה, ניין! ביזט אַ ביטערער, א גיפטיגער, א שלעכטער מענש. איך האָב ניע אין מיין לעבען פאַר א מענשען מורא געהאַט און פאַר דיר האָב איך מורא. יא, איך האָב מורא

פאר דיר! איך פערשעלט דעם טאָג וואָס איך האָב דיך בעגעגענט, איך בעוויין מיט ביטערע טרערען דאָס, וואָס איז געשעהן און העלפען קען איך ניט. דו ביזט א גראָבער מענש, א גרויזאמער מענש, דו פערשאפסט מיר וויטאגען און שמערצען און איך האָב דיך מיט יעדען טאָג מעהר ליעב... דו ערנידריגסט מיך און איך פערגעטטער דיך. דו זאָלסט מיך שלאָגען און טרעטען מיט דיא פיס, וואָלט איך דיך נאָך שטארקער געליעבט. נו, דו ווייסט דאָך אללעס, קענסט דו ערקלערען פאר וואָס איז דאָס?

ל ו א י ס: דאָס איז דיא מיסטישע געהיימנים פון א פרויען־זעעלע.

א י ד א: איך בין בערייט געהן צו מיין אונגליק אָהנע צו דענקען פון זיך און פון דיא פאָלגען. איך בין בערייט שטארבען פאר דיר און איך וויים ניט זאָגאר, אויב דו ליעבסט מיך.

ל וא י ס: יא, איך האָב דיך ליעב. ווייסט דו פאר וואָס? פיר קיין זאך ניט, נאָר דערפאר, ווייל דו האָסט מיך אזוי שטארק, אזוי בלינד, אזוי עלעמענטאריש, אזוי זעלבסט אויפאָפּפערענד ליעב. נאָר דערפאר!

א י ד א: א, איך האָב דיך שטארק ליעב, ווייל דו ביזט א שטארקער. אָבער ער? קרענקט עס דיך ניט, וואָס דו האנדעלסט אזוי געגען דיין פריינד?

ל ו א י ס: יא, איך בין איהם א פריינד. איך בין אָבער זיך נאָך א גרעסערער פריינד. קינד, פריינדשאפט עקזיסטירט צווי־שען מענשען נאָר דאן, ווען זיי האָבען פערשידענע אינטערעסען. ווען אָבער זייערע אינטערעסן בעגעגענען זיך, וויא צום ביישפיעל, יעצט, ווארום זאָל איך אָפּפערן?

א י ד א: אָה, לואי, איז דאָס עהרליך?

ל ו א י ס: איך האָב מיינע אייגענע בעגריעפע וועגען דעם וואָס איז עהרליך אָדער אונעהרליך. איך פערשטיי ניט, צוליעב וועמען, אינ׳ם נאָמען פון וועלכע אויסגעטראכטע מאָראל זאָל זיך דער מענש ענטזאגען פון דעם, וואָס גיט איהם גליק און פרייד? דער מענש דארף נעמען אללעס, וואָס דאָס לעבען גיט איהם. געוויס,

איין בעדינגונג נאָר, ער דארף נעהמען אָפּען, ניט וויא א גנב, ניט פערבאָרגענערהייד, נאָר וויא א מענש וואָס פיהלט, אז ער איז בע־רעכטיגט צו נעמען... און דערפאר, אידא, האָב איך דיר שוין גע־זאָגט און זאָג דיר יעצט: ער מוז דיא גאנצע וואהרהייט וויסען! ער מוז!

א י ד א: (געהט צו איהם, ערשראָקען) ניין, ניין, לואיס! איך בעט דיך, ניין! דו האָסט מיך זעהר איבערגעשראָקען פריער, דו האָסט זיך געווענדעט צו מיר, וויא צו דיין עדות. איך זעה אָפּט אין דיר א מין פרעכען נצחון, א מין צו להכעים דוקא נעמען און ערציילען איהם.

ל ו א י ס: (סאַרקאַסטיש) הם! איך פערשטיי, דיך שרע־קען דעם מאַנס רעכטע און דעם פאַפּאַס נאָמען.

א י ד א: ווען דער פאַפּא האָט זיך גענומען א יונג ווייב, האָט ער געדענקט פון זיך, ניט פון מיר... און ווען איך האָב דיך ליעב, דענק איך ווייניג פון איהם.

ל ו א י ס: פריער פון אַללעם לערנען זיך דיא קינדער פון זייערע אייגענע עלטערן.

א י ד א: דעם מאַנס רעכטע וואָלטען מיך ניט געשראָקען, אז דערפון וואָלט ארויס שלעכטס נאָר פאר מיר, אז נאָר איך וואָלט ליידען, אז בערנאַרד וועט מיך בעשטראָפען, ארויסטרייבען, ערמאָר־דען, וואָלט איך ניט געווען דאגעגען צו ערציילען איהם דיא גאנצע וואהרהייט. איך וויים אָבער, ער איז צו א גוטער, ער האָט מיך זעהר שטארק ליעב, ער וועט מיר גאָר נישט טהון, ער אליין וועט ליידען! דאָס וועט איהם נאָר צוברעכען דאָס לעבען, אונגליקליך מאַכען, טויטען!... אָה, דו זאָלסט וויסען, וויא שטארק ער האָט מיך ליעב!

ל ו א י ס: (רויכערט, שמייכעלט ציניש) פאר וואָס זשע, מאדאם, האָט איהר איהם ניט ליעב?

א י ד א: וואָס וויים איך? אפשר ווייל איך בין א שלעכטע, ווייל דו ביזט געקומען, ווייל ער איז אפשר שוין איין אָבגעלעבטער מענש און איך בין צו יונג, ווייל ער איז צו לאנגווייליג און איך בין

צו לייכטזינניג. ווען איך וויל אומלויפען, טאנצען, שטיפען, פיהלט ער זיך מיעד און צו סאָליד. ווען איך בין פריילאך, ווערט ער אונמוטהיג. איך וויל לעבען, זיין לוסטיג, ער אָבער ווייס נאָר: ווייץ, מעהל, מיהל, מאָהלען... עס איז נאָך גוט, וואָס בערטהא האָט אויסגעפיהרט און מיר זיינען געבליעבען לעבען צוזאמען, אז ניט, וואָלט איך פון לאנגווייל און אונטהעטיגקייט שוין לאנג פון זינן אראָפּ!

לואיס: וויא דו טענה'סט, ביזט דו גערעכט, ער האָט אָבער אויך וואָס צו זאָגען.

אידא: ווען ער געהט אין מיהל, שלאָף איך נאָך און ווען ער קומט פון מיהל, דארף מען געהן שלאָפען. נייען א זייגער גע־נעצט ער שוין און דרעמעלט אויף זיין שטול.

לואיס: ער איז א שלעפעריגער בא דיר, הא? חא! חא!

אידא: דו לאכסט און מיר ווילט זיך וויינען מיט ביט־טערע טרערען. אָבער וואָס איז ער שולדיג? ער איז א גוטער, ער איז זעהר א גוטער, פאר וואָס זאָלען מיר איהם פערגיפטען דאָס לעבען מיט אונזער וואהרהייט? (קניעט לעבען איהם) איך בעט דיך, לואיס, טהו עס ניט... אויב מע מוז מיט ליעגען פערמיידען איין אונגליק, — מוז מען! (וויינט, אומארמט איהם, קושט זיינע הענד) טהו עס ניט, טייערער, טהו עס ניט! איך ווייס, וואָס מעהר איך וועל איהם נאררען, דעסטאָ נידריגער וועל איך פאללען. עס קען זיין זאָגאר דו וועסט פערליערען דיין לעצטע אכטונג צו מיר און וועסט מיך בעהאנדלען נאָך ערגער וויא איצט. אָבער איך האָב מורא פאר דער וואהרהייט, איך האָב מורא! (א גערויש, זיא, ערשראָקען) ער געהט צוריק! (ווהיספערט, פערצווייפעלט) לואי, אין גאָטעס נאָמען, איך בעשווער דיך, זאָג ניט, זאָג איהם ניט! (שפּרינגט אויף, ברענגט איהרע האָר אין אָרדנונג. בערנארד קומט.)

בערנארד: איך בין שוין דאָ. אידא, וואָס האָסט זיך ערשראָקען אזוי? (זיא קען ניט ענטפערן פון אויפרעגונג.) זעה נאָר, וואָס איז מיט דיר? (קיין ענטפער) לואיס, וואָס איז מיט איהר? (ער בעטראַכט זיא.)

ל ו א י ס: (רויכערט, רוהיג) וואָס מיט איהר איז, דאַרף זיא זאָגען. יעדער מענש דאַרף ענטפערן פיר זיך אליין.

ב ע ר נ א ר ד: זעה נאָר בעסער, אידא, וויא דו האָסט זיך אויסגעשמירט אין מעהל.

ל ו א י ס: (רוהיג) מאדאם, אז מע געהט אום צווישען מיהל־מענשען, איז זעהר אונפּראקטיש צו טראָגען דונקעלע קליידער.

ב ע ר נ א ר ד: איאָ, עס איז אונפּראקטיש? אידא, געה בעסער און רייניג זיך ארום, אָדער טהו אָן א'ן אנדער קלייד, אז ניט, וועט מען מיינען, אז דו ביזט דער מילנער, ניט ער. (אידא געהט געהאָרכזאם. בא דער טיער ווענדעט זיא זיך אום צו לואיסען מיט א בעטענדען בליק. אב. פּויזע. ב ע ר נ א ר ד געהט אום איבער'ן צימּמער. ל ו א י ס קוקט איהם אָן און רויכערט רוהיג.)

ב ע ר נ א ר ד: (שטעלט זיך אָב געגען איהם) לואיס, דו דארפסט מיר זאָגען, וואָס דאָ איז צווישען אייך פאָרגעקומען?

ל ו א י ס: גאַנץ איינפאַך, צווישען אונז איז פאָרגעקומען א געשפּרעך, וואָס האָט זיא אויפגערעגט.

ב ע ר נ א ר ד: א געשפּרעך? הם! איך פערשטעה! א גע־שפּרעך פון וועלכען מען ווערט אויסגעשמירט אין מעהל. האָסט ניט געקענט אויסטראכטען עפּיס א מעהר פּאַסענדען ליעגען?

ל ו א י ס: (בייז) מיין הערר, פּאַסענדע ליגען, דאָס זיינען דיא קאָנווענציאָנעללע זיטטען אייערע אין וועלכע איהר אללע, דיא זאָגענאַנטע ציוויליזירטע וועלט, לעבט! יא, אללע אייערע זיט־טען און אייערע מאָראלישע רעגלאמענטען זיינען נאָר פּאַססענדע ליעגען... איך האָס פּאַססענדע ליעגען גראדע וויא אונפּאַססענדע!

ב ע ר נ א ר ד: (ער האָט איהם ניט געהערט און ניט פערשטאַ־נען) וואָס טויג איצט דיין פילאָזאָפיע? דיא זעלע וויינט בא א מענשען, דאָס הארץ בלוטעט און דו פילאָזאָפירסט.

ל ו א י ס: וויא איך פערשטיי, פאַנגסט דו אָן צו ווערען איי־פערזיכטיג. אין אזא פאַל פרעגט מען ניט דעם אנדערן און מען גלויבט ניט קיינעם. מען זוכט, מען קוקט און מען געפינט אליין די וואהרהייט.

ב ע ר נ אַ ר ד: לואיס, איך פערלאָז מיך אויף דיין פריינד־שאַפט און...

ל ו א י ס: דו, ברודער, פערלאָז דיך ניט זעהר שטאַרק אויף פריינדשאַפט. ווען אַ מענש געהט הייראַטען, טהוט ער דאָס ניט צוליעב יענעמס פריינדשאַפט, נאָר צוליעב זיך אַליין און ער דאַרף זיך פערלאָזען נאָר אויף זיך אַליין. ער דאַרף וויסען, אַז אַ פרוי איז ניט אַ שטיקעל מעבעל, וועלכעס וועט בלייבען שטעהן דאָרט, וואו דער מאַן וועט עס אנידער שטעלען. עס איז אַ לעבעדיגער מענש מיט בלוט, נערווען, געפיהלע, מיט אַ זעעלע, מיט קאַפּריזען, מיט ליידענשאַפטען, מיט משוגעת'ן, מיט פערלאַנגען, מיט, דער טייוועל ווייס, וועלכע פאַנטאַזיען! ענטוועדער נעם זיך אַ ווייב, וועלכע זאָל אין דיר אַליין קענען געפינען איהר גאַנצעס גליק און בע־פריעדיגונג, — דאַן ביזט דו גאַראַנטירט. אָדער טהו וויא דער טערק, פערשפּאַר זיא אין אַ האַרעם און שטעל באַ איהר טיער צעהן דוצען יעוונוכען, דאַן קענסט דו זיך אָבנאַררען און, אַם וועניגסטען מיינען, אַז דו ביזט גאַראַנטירט, אָדער פּשוט פרעג ניט קיין קשיות און קוק זיך ניט צו זעהר שטאַרק, דאָס הייסט, קוק יא, נאָר אַזוי... צווישען דיא פינגער, וועסט דו קענען שטענדיג גלויבען — אפשר יא, אפשר ניט... פאַמיליען־עהרע, מאָראַל, טרייהייט זיינען זעהר שעהנע זאַכען און איהר מעגט זיך שפּיעלען מיט זיי, אָבער אין דער זעלבער צייט זייט ניט קיין נאַאיווע נאַררען און פערגעסט ניט, אַז דאָ אַרום אייך געהן אום ניט מלאכים, נאָר לעבעדיגע, זינדיגע מענשען...

ב ע ר נ אַ ר ד: יא, לעבעדיגע, זינדיגע מענשען! עס קען זיין אַן אַנדערער וואָלט זיך בערוהיגט מיט אַזאַ פילאָזאָפיע, איך אָבער וועל דאָס ניט איבערלעבען. לואיס, איך האָב זיא זעהר צו שטאַרק ליעב! מיין גאַנצעס לעבען איז אין איהר. ווען זיא שלאָפט, קען איך זיצען שטונדען לאַנג און צוהערען זיך צו איהר אָטהעם, ווען זיא רעדט, ווייזט זיך מיר אויס, דאָס גאַנצע הויז ווערט אָנגעפילט מיט קלינגענדע זילבערנע טעננער. איך האָב זיא ליעב מיט דער ליידענשאַפט פון אַ ליעבהאָבער, מיט דיא צערט־

ליבקייט פון א מוטער און מיט דער טרייהייט פון א ברודער. איך בין זעהר אייפערזיכטיג, אָבער איך האָב עס איהר ניט געצייגט, ווייל איך וויים, אייפערזוכט בעליידיגט א פרוי און מאכט דעם מאַן לעכערליך. אָבער אין דער שטיל לייד איך זעהר שטאַרק און זעהר פיעל. ווען איהר רעדטביידע, אָדער ווען איהר הויבט אָן פלוצלינג אין גאָרטען לויפען אין איבעריאָגענעס, אָדער ווען איך זעה, וויא דו נעמסט מיין אידאַ אין דיינע ארעמס און לערנסט זיא טאַנצען א דייטשען האָפּ־שאַ סאַ! — ווערט אין מיר פערקילט מיין בלוט, אָבער איך זעה זיך צו בעהערשען... היינט אָבער קען איך ניט שווייגען מעהר. איך וויל וויסען דיא וואַהרהייט, וויא שרעקליך זיא זאָל ניט זיין. לואים, איך פערשטיי וואָס דו זאָגסט. מיר זיינען ניט מלאכים, מיר זיינען לעבעדיגע זינדיגע מענשען. וויל איך וויסען, האָבען דיא לעבעדיגע, זינדיגע מענשען שוין געזינ־דיגט? (לואים שווייגט) איך פרעג גאַנץ איינפאַך: האָבען דיא זינ־דיגע מענשען זיך אויסגעשמירט נאָר אין מעהל, אָדער זיי האָבען זיך שוין אויסגעשמירט אין בלאָטע אויך? (קיין ענטפער) דו מעגסט זיין ווער דו ביזט, איך קען דיך גוט און וויים, דו וועסט ניט זאָגען קיין ליגען, דאַרום פרעג איך דיך: זאָג מיר, האָבען דיא זינדיגע מענשען שוין געזינדיגט? יא, זאָג מיר דיא גאַנצע וואַהר־הייט און ערמאָרדע מיך מיט איין מאָל!....

ל ו א י ם: (קלאַפּט אויס מיט א כעס דעם טאַבאַק פון זיין פייף) נאַ! צום טייוועל! מיין פייף איז ווידער אויסגעגאַנגען!

ב ע ר נ אַ ר ד: לואים, דו הערסט, וואָס איך פרעג דיך?

ל ו א י ם: (בעשעפטיגט מיט זיין פייף) האַ? וואָס פרעגסט דו מיך אייגענטליך?

ב ע ר נ אַ ר ד: לואים, איך פרעג דיך, האָבען דיא זינדיגע מענשען שוין געזינדיגט?

ל ו א י ם: האַ? אויב דיא זינדיגע מענשען האָבען שוין גע־זינדיגט? (שלאָגט אָן זיין פייף מיט טאַבאַק, פעררויכערט לאַנגזאַם, זיינע הענד ציטטערן. בערנאַרד זעהט עס ניט.) אויב זיי האָבען שוין געזינדיגט? ע... ניין!

בערנארד: דו גיסט מיר דיין עהרענוואָרט?

לואיס: דו ווייסט, אז עהרע, מאָראל און דיא אלע אנ־דערע זאכען זיינען בא מיר נור ווערטע אָהן א בעדייטונג און אָהן א זינן!

בערנארד: דען גיעב מיר דיין עהרליכע האנד, דיין האנד איז עהרליכער פון דיין מויל. (דריקט זיין האנד) ניין? דו זאָגסט ניין? אָה, דו ווייסט ניט, וואָס איך האָב אין דעם אויגענבליק איבערגעלעבט! דו קענסט עס ניט בעגרייפען (טרערען שטיקען איהם) מע קען וויסען א סך פילאָזאָפיע און ניט פערשטיין וואָס דיא זעעלע פון א מענשען קען ליידען...

לואיס: דערוויילע לאָז אָב מיין האנד! (רייסט אַרויס זיין האַנד) און הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען. וויא איך זעה, ווילט איהר פיהרען אייער מיהל מיט דער אלטער סיסטעם. איך קען ניט בלייבען דאָ! איך וועל מוזען געהן צוריק נאָך דייטשלאנד. גאָטס פערדאמטע, מיזעראבלע קרעמער! צום טייוועל! (אַ קלאַפּ מיט'ן טיער. אב.)

בערנארד: דער געדאנק בערוהיגט זיך און דיא געפיהלע ווילען זיך ניט בערוהיגען.וואָס האָב איך געדארפט עפּיס טהון? דיא לעצטע צייט בין איך וויא א צודולטער. (פערדעקט זיין גע־זיכט און בלייבט זיצען. בערטהא קומט.)

בערטהא: (גיט אויף איהם אַ קוק און מאַכט זיך פרייולאך) עי, בערנארד, וואָס האָט איהר זיך אזוי פערקרימט? צעהנווייטאָג?

בערנארד: גיין, עפּיס אזוי... איך האָב זיך נאָר פער־טראַכט...

בערטהא: איהר פערטראכט זיך צו אָפט, דאָס איז ניט גוט. אז מע זינגט איין מאָל יום כפור כל נדרי, איז דאָס א חכמה. אָבער סוכות כל נדרי, הושענא רבה כל נדרי, פּורים כל נדרי? פע! ניט נאָר אידא'ן, נאָר זאָגאר איך וויים ניט וועמען, וואָלט עס נמאס געוואָרען...

בערנארד: (אונרוהיג) וואָס איז, בערטהא, אידא האָט זיך בעקלאָגט פיר אייך?

ב ע ר ט ה א: אידא? ניין! וואָס ווייסט אידא? מע מעג זאָגען, זיא איז נאָך ניט מעהר וויא א קינד. אָבער דאָס איז ער־גער, דיא אונצופריעדענהייט קען אויסוואקסען בא איהר אונבע־וואוסטערהייד. מע דארף ווירקען אויף איהר צום גוטען, אז ניט, וועט מען ווירקען אויף איהר צום שלעכטען. וואָס געהט איהר אום שטענדיג וויא מיט א פולען זאק מעהל אויף דיא פּלייצעס און ציהט ארויף אויף זיך דיא עלטער? איהר זייט נאָך א יונגער מאן! איך פערשטעה, דיא צרות וואָס איהר האָט געליטען אַ מאָל האָבען אין אייך ערמאָרדעט יעדע לוסטיגקייט... פערגעסט אָבער ניט, אידא איז אויסגעוואקסען וויא א פרייער ווילדער פויגעל אין וואלד. זייט א ביסעל לעבעדיגער, איהר פערשלאָפענער יוד וואָס איהר זייט! (קרימט איהם און זינגט) כל נדרי ,אַי, אַי, אַי!

ב ע ר נ א ר ד (לאַכט) אַי, בערטהאַ, עס ווערט אזוי גרינג אויפ'ן הארצען, ווען איהר רעדט.

ב ע ר ט ה א: אך, יא! איך האָב ערשט בעגעגענט דעם דייטש, ער איז זעהר בייז און זאָגט: אויב מע וועט איהם ניט געבען קיין געלד אויף דער נייער פערבעסערונג, בלייבט ער ניט דאָ. איך ווייס ניט, אויב מע קען געפינען א צווייטען מילנער, וויא ער איז. ער מעג זיך איבערנעמען. און זיין נייער פּלאַן איז אויך איין אויסגעצייכענטער.

ב ע ר נ א ר ד: הייסט עס, מע וועט איהם דארפען אססיגני־רען דאָס געלד?...

ב ע ר ט ה א: ניין! איך האָב איהם געזאָגט: מיר וועלען ניט אססיגנירען קיין געלד אויף דער פערבעסערונג און ער מעג פאָה־רען, אויב איהם געפעלט ניט.

ב ע ר נ א ר ד: פאר וואָס? איהר זאָגט דאָך אליין, דאָס גע־שעפט וועט ליידען... און...

ב ע ר ט ה א: גאַנץ איינפאך, ער דארף דאָ ניט זיין מעהר.

ב ע ר נ א ר ד: ער דארף דאָ ניט זיין מעהר? (ערשראָקען) בערטהאַ, איהר האָט עטוואָס בעמערקט?

ב ע ר ט ה א: (גאַנץ רוהיג) עטוואָס בעמערקט? וואָס מיינט

איהר דאָס? (זעצט זיך ביים קאַסטען און פּאַקט דיא איבריגע זאַכען) גאַנץ איינפאַך, ער איז אנטיפּאַטיש, וויל איך בענוצען דיא געלע־גענהייט און פּטור ווערען פון איהם. פע! איך האָב פיינט דיא דייטשען, וויל איך זיך אויך א מאָל ערלויבען א פערגניגען און חאַטש פון איין דייטש נקמה נעמען... יא, מע דארף איהם לאָזען לויפען.

ב ע ר נ אַ ר ד: ער איז דאָ דער איינציגער מענש וואָס געהט ניט אום מיט א שווערען זאַק אויף דיא פּלייצעס. אויב מיר ווע־לען איהם פאָרט שיקען, וועט אידא מיינען, מיר טהוען עס אונ־מיסטען אום זיא צו ערגערן. זיא וועט דענקען, איך האָב עס גע־טהון, ווייל... ווייל איך האָב עפּיס א פערבאָרגענעם צוועק. דאָס וועט זיא בייז מאַכען... דאָס וועט מיך מיאוס מאַכען אין איהרע אויגען. וואָס קוקט איהר אויף מיר אזוי?

ב ע ר ט ה אַ: איך קוק וויא נאַרריש פערליעבטע מענער זיינען. גבורים, האַ?!

ב ע ר נ אַ ר ד: אַי, בערטהאַ, דיא ליעבע מאַכט אונז נאַר־ריש, רויבט אונזער פערשטאַנד, אונזער קראַפט. דער מלאך המות האָט זיא אויסגעטראַכט צו פערגיפטען אונז דאָס לעבען. (אַ גערויש.)

ב ע ר ט ה אַ: איך הער דער פּאַפּאַ קומט. געהט בעסער צו אידאַ'ן, דער פּאַפּאַ האָט אייך ניט ליעב.

ב ע ר נ אַ ר ד: און אידא האָט מיך ליעב? ווער אין דער וועלט האָט מיך ליעב? (סאָפיע פיהרט אַריין אשכנזי. זיין רעכטע האַנד און רעכטע פוס זיינען פּאַראַליזירט, ער שטעלט זיך אָב אין מיטען צימּמער און קוקט אויף בערנאַרד'ן.)

ב ע ר ט ה אַ: (שטיל) דער פּאַפּאַ האָט אייך ניט ליעב. געהט צו אידאַ'ן... זיא דארף ניט בלייבען אליין. פאָרט! פאָרט פון דאַנען! (שטויסט איהם ארויס; געהט צום פאַטער.)

א ש כ נ ז י: (בייז) ההוץ!... ווערען געזונד — מוז ער פאָרט פון מיין הויז! פאָרט!

ב ע ר ט ה אַ: פּאַפּאַ, ווילסט עפּיס?

א ש כ נ ז י: זיצען דאָ... דאָ... ביים פענסטער. (בערטהאַ און סאָפיע זעצען איהם אויף אַ שטוהל ביים פענסטער.)

ב ע ר ט ה א: (נעמט זיין טאַשענטוך, ווישט אָב זיין שטערן און העלפט ער זאָל זיצען בעקוועם.) ווילסט עפּיס זאָגען, פּאַפּאַ?

א ש כ נ ז י: יא! בערטהא, עסען! עסען דאָ! (שאמקעט מיט דיא ליפּען) בין הונגעריג, הונגעריג!

ב ע ר ט ה א: שוין פּאַפּאַ, עס איז דאָ א בוליאָן פאר דיר. (ענדיגט אויף גיך דעם איינפּאַקען, מאַכט צו דעם קאַסטען און לויפט אב.)

א ש כ נ ז י: הוץ! הוץ! ער איז דאָ בעל הבית! (דיא זון הויבט אָן אונטערגעהן, רויטע שטראהלען אין פענסטער.)

ס אָ פ י ע: זאָל איך דיר לעזען א צייטונג?

א ש כ נ ז י: (נערוועז) ניין! דיא זון! מיינע אויגען! קען ניט... דיא זון! דיא זון!

ס אָ פ י ע: (לאָזט אראָפּ דיא סטאָרע פון פענסטער. זיא טהוט יעדע זאך מיט אַ טרויריגע אונטערטהעניגקייט) נו, אזוי איז גוט? לעג ארויף דיין קראַנקע האַנד אהער. (לעגט ארויף זיין האַנד אויפ'ן ארם פון שטול.) אַי, וועה איז מיר! (זעצט זיך אָן אַ זייט און זיפצט שווער.)

א ש כ נ ז י: וואו זייט איהר דאָרט? איך וויל ניט בלייבען אליין!

ס אָ פ י ע: ביזט ניט אַליין. איך בין דאָ. (געהט צו איהם.)

א ש כ נ ז י: דו... איך וויל רויכערן, מאך מיר א פּאַפּיראָס...

ס אָ פ י ע: (מאַכט אַ פּאַפּיראָס, שטעקט עס אַריין אין אַ פּאַפּי־ראָסניק, גיט איהם אין מויל אַריין.) דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, זאָלסט רויכערן וואָס וועניגער. (ער וויל אויפהויבען זיין האַנד, דיא האַנד פאַלט צוריק. זיא גיט איהם צו פעררויכערן.)

א ש כ נ ז י: יא, ניט רויכערן, ניט לעבען! אַללע ווילען איך זאָל שטאַרבען, וואָס גיכער. שעהן דאַנקט איהר מיר אָב! א וועלטיל! יעדער... נאָר פאר זיך!

ס אָ פ י ע: שש! בערוהיג זיך. דיר איז שעדליך צו זיין

בייז. (פויזע. זיא געהט אום איבער'ן שטוב.) דאָס איז מיין לע־
בען! מע קען זאָגען, דאָס איז דאָס לעבען פון א פרוי! צוגע־
שמידעט צו דעם האלב טויטען קערפּער מיט אַן אייזערנע קעטט.
און דאָך וויל איך ניט דיא קעטט זאָל, חלילה, איבערגעבראָכען ווע־
רען. וואוהין וועל איך זיך אהינטהון? איצט בין איך דאָך מאַדאַם
אשכנזי און מיין נינא האָט א היים. גאָטטעניו, זאָל זיך איהר
טרעפען א שידוך. זיא פערשטייט ניט, וויא נויטיג עס איז פיר א
פרוי חתונה האָבען און זיין געזיכערט אין לעבען.

אשכנזי: סאָפיע, סאָפיע! וואו ביזט דו דאָרט?

סאָפיע: דאָ בין איך, וואָס איז?

אשכנזי: מיר... דאָ... שטיקט אין האלז. (וויל אויפהוי־
בען זיין האַנד, זיא פאַלט צוריק.)

סאָפיע: באלד. (מאַכט לויז זיין קאָלנער.) און דאָך, זינד
ער איז קראַנק, זאָל מיך גאָטט ניט שטראָפען פאר דיא רייד, איז ער
מיר ניט אַזוי פרעמד און אַזוי מיאוס וויא פריער.

אשכנזי: סאָפיע, דיא זון ניטאָ שוין. (עס ווערט ביס־
לאכווייז דונקעל.)

סאָפיע: (הערט ניט) פריער האָט ער געמיינט, ער האָט
א רעכט צו פּייניגען מיין קערפּער, איצט דאַרף ער אליין האָבען
מיין הילפע און מיין רחמנות.

אשכנזי: סאָפיע, עפען פענסטער!

סאָפיע: (הערט ניט) איצט קען מיר קיינער ניט שטע־
כען דיא אויגען מיט'ן שטיקעל ברויט וואָס איך עסס און מיט'ן
פלאַץ וואָס איך פערנעם דאָ.

אשכנזי: (וויל אליין עפענען דאָס פענסטער און קען ניט,
ווערט זעהר בייז) עפען... פענסטער! (וואַרפט זיין שטעקען.)

סאָפיע: (לויפט צו איהם) וואָס איז? דעם פענסטער?
באלד... שש! זיי ניט אויפגערעגט. גיעב אַ קוק וויא שעהן. (צייגט
אין אָפענעם פענסטער) זעהסט, דיא זון פערגעהט ערשט און דיא
לבנה איז שוין דאָ אויפ'ן הימעל.

א ש כ נ ז י: יא, איך בין נאָך ניט געשטאָרבען און מיינע יורשים זיינען שוין דאָ...

ס אָ פ י ע: אַ מענש קען ניט איבערמאַכען גאָטט'ס וועלט.

א ש כ נ ז י: יא, גאָטט'ס וועלט! עסען! הונגעריג! בערטהאַ, וואו איז זיא דאָרט? עס הארט זיא דען? בערטהאַ!

ס אָ פ י ע: שוין, איך ברענג דיר באַלד דיין בוליאָן. (געהט) דער דאָקטאָר זאָגט, ער דארף יעדע מינוט ערוואַרטען א צווייטען קלאַפּ און דעם טויט אויך און דאָך, וויא זאָגט מען, כל זמן שהנשמה בקרבו, ווילט זיך נאָך בוליאָן אויך. אָי! אז מע איז נאָך א נגיד, קען מען נאָך אויספיהרען, אַז אָרעמאַן זאָל בעסער מיט אַזאַ אונגליק ניט געשטראָפט ווערען! (אב. עס ווערט דונקעל. פּויזע.)

א ש כ נ ז י: גאָטט, ווען וועל איך שוין געזונד ווערען? אַזוי לעבען איז ניט גוט און שטאַרבען וויל איך ניט... ניין! ניין! איך וויל לעבען! וויל לעבען! האַ? (ווייט הערט זיך דיא טרויריגע קירכען גלאָקע און דאָס טרויריגע געזאַנג פון פּראָלאָג. ער הערט זיך צו.) ווען איך בלייב אַליין אין דער פינסטער, ווייזט זיך מיר אויס, איך הער א טרויריגען געזאַנג און א גלאָקע... איך האָב עס אַזוי וויא געהערט שוין א מאָל לאַנג אין חלום... אפשר דאָס איז א סימן, אז איך הויב אָן געזונד ווערען. (הערט זיך צו פריער אונרוהיג, נאָכדעם בלייבט ער זיצען שטיל. עס ווערט גאַנץ דונקעל. מיליע, נינא און טאליע קומען. טאליע אין זוממערדיגע קליידער.)

מ י ל י ע: זעה נאָר, קיין ליכט ברענט ניט און קיינער איז ניטאָ. איך האָב אַ שרעקליכען אפּעטיט... דאָס וועט בערטהאַ'ן פרייען. ארעמער פּאַפּאַ, אז ער האָט אפּעטיט קרימט מען זיך און אז איך האָב אפּעטיט, איז דאָס א שמחה... קינדער, איהר האָט ניט מורא בלייבען דאָ אַליין? איך לויף זוכען בערטהאַ'ן. (לויפט אב. נינא זעצט זיך ביי דער פּיאַנאָ, טאליע זעצט זיך פון דער ווייטען. ווען נינאַ זעצט זיך, פּערטשעפּעט זיא אַ קלאַוויש. עס גיט אַ קלונג און הילכט לאַנג. פּויזע.)

נ י נ א: מיין האַרץ איז וויא צוזאַמענגעפּרעסט.

ט א ל י ע: מיין האַרץ אויך. פון וואַנען קומט עס?

נ י נ א: עס קומט פון איין האַרץ צום אַנדערן. (זיפצט) הייסט עס, מאָרגען פאָהרט איהר טאַקי אוועק פון אונז?

ט א ל י ע: יאַ, נינא, מאָרגען גאַנץ פריה. מאָרגען וועט איהר מיך שוין ניט זעהען. איהר וועט נאָך שלאָפען, ווען איך וועל פאָהרען צום האָפבאַן. אַללע וועלען שלאָפען, נאָר בערטהאַ ניט, זיא געוויס ניט.

נ י נ א: איך וועל אויך ניט שלאָפען. איך מיין, איך וועל זיך היינט גאָר ניט לעגען שלאָפען.

ט א ל י א: (שטיל) איך אויך ניט. (פויזע.) נינא, וואָס וועט איהר טהון א גאַנצע נאַכט?

נ י נ א: איך וועל זיצען ביים פענסטער און קוקען ביז עס וועט ווערען טאָג.

ט א ל י ע: אויב איהר ווילט, קומט שפּעטער אין גאָרטען, וועלען מיר ביידע שפּאַצירען און רעדען ביז טאָג. וועט איהר קו־מען, נינא? (אשכנזי הויבט אויף זיין קאָפּ און הערט זיך צו.)

נ י נ א: יאַ, איך וועל קומען. דיא לבנה וועט אויפגעהן און מיר ביידע וועלען רעדען ביז עס וועט ווערען טאָג. ווען עס איז פינסטער, האָב איך מורא אין גאָרטען פיר דיא שאָטענס.

ט א ל י ע: אַז איך וועל זיין מיט אייך, דאַרפט איהר ניט מורא האָבען! נינא, פריער האָבען מיר געשוויגען און איצט איז דאָ אַזוי פיעל צו רעדען, אַז עס איז אונמעגליך אַללעס צו זאָגען.

נ י נ א: דאָס האַרץ ערציילט, זאָגאַר ווען מע זאָגט ניט.

ט א ל י ע: נינא, וועט איהר ניט פערגעסען אויף מיר, ווען איך וועל אוועקפאָהרען?

נ י נ א: (טרערען אין דער שטימע) און איהר טאַליע, וועט איהר האָטש א ביסעלע בענקען נאָך מיר?

ט א ל י ע: אַי! איך זאָל זיך ניט שעהמען, וואָלט איך איצט געוויינט.

נ י נ א: אַיאָ, עס ווילט זיך וויינען און עס איז גוט.

ט א ל י ע: יאַ, עס איז גוט און עס ווילט זיך וויינען. נינאַ, שפּיעלט מיר עטוואָס.

נ י נ א (בויגט זיך צו דער פּיאנא, וויינט א ביסעלע, ווישט אָב דיא טרערען און שפּיעלט גריעג׳ס סועטטע פון פּעער גינט. דיא לבנה געהט אויף.)

ט א ל י ע: ווען איך האָב אייך דערזעהען צום ערשטען מאָל, האָב איך באַלד געוואוסט... נינא, איהר ווייסט, וואָס איך מיין...

נ י נ א: יא, איך ווייס. טאַליע, איך האָב אויך באַלד דער־פּיהלט.

ט א ל י ע: פאַר וואָס איז דאָס?

נ י נ א: איך ווייס ניט. דאָס הארץ האָט באַלד געגעבען א ציטטער.

ט א ל י ע: און דאָך זייט איהר אזוי לאַנג געווען וויא ברוגז אויף מיר.

נ י נ א: אַך! איך בין ניט געוועזן ברוגז. ווען איהר זאָלט דאַן קראַנק ווערען אָדער, חלילה, שטאַרבען, וואָלט איך אויך גע־שטאָרבען. אָבער זאָגען אייך האָב איך ניט געקענט. איך האָב פאַר אייך מורא געהאַט.

ט א ל י ע: איך האָב פאַר אייך אויך מורא געהאַט. נינא, איך האָב איצט אויך מורא פאַר דיר.

נ י נ א: איצט האָב איך פאַר דיר קיין מורא ניט, טאַליע. איך ווייס, איך בין דיינע. יא, איך בין דיינע! דו פּיהלסט עס אויך און דו ווייסט עס. זאָגט דיר דיין הארץ דאָס ניט?

ט א ל י ע: ניט נאָר מיין הארץ, דיא שטראַהלענדע׳ לבנה זאָגט עס מיר, דיא שעהנע נאַכט ערציילט עס מיר, דיא ליכטיגע שטערן זינגען עס מיר. דו הערסט? (א נאַכטיגאַל זינגט אין גאָר־טען) נינא, דו הערסט?

נ י נ א: אַז איך הער וויא דו רעדסט צו מיר, הער איך אַללעס. וואָס איז דאָס, טאַליע, דו הערסט ניט? מיר ווייזט זיך אויס, איך הער פּיעלע לוסטיגע שטיממען און א פריילינען געזאַנג.
(כ אָ ר: דיא האָפנונגען און טרוימערייען, וויא אין פּראָלאָג, זינגט גאַנץ פּיאנא.)

ט א ל י ע: אין אונז זינגען דאָס דיא פריילּיכע שטיממען, אין אונז זינגט דיא גאַנצע וועלט, אין אונז זינגען דיא זיסע האָפ־נונגען און דיא שעהנע טרוימערייען! נינא! איך האָב דיך ליעב! איך האָב דיך ליעב! איך מיין, אז מע האָט אזוי שטאַרק ליעב, קען מען שטאַרבען!

א ש כ נ ז י: (פאַלט צום פענסטער מיט א לויטען און ביטערן געוויין) אָה, דאָס לעבען! דאָס לעבען! (נינא גיט אַ קלאַפּ איבער דיא קלאַווישען און שפּיעלט פאָרטאָ דיא זעלבע סועטטע. אַ לאַנגע פויזע. בערטהאַ ערשיינט אין טיער מיט א ברענענדע לאָמפּ, לעבען איהר מיליע מיט אַ'ן עפּעל, וועלכען זיא עסט מיט אַפּעטיט. עס ווערט ליכטיג. סאָפיע קומט מיט בוליאָן, שטעלט עס לעבען אשכנזי'ן און בעטראַכט איהם ערשטוינט.)

ב ע ר ט ה א: (קוקט אויף טאליען און נינאַן. גאַנץ שטיל) אָה, הייליגע, מעכטיגע ליעבע!

ס אָ פ י ע: (קיינער הערט זיא ניט) ער איז טויט! (אידא, בערנאַרד און לואיס ערשיינען אין פענסטער).

א י ד א: (שרייט אין פענסטער מיט פרייד און פערצווייפלונג) בערטהאַ, ער פאָרט ניט! בערנאַרד לאָזט איהם ניט! מיין בערנאַרד וועט איהם ניט לאָזען! (ביידע מעננער לאַכען גוטמוטהיג. נינאַ שפּיעלט נאָך מעהר פאָרטאָ.)

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

# פיערטער אקט.

(דאָס זעלבע צימער, אָבער גאַנץ אַנדערע מעבעל, וויא אין א רוסישער „גאָסטינגאיא". שליאמע הויז זיצט ברייטלאך אויף אַ קרעסלא. בערנארד געהט אום מיט אַ צייטונג אין האַנד. עס איז אַ זומער־טאָג. דאָס פענסטער איז אָפען. אויף איינעם פון דיא טישען שטעהט אַ גראַפין מיט וואַסער און א גלאָז.)

בערנארד: יא! יעדען טאָג לעזט מען אין דיא צייטונגען: א מאַן האָט זיך ערמאָרדעט, א מאַן האָט ערמאָרדעט זיין פרוי, א מאַן האָט ערמאָרדעט זיין קינד, זיין פרוי'ס ליעבהאָבער...

שליאמע: נו, בכן איז באשר איז וואָס?

בערנארד: גאָר ניט... איך זאָג נאָר, דער טויט שרעקט היינטיגע צייטען קיינעם ניט.

שליאמע: שרעק זיך יא, שרעק זיך ניט, עס קען עפּיס העלפען? אז אויבען זאָגט מען שטארב, וועסט דו שטארבען, זאָלסט אפילו איינגעמען א מיתה משונה, און אז מע זאָגט דאָרט לעב, וועסט דו לעבען, זאָלסט איפלו קרעפּירען דאָ אויפ'ן פּלאַץ. אַלץ דאָרטען!...

בערנארד: איך מיין, דו ביזט גערעכט, ניט דיא גע־לערענטע. עס מוז זיין אויבען א האַנד, וואָס פיהרט צום גליק אָדער אונגליק, א האַנד, וואָס בעשטראָפט אונז דערפאר, וואָס מיר האָבען וועמען געטהון אונרעכט... אי! (זיפצט.)

שליאמע: יא, עס איז דאָ א פינגער וואָס פינגערט. איז בכן איז באשר איז וואָס דארפסט דו זיך זאָרגען? דו האָסט, חלילה, קיינעם קיין אונרעכט ניט געטהון.

בערנארד: איך? ווער ווייסט... איך וואָלט נאָר געוואָלט וויסען, וויא אזוי, למשל, קען בערנארד זילבערמאַן יא בעגעהן זעלבסטמאָרד, אויב דאָרטען איז פערשריעבען „ניין"?

ש ל י אָ מ ע : וואָס איז דאָס פאר א משל ? ביזט משוגע צי חסר דעה ?

ב ע ר נ א ר ד : שטעל זיך פאָר, איך האָב מיך בעשלאָסען ?

ש ל י א מ ע : אַי, הער אויף מיט דיא שניידערשע חכמות !

ב ע ר נ א ר ד : וואָס־זשע דו האָסט מורא, ועעסט ניט האָבען צו וועמען קומען מיטוואָך נאָך דיין וואָכען־געהאלט ? איך וועל דיר און דער מאַמען איבערלאָזען אין מיין צוואה האלב פון מיין פערמעגען.

ש ל י אָ מ ע : גולם, בערעכען נאָר, וואָס רעדסט דו דאָס ? אז דו לעבסט און ביזט געזונד, ביזט דו ניט קראַנק צו געבען און איך בין ניט קראַנק צו נעמען. דערויף ביזט דו מיר א זוהן... וואָס דען ?!... אָבער שטארבסט דו, חלילה, וואָס דארף איך דיין פערמע־גען, דיין מיטוואָך, דיין צוואה, דיא גאַנצע וועלט ? פערד, מיט דיר שטארבט דאָך בא אונז אָב אללעס אין'ם לעבען. איידער דו, ווע־לען מיר זיך ביידע מיט דיין אַלטע מאַמע בעסער לעגען אין קבר. וואָס וועט אונז טויגען דער מיטוואָך, אז מיר וועלען ניט האָבען קיין שבת אין אונזער לעבען ?...

ב ע ר נ א ר ד : איך פרעג עס נאָר אזוי, ווייל איך וויל זאָלסט מיר ערקלערען... צום ביישפיעל, דו רעדסט אָפט פון דעם אונבעקאַנטען. ווער איז דער אונבעקאַנטער ?

ש ל י אָ מ ע : חכם, מע זאָל וויסען ווער דער אונבעקאַנטער איז, וואָלט ער ניט געוועזען קיין אונבעקאַנטער... מיר ווייסען נאָר ניט, אַלץ דאָרטען ! וויא איך בין דערגאַנגען מיט מיין שכל, איז דאָס אזוי : דער אונבעקאַנטער קומט פריער אין'ם בלוט, פון דאָרטען געהט ער אין מח, פון דאָרטען פאָהרט ער אריין אין דער נשמה... און אז דיא נשמה וויל ניט בלייבען אין גוף, איז פערפאַ־לען — מע מוז זיך אָבפּעקלען. דו פרעג מיך, שליאמע הוץ ווייסט דיא אַלע דאָזיגע זאַכען. (אַ דיענער ערשיינט ביים פענסטער.)

ד י ע נ ע ר : הערר זילבערמאַן, מע דארף אייך אין קאַנ־טאָר. (אב.)

**ב ע ר נ א ר ד : (זיפצט) איך דארף זעהר נויטיג דיא קאַנ־**

**טאָר מיט דיא אַללע געשעפטען!** (געהט) **פאַפאַ, איך קום באַלד, איך וויל נאָך הערען פון דיר וועגען דיא דאָזיגע זאכען.** (אב.)

ש ל י אָ מ ע: עהע! בערנארד הויבט אָן האַלטען פון מיר מעהר וויא פון דיא געלערנטע. מיין שרה הינדע זאָל דאָ זיין, וואָלט איך שוין דערפאר אליין געמעגט איהר אָנשפייען א פוללען פנים. האָסט געשטונדירט בכן איז באשר איז וואָס? זאָל מיר דער געלערענטער ערקלערען, למשל, אזא קלייניגקייט: פאר וואָס האָט מיין שנור דוקא געבוירען א מיידעל און ניט א יונגעל? איך האָב געוואָלט א יונגעל, ווייל זינד דער מחותן ע"ה איז געשטאָרבען, בין איך דער גרעסטער מיוחס אין דער משפחה און וואָלט אודאי געווען סנדק אויפ'ן ברית־מילה. מיין בערנארד האָט געוואָלט א יונגע', ווייל, וויא זאָגט מען עס, א יונגעל איז דאָך ניט קיין מיידעל. אַללע ווייבער פון דער משפחה האָבען געוואָלט א יונגעל, ווייל בא די ווייבער איז גלאָט א יונגעל א גרעסערע מציאה. דיא געשטודירטע מעקישמארקע האָט געשוואָירען, אז זיא זעהט שוין בעשיינפארלאָך א יונגעל, דער געלערנטער דאָקטאָר האָט געזאָגט, ער האָט שוין אָנגעטאַפּט א יונגעל מיט אַללע סמנים. צום סוף וואָס? א מיידעל! פאר וואָס א מיידעל? ווייל אויבען האָט מען אָנגעצייכענט א מיידעל... חע! חע! וואָס דען? עס נעמט זיך פון זיך אליין? (סאָפיע קומט, זיא איז זעהר אויפגעלעגט. ער נעמט אראָפּ זיין הוטעל, בייגט זיך) אָה, מאַדאַם, האָבע דיא עהרע. מיין קאָמפּלימענט, רעקאָמענדאציע, אַססיגנאציע, וויא געהט עס?

ס אָ פ י ע: קאָמפּלימענט, רעקאָמענדאציע, אַססיגנאציע? חא! חא! מע זעהט, איהר זייט א מאָל געווען א זשענסקער... קאַוואליר... פאר וואָס זעהט מען אייך אזוי זעלטען?

ש ל י א מ ע: צו מיין אַלטער דארף מען אויסבייטלען אַללע חלומות. אז איך געה אהער נעמט זיא דער רוח. נו, אז איך געה בכן איז באשר איז וואָס? אפשר איז דאָס נאָר סינטאַפּ... סימפּאַטיע...

ס אָ פ י ע: איהר מיינט געוויס סימפּאַטיע.

ש ל י א מ ע: אימשטיינס געזאָגט, אין מיינע יאָהרען, וואָס

קען זיין דיא סכנה? ווער, דאכט זיך, דארף נאָך אזוי וויסען וויא זיא? נאָר גיה טענה מיט איין אידענע. זיא זאָגט, אז ווען א מאנז־ ביל ליגט שוין אפילו אויף דרערד מיט דיא פיס צום טיער אָן אָב־ געהויבענער, טאָר מען איהם אויך ניט לאָזען אליין מיט א שעהנע אלמנה. אי, ניט אומזיסט זאָגט דער חכם אין סידור: ברוך אתה, זאָגט ער, שלא עשני אשה...

ס אָ פ י ע: דער חכם פון סידור לאַכט פון אונז, שליאמע הוץ לאַכט, אללע לאכען און מיר וויינען...

ש ל י א מ ע: פון דעסטוועגען בין איך געווען א פּאָאר מאָל און האָב אייך ניט געטראָפען.

ס אָ פ י ע: זינד בערטהא האָט פערנומען דעם פּאָטער'ס צימערן אויבען און אידא'ס וואָהנונג איז דאָ, קום איך אהער זעל־ טען. (שרה הינדע עפענט שטיל דיא טהיר.)

ש ר ה ה י נ ד ע: זעהסט, פונקט וויא איך וואָלט געווען דערביי! (קוקט בייז אויף ביידען) טאָמער וואָלסט דו געגאנגען א היים, תכשיט מיינער? (זיא רעדט דיא גאַנצע צייט האַלב לויט.)

ס אָ פ י ע: שרה הינדע, איהר ווילט גאָר ניט אריינגעהן זי־ צען א ווייל'ע?

ש ר ה ה י נ ד ע: איך דאנק אייך. איך בין איהם געקו־ מען נעמען אהיים. (שטיל) אלטער שטורמאק, מיט דיר שפּיעלט זיך דער מלאך המות, און דו שפּילסט זיך נאָך מיט'ן יצר הרע, האַ!

ש ל י א מ ע: שש! פּאָלג מיך, גיה אהיים. איך וועל באלד קומען. בערנארד דארף מיך נויטיג.

ש ר ה ה י נ ד ע: (טרערען שטיקען זיא) ווילסט ירשנ'ען אשכנזי'ן? א מכה! דו לעג מיך פריער אריין אין דער ערד, בע־ גראָב מיך, נאָכדעם מעגסט דו זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואנד...

ש ל י א מ ע: דיא ווייבער! אָן אונגליקליכע נאציע, האַ? מאדאם, איהר וועט מוחל זיין, זאָגען בערנארד'ן, איך קום באלד צוריק.

ש ר ה ה י נ ד ע: איך וועל דיך באלד לאָזען, וויא לאנג קרענקסט דו! עס ציהט דיך אהער וויא א מאגנעט... האַ?

ש ל י א מ ע: קום אהיים! אַלטער נאַרר, האָסט זיך
שפּעט געכאַפּט. א מאָל האָב איך געבעטען דעם רבש"ע רחמים
ער זאָל מיר העלפען פון דיר פּטור ווערען. איצט איז שוין פער־
פאַלען. ווען א מענש טראָגט פערציג יאָהר א גוליע אויפ'ן האַלז
און אַקען, וועט ער פאַר דער מיתה ניט געהן דיא גוליע אָבשניידען...
איך וועל שוין מיט דער גוליע צוזאמען געהן אין דרערד אַריין. אז
אויבען זאָגט מען: האַלט זיך מיט דער גוליע, האַלט מען זיך!...
מיין קאָמפּלימענט, מאַדאַם, אַדיו, צום ווידערזעהען.

ש ר ה ה י נ ד ע: וויא ער וויים דאָס דיא אללע שטוקעס,
דער אַלטער זשלאָב! (ביידע אב.)

ס אָ פ י ע: עס איז צו לאַכען און צו וויינען... דאַנקען
גאָטט, איך וועל דאָ לאַנג ניט פערבלייבען. האָט א פרוי וועניג
אמת'ע צרות מיט שלעק? ניין! זיא טראַכט זיך נאָך אוים נייע.
אָי! ווער קען בערעכענען דיא צרות פון א פרוי? איז זיא צו יונג,
האָט זיא צרות. צו אלט? — צרות. פון שענהייט צרות, פון העס־
ליכקייט צרות. שמערצען און צרות פון טראָגען, פון האָבען, פון
ערציהען קינדער. צרות פונ'ם מאַן, פון פאַמיליען־פערהעלטניסע
פון קליינליכע שטוב זאכען, פון דיא קינדערס אויפפיהרונג, פון'ם
מאַן'ס שלעכטע געשעפטען, פון זיינע קראַנקהייטען, פון דיא קינ־
דערס קראַנקהייטען. היינט דיא אַללע צרות און סכנות נפשות פון
דיא שרעקליכע פרויען־קראַנקהייטען? און דאָך, לעבען נאָר פאַ־
זיך אַליין וויל קיין פרוי ניט. טאַקי וואָס איז פאר א לעבען, אַז
מע האָט ניט צוליעב וועמען צו לעבען און ליידען צרות? (זיא
נעמט פון איהר טאַשע אַ בריעף און לעזט. בערטהאַ קומט.)

ב ע ר ט ה א? איהר זיצט דאָ אַליין גאָר? און וואו איז דאָס
אידא?

ס אָ פ י ע: איך האָב געזעהען, זיא איז געאַנגען מיט'ן קינד
און מיט דער ניאניע שפּאַצירען.

ב ע ר ט ה א: איך בענק נאָכ'ן קינד... אידא'ס קינד און
מע רופט עס רעבעקא, נאָך מיין גאָטטזעליגע מוטער, האָב איך דאָס
ליעב און דיא הויפּטזאכע איך האָב דאָס ליעב, ווייל דאָס קינד איז

א קינד. פון ווענען האָט איהר דאָס ערהאַלטען א בריעף, אויב איך מעג פרעגען? (זיא רוימט און ברענגט אַללעס אין א בעסערע אָרדנונג.)

ס אָ פ י ע: וועגען דעם בריעף האָב איך געוואָלט מיט אייך זיך מישב זיין... מיר, ווייבער, זיינען צוגעוואוינט אַנדערע זאָלען פאַר אונז דענקען און זאָרגען, קען איך זיך אליין קיין עצה געבען בערטהאַ, איך וויל אוועקפאָהרען פון דאַנען.

ב ע ר ט ה א: זאָ לאַנג איהר לעבט, איז אונזער הויז דער היים פון שמואל אשכנזי'ס אלמנה. זייט איהר, חלילה, אונצופריע־דען מיט אונזער בעהאַנדלונג?

ס אָ פ י ע: חלילה, נאָר איך מוז פאָהרען...

ב ע ר ט ה א: אויב איהר מוזט, זאָג איך אייך, דער פאַפּאַ האָט טאַקי פערגעסען אויף אייך אין זיין צוואה. איך וועל אָבער ניט פערגעסען. מוזט איהר ווירקליך פאָהרען?

ס אָ פ י ע: איך וועל הערען וואָס איהר וועט זאָ־גען. איהר האָט א קאָפּ כמעט וויא א מאַנסביל, איהר לערנט מיך און נינא'ן שטענדיג צו גוטען. נעמט, למשל, ווי איך פלעג א מאָל האַלטען פון דער מאָדע. און איצט גאָר ניט.

ב ע ר ט ה א: חע! חע! מע מיינט, איך האַלט ניט פון דער מאָדע, ווייל איך האָב א הויקער. פערקערט, א גוטע מאָדיסטין האָט געוואָלט מיט א מאָדנעם קלייד אַראָפּגנב'ענען ביי מיר א האַלבען הארב... א האַלבען הארב? פיר א מיליאָן ניט! דיא מאָדע איז גע־שאַפען געוואָרען, מע זאָל קענען אַראָפּגנב'ענען, וואָס עס איז איב־ריג און אריינ'גנב'ען וואָס עס פעהלט. מע וויל געפעלען אָהן ליעבע, מאַכט מען זיך שעהן אָהן דער הילפע פון דער נאַטור.... אמת'ע ליעבע דאַרף ניט קיין מאָדע! אבער וואָס איז אייך פּלוצ־לינג איינגעפאַלען?

ס אָ פ י ע: איך וויים, איך בין דאָ קיינעם ניט איבריג אין שטוב, אָבער דאַרפען דאַרף מיך קיינער ניט. אפילו מיין נינא דאַרף מיך ניט. בערטהאַ, ע... (פערשעמט) צום דריטען מאָל חתונה האָבען, איז זעהר ניט שעהן? איך האָב א שוועסטער־קינד

אין ניקאָלאיעוו. ער האָט מיך ליעב געהאַט, ווען איך בין געוועזן א מיידעל, ער שטאַרבט פּשוט נאָך מיר, ער שרייבט מיר בריעף... איך בין נאָך ניט אַלט און... אז דאָ דארף מען מיך ניט...

ב ע ר ט ה א: דיא וואהרהייט געזאָגט, איך מיין, א פרוי דארף ניט חתונה האָבען אַזוי פיעל מאָל. דאָס ערניעדריגט אין דער פרוי דעם מענשען. און אויסער דעם, איהר וועט אייך מוזען שייר־דען מיט אייער קינד... נינא בלייבט אונזערע. טאַליע וועט זיא ניט לאָזען פאָהרען.

ס אָ פ י ע: (ערפרייט) טאַקי? אַי, דאַנקען גאָטט! און איך וויים גאָר ניט. דאָס הייסט?... אָי, געזונד זאָל זיא זיין! הערסט א גנב? און איך האָב געמיינט, זיא האָט קיין שכל ניט...

ב ע ר ט ה א: א יאָ דאָס פרייט אייך? פאַר וואָס זשע זאָלט איהר נאָך א מאָל בעליידיגען אין איהר דיא געפיהלע פון א קינד? מאַכען ביליג ביי א יונגע אונשולדיגע פרוי דעם ריינעם אידעאַל פון ליעבע? נאָך וואָס דאַרפט איהר דאָס? איהר זאָרגט אייך, איהר האָט איצט קיין צרות? וואַרט א ביסעלע. באַלד וועלען קומען קלייניניקע זיסע ברוֹאימלאַך. דיא באַבע וועט דאַרפען אָפּט געבען און העלפען דער יונגער מוטער. דיא באַבע וועט דאַרפען זיצען גאַנצע נעכט, דיא מאָזעלעך וועלען בייסען, דיא ציינדעלאַך וועלען זיך שניידען. זייט רוהיג, איהר וועט האָבען צרות געגוג. (סאָפּיע האָט דיא גאַנצע צייט צופריעדען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. פלוצלינג שטעהט זיא אויף און געהט.) וואוהין געהט איהר?

ס אָ פ י ע: איך געה איהם שרייבען, ער זאָל מיר אויפהערען דולען דעם קאָפּ מיט נאַררישקייטען! (ראָש אָב.)

ב ע ר ט ה א: (עפענט אַ'ן אינערע טהיר און קוקט אריין.) דאָס איז זייער שלאָף צימער. דעם קינד'ס בעטעלע... אַי! וויא טייער! שטיל דאָרט און אין דער שטילהייט איז פערבאָרגען א טיעפע דראַמע, וועלכע וועט, חלילה, אויסברעכען אין א שרעקליכע קאַטאַסטראָפע... שש! מע געהט! (שפּרינגט אָב פון טיער. בערנאַרד קומט.)

ב ע ר נ א ר ד: איהר זייט דאָ, בערטהא? וואו איז מיין

פאַטער? שאדע. מיר האָבען מיט איהם ניט געענדיגט איין אינ־טערעסאַנטען געשפּרעך װעגען דעם אונבעקאַנטען, השגחה, דאַזיגע זאַכען און זעלבסטמאָרד.

ב ע ר ט ה א: זעלבסטמאָרד! פרעגט מיך װעגען זעלבסט־מאָרד װעל איך איך זאָגען: א פּייגלינג שרעקט זיך פיר שלעכטע אומשטענדע, א בראַװער מענש קעמפּפט. א נארר מיינט, אז ער שטאַרבט, ענדיגט זיך דאָס לעבען. א קלוגער װייסט, אז מען פער־לעשט א גראָשענע ליכטעל, װערט דיא זון ניט פינסטער. א שלעכ־טער װיל זיך א טובה טהון מיט אזא חכמה װיא זעלבסטמאָרד. אן עהרליכער מענש דענקט פון דער רעה, פון דיא טרערען און שמער־צען װאָס פיעלע אַנדערע װעלען האָבען!

ב ע ר נ א ר ד: װען איך הער אייערע רוהיגע קלוגע רייד, דענק איך, װיא גוט עס איז, װאָס איהר האָט ניט געליטען פון מיין לייכטזינניגע האנדלונג, װאָס אייך האָט עס ניט געהארט. אם װע־ניגסטען װייס איך, איך האָב געהאַנדעלט שלעכט און לייד אליין דערפאר. (פערדעקט דעם געזיכט מיט זיינע הענד.) בערטהא, איך לייד זעהר שװער. (פויזע.)

ב ע ר ט ה א: (שטיל) אָה! װען איך זעה, װיא ער ליידעט, דארף איך אַנװענדען אַללע מיינע קרעפטע, איך זאָל ניט צוגעהן צו'ן איהם, ניט צודריקען איהם צו מיין בלוטיגעם הארץ און ניט בעגיסען זיין אָרימען קאָפּ מיט מיינע ביטערע טרערען. (זיא געהט שטיל צום טיער. מע זעהט װיא איהר גאַנצער קערפּער װאַרפט זיך פון אַ פערשפּיקטען היסטערישען געװיין. ביי דער טהיר רייסט זיך ביי איהר אונװיליג ארױס) אָה, בערנארד!

ב ע ר נ א ר ד: (ערװאַכט װיא פון שלאָף) הא? איהר זאָגט מיר עפּיס?

ב ע ר ט ה א: (מיט'ן געזיכט צום טיער) איך זאָג: איך געה אין קאַנטאָר שרייבען איין ענטפער אין קאממערטשעסקי באַנק. (אב.)

ב ע ר נ א ר ד: (פאָלגט זיא מיט זיינע בליקען. נאכדעם געהט ער און עפענט דיא טהיר פון שלאָפצימער) לעער דאָ װיא אין מיין

זעעלע... אידא איז אזוי לאנג שוין אוועקגעגאנגען שפאציערען א ביסעל אהין, אראפ צום מיהל... שפאצירען? הם! זיא איז בא איהם! נאך וואס נעמט זיא נאך דאס קינד מיט? דאס קינד זאל זיין א מאסקע, אדער אפשר איז דאס קינד...

מ י ל י ע (שרייט פון דרויסען) נינא! נינא! (לויפט אריין) ניטא דא נינא? וואו איז זיא דאס? (וויל לויפען צוריק.)

ב ע ר נ א ר ד: מיליטשקע, קום אהער, איך האב מיט דיר אזוי לאנג ניט גערעדט.

מ י ל י ע: וואס ווילט איהר מיר זאגען? גיכער, איך האב קיין צייט ניט. (געהט צו איהם.)

ב ע ר נ א ר ד: (נעמט זיא אויף דיא קניע) א מאל זיינען מיר געוועזען גוטע פריינד.

מ י ל י ע: (שפרינגט אראפ פון זיינע קניע) מאלע וואס עס איז א מאל געוועזען, שוין לאנג, לאנג, פערצייטען...

ב ע ר נ א ר ד: (כאפט איהר הענטעל) איצט זיינען מיר ניט קיין גוטע פריינד מעהר?

מ י ל י ע: ניין! איך האב אייך ניט ליעב.

ב ע ר נ א ר ד: דו אויך ניט? מיליטשקע, פאר וואס זאלסט דו נאך זיין שלעכט צו מיר?

מ י ל י ע: ווייל... אויב איהר ווילט, וועל איך אייך זאגען אין גאנצען.

ב ע ר נ א ר ד: יא, יא, מיליטשקע, זאג מיר אין גאנצען.

מ י ל י ע: ווייל... איהר זייט א שלעכטער, ווייל בערטהא האט זעהר פיעל געוויינט איבער אייך. (ער בלייבט ערשטוינט.) איך געדענק, עס איז געוועזען דעם זומער ביי נאכט, ווען נינא איז צו אונז געקומען, איז בערטהא זעהר שפעט געקומען שלאפען, זיא האט מיך געפרעגט: מיליע, דו שלאפסט? און האט מיך געקושט און דער־ציילט אללעס און געוויינט פון פרייד און געלאכט. נאכדעם, ווען איהר זייט אוועקגעפאהרען אין דעם לאנד, וויא אזוי רופט מען דעם לאנד? אין'ם אויסען לאנד, פלעגט זיא אלע נאכט רעדען מיט מיר און פרעגען: וויא מיין איך, פאר וואס שרייבט איהר ווענינ און

צו מאָרגען וועט זיין פון אייך א בריעף? און אז איהר זייט געקו־מען, איז זיא געוועזן אזוי פריילאך און האָט אונז אלעמען געמאכט בלומען. (פויזע.) אָי! נאכדעם פלעגט זיא אלע נאכט קומען און פלעגט זאָגען: מיליע, דו שלאָפסט ניט? קום צו מיר, איך האָב ניט פאר וועמען אויסצו־וויינען מיין הארץ. (וויינט.) און זיא פלעגט מיך ארומנעמען שטארק און וויינען, און וויינען לאנג, לאנג, דיא קישען פלעגט נאס ווערען פון טרערען... אזוי אללע נאכט, אללע נאכט... און איך פלעג וויינען מיט איהר. (ער געהט צו דער טיער.) אי, וואוהין געהט איהר? איהר ווילט דערציילען בערטהא'ן? זיא וועט זעהר בייז זיין אויף מיר.

ב ע ר נ א ר ד: ניין, קינד. איך וויל א ביסעל ארויסגעהן אויף דער פרישער לופט. (ראש אב.)

מ י ל י ע: מיר דאכט זיך, איך האָב זיך ארויסגעכאפּט מיט א נאררישקייט. אויב בערטהא וועט זיך דערוויסען, בין איך פער־פאלען מיט דיא ביינער. (טאליע עפענט דיא טהיר.)

ט אָ ל י ע: נו, מיליע, האָסט זיא געפונען?

מ י ל י ע: ניין, טאליע, נינא איז ניטאָ.

ט א ל י ע: הערסט? היינט וואָס ביזט דו געבליעבען זי־צען דאָ?

מ י ל י ע: איך האָב זיך פעררעדט. דו ווייסט ניט, ווייבער האָבען לאנגע צונגען. (פלוצלינג מיט גרויס פרייד) אה! אָט געהט רעבעקא! (אידא קומט, אָ ניאַניע שעהן געקליידעט טראָגט אָ קינד אין אָ רייכען מאַנטעל. דיא ניאניע טראָגט דאָס קינד אין צווייטען צימער. מיליע טאַנצט און שרייט.) אידא, איך מעג זיך שפּיעלען מיט רע־בעקען? אי! האו! זיא לאכט! זיא לאכט! (אב מיט דער ניאניע.)

א י ד א: (געוואָרען פיעל עלטער און סאָלידער, זיא געמט אראָפּ איהר הוט געגען שפּיעגעל) נו, וואָס מאכסט דו, טאליע? אָנשטאָט צו שטודירען אין אוניווערזיטעט, שפּאצירסט דו דאָ ארום, הא?

ט א ל י ע: (סארקאַסטיש) אויף וויפיעל איך געדענק, האָט זיך דיא פרינצעסין ווענינ געזאָרגט פיר שטודירען.

א י ד א: טאליע, הלואי וואָלט איך מעהר געלערנט, וואָלט איך אפשר איצט געווען איין אנדער מענש. (זיפצט.)

ט א ל י ע: וויא קען איך שטודירען דאָרט, אז מע האָט מיר ארויסגעשיקט אהער?

א י ד א: א יונגער מאַן דארף לערנען און ניט מישען זיך אין פּאָליטישע זאכען.

ט א ל י ע: וואָס טויג דאָס לערנען, אז מע לאָזט דיך ניט לעבען וויא א מענש?

א י ד א: פאר וואָס האָבען לואיס קארשונסקי קיינע הינ־דערנישע ניט געשטערט צו לערנען און שטודירען?

ט א ל י ע: הערר קארשונסקי האָט שטודירט נאָר פון זיינ׳ט וועגען. ער האָט פיעל געלערענט, ער זאָל ווערען דער העכערער מענש... איך וויל לערנען, אז קיין העכערע מענשען זאָל ניט זיין. אללע דארפען גלייך זיין! עס איז אָהן אונז דאָ גענוג שטודירטע עגאָאיסטען, מיוחסים און אתה בחרתנו׳ניקעס. (בייז אב.)

א י ד א: (נעמט פון טיש אַן אַלבום) זיי זיינען אללע פיינד־ליך צו איהם, ווייל זיי קענען איהם ניט פערשטעהן. יא, ער איז העכער פון זיי... דאָס האָט מיר לואי אויסגעשריעבען פון א דייט־שען בוך אין מיין אַלבום. (לעזט) „בעסער קיין זאך ניט וויסען, ווידער פיעלעס האלב וויסען. ליעבער א נארר זיין נאָכ׳ן אייגע־נעם פערשטעהן, ווידער זיין א חכם מיט פרעמדען שכל. איך געה אויף א גרונד. וואָס הארט מיך, איז דאָס זומפּף אָדער הימעל?“ יא, עס איז עפּיס אזוי וויא א נביא רעדט צו דיר אין חלום. דער נביא רעדט איינפאך וויא א קינד און עס איז שווער צו פערשטיין. דו פיהלסט עס איז זיס און הייליג און ווייסט ניט וואָס דאָס איז. (דרייי קלעפּ אין טיער. זיא, ערשראָקען) ער! הערריין! (לואיס קומט, געקליידעט ניט אַלס מילנער, זיין געזיכט דריקט אויס ענטשלאָ־סענהייט) און איך בין געווען בא דיר מיט׳ן קינד און האָב גע־ווארט, געווארט... צו לאַנג ווארטען האָב איך מורא געהאַט. (שליאמע ערשיינט אין פענסטער.)

ל ו א י: איך מאך מיך פערטיג צום וועג. אידא, איך קען

ניט בייטען מיין בעשלוס. מאָרגען פאָהר איך צוריק נאָך דייטשלאַנד.

ש ל יא מ ע: דו ווילסט פאָהרען בכן איז באשר איז וואָס ? (ביידע דערשרעקען זיך) האר נאָר אוים, וואָס מע וועט זאָגען אוי־בען. ניטאָ בערנארד ? (קוקט אַריין שטיל.) דיא מאַדאַם אויך ניטאָ. (פערשווינדעט.)

א י ד א: (קוקענדיג אין פענסטער) ער איז אַוועק. וואָס זאָגסטו דאָס, לואים ?

ל ו א י: איך זאָג: איך קען דאָ ניט בלייבען מעהר! מאָר־גען פאָהר איך!

א י ד א: ווארום ? ווארום זאָלסט דו דאָס טהון ?

ל ו א י ם: איך וואַנדער דאָ ארום וויא א וואָלף צווישען שוואכע שאָף. אַללע האססען און פעראכטען מיך דאָ, שוואכע האססען שטענדיג דעם שטאַרקערן. ע ! דיא אַללע דאָזיגע אונ־טער־מענשען מיט זייער האס און פעראכטונג קיממערן מיך זעהר ווענינ. אידא, איך הויב אָן זיך אליין פעראכטען. געגען זיך אליין האָב איך געלאָזט מע זאָל מיך ארומפלעכטען מיט א גאַנצע נעץ פון ליעגען און בעטרוג. דיא פרוי מאכט אונז צום שוועכלינג און דיא ליעבע צווינגט אונז צו זיין ליגנער און פערברעכער. עס קען לענגער אזוי ניט דויערן. עס מוז נעמען אַן ענדע. איך פערלאָז דעם פלאַץ !

א י ד א: (מיט אַ ציטערנדע שטיממע) נו, און איך, לואי ?

ל ו א י ם: דו ? ווילסט דו בלייבען דיא עהרענסווירדיגע מאַדאַם זילבערמאַן, בלייב דאָ, בעשעפטיג זיך מיט פילאַנטראָפי און הויזטוגענדען און וועסט נאָך ווערען אויף דער עלטער א גבאי׳טע. ווילסט דו געהן מיט מיר ? דארף מען איהם שוין אַללעס ערקלערען און מיר פאָהרעןביידע.

א י ד א: לואי, און וואָס וועל איך טהון דאָרט, אויב די וועסט מיך אויפהערען ליעבען ?

ל ו א י ם: פאר וואָס פרעגט איך דיך ניט: וואָס וועל איך טהון, אויב דו וועסט מיך אויפהערען צו ליעבען ? ליעבע איז נאָר א שטיממונג. מע קען זיך ניט פערפליכטען מיט א קאָנטראקט צו

ליעבען. מע ליעבט ביז עס ליעבט זיך. דו ווייסט, איך וועל דיך אין יעדען פאלל ניט פערשטויסען וויא א שורקע. נון, און וועגען דאס קינד וועל איך דאך געווים זארגען מעהר וויא פיר זיך. יא! מע מוז צוגעבען, דיא אלטע פארמען פון לעבען זיינען אזוי שטארק, אז מע איז אפט געצוואונגען דעם אייגענעם „איך" שטעלען אויפ'ן צווייטען פלאץ. דער איינציגער קען נאך ניט געהן מיט זיין אייגענעם וועג.

א י ד א: לואי, איך פערשטיי ניט, וואס דו זאגסט! איך ווייס נאר איין זאך, דו ווילסט אוועק! דו ווילסט מיך פערלאזען!

ל ו א י: ווילסט מיט מיר? קום מיט!

א י ד א: (פערצווייפעלט) ניין! דו ווילסט מיך פערלאזען! לואי, איך וועל דאס ניט איבערלעבען! (באפט זיינע ביידע הענד) זיי ניט בייז אויף מיר! זיי ניט שלעכט צו מיר! (בערנארד ערשיינט אין פענסטער) בעסער טויטע מיך! (וויינט) בעסער ערמארדע מיך! (לואי שטייט לאנג טיעף פערזונקען אין זיינע געדאנקען. ענדליך בעמערקט ער בערנארד'ן.)

ל ו א י ס: מאדאם, אייער הערר געמאהל זעהט וואס דא קומט פאר און וואונדערט זיך געווים.

א י ד א: (ערשראקען) ער! אבער וואס קימערט ער מיך יעצט... לואי, איך וועל דא ניט בלייבען.

ב ע ר נ א ר ד: (סארקאסטיש) איהר האט א טעות, איך וואונדער זיך שוין לאנג ניט מעהר! און אויב איך זעה וואס דא קומט פאר, דארפט איהר מיך ענטשולדיגען, הערר אינזשענער. איהר האט מיר געראטהען, איך זאל נאר קוקען צווישען דיא פינגער... איהר זייט אבער אזוי ווייט פערגאנגען, ווען איך זאל אפילו בלינד זיין, וואלט איך דאך געזעהען. ענטשולדיגט.

ל ו א י ס: (רוהיג) געפינסט דו ניט, עס וואלט געווען בעקוועמער צו רעדען דערפון ניט פון יענער זייט פענסטער? (בערנארד געהט ראש און קומט דורכ'ן טיער. לואיס פערמאכט דאס פענסטער. וועהרענד דער צייט זאגט אידא מיט פערצווייפלונג.)

א י ד א: מיר איז איצט אַלץ איינס. איך געה מיט דיר, לואי. איך געה מיט דיר!

ב ע ר נ אַ ר ד: איך האָף, היינט ענדליך וועלען מיר עס מאַכען אין קורצען און אָהן פילאָזאָפיע!

ל ו א י ס: ערשטענס, מוזט דו זיך בערוהיגען. מיר האָבען צו רעדען פון א פראגע, וועלכע פאָדערט איבערלעגענהייט און בע־זאָננענהייט. מיר זיינען אַללע דריי שוין ערוואקסענע מענשען און מיר דארפען זיך בעראַטהען אין א פריעדליכען וועג, וואָס מיר האָ־בען צו טהון.

ב ע ר נ אַ ר ד: איך האָף, היינט, ענדליך, וועלען מיר עס טהון. דיא ערשטע זאך — דו בלייבסט דאָ ניט מעהר.

ל ו א י ס: זעהר קלוג, נאָר א ביסעל צו שפּעט. מיינע זאַ־כען זיינען שוין געפּאַקט. דאָ האנדעלט זיך אָבער ניט נאָר וועגען מיר און דיר, דאָ איז דאָ א דריטע פּערזאָן!

ב ע ר נ אַ ר ד: (בייז) עס איז ניט דיין זאך צו זאָרגען פיר דער דריטע פּערזאָן!

ל ו א י ס: שש! נאָר ניט מיט כעס. עס איז ניט מיין און ניט דיין זאך צו זאָרגען פיר דער דריטע פּערזאָן. זיא דארף זאָגען: געהט זיא מיט מיר, אָדער זיא בלייבט מיט דיר?

ב ע ר נ אַ ר ד: אזוי ווייט, הייסט עס, האַלט עס שוין?!..

א י ד א: (וויינענדיג) דו ביזט זעהר א גוטער, בערנאַרד. איך האָב קיין מאָל ניט פערדיענט, זאָלסט מיך ליעב האָבען, וויא דו האָסט מיך געליעבט. גאָטט ווייסט, מיר טהוט זעהר וועה דאָס האַרץ פאַר דיר. איך קען זיך אבער ניט העלפען. געהט ער אוועק פון דאַנען, מוז איך געהן מיט איהם.

ב ע ר נ אַ ר ד: מוזט? א מאָל האָסט דו געוויינט און גע־שוואָרען — מוזט זיין מיין פרוי!

א י ד א: וואָס האָב איך געוואוסט? איך האָב דיך ניט גע־נארט, בערנאַרד, איך האָב געמיינט ערנסט.

ב ע ר נ אַ ר ד: ביזט דו זיכער, אז דו מאַכסט איצט ניט א צווייטען, אַן ערגערן פעהלער?

א י ד א: ביזט זעהר א גוטער, בערנארד. איך ווייס עס. אָבער וואָס קען איך מיר העלפען?

ל ו א י ס: אידא, איהר בערעבענט גאַנץ גוט. איך פערשפּרעך אייך ניט קיין עוויגע ליעבע, קיין פערגעבונג און זעלבסט־ענטזאגונג. זים וועל איך געווים ניט זיין צו אייך. וועט איהר פערדיענען פון מיר געהאסט צו ווערען, וועל איך אייך געווים האַסען. איך וועל ניט מאַסקירען מיינע געפיהלע, וועל ניט שפּיעלען דיא ראָללע פון אַ גוטען און אויב איך וועל אויף אייך בייז ווערען, וועל איך אייך געווים ברענען מיט מיין צאָרן.

א י ד א: (וויא אין שלאָף) יא, גערארדע וויא דו ברענסט מיך מיט דיין ליידענשאפט. בערנארד, איך קען ניט בלייבען דאָ אַליין אָהן איהם, איך וועל מוזען געהן מיט איהם. (זיא וויינט.)

ב ע ר נ אַ ר ד: (וויל זיך מאַכען רוהיג) יא? טהו, וויא דו פערשטעהסט.

א י ד א: ווערסט מיר אָבער מוזען געבען מיין קינד... איך וועל ניט קענען פאַהרען אָהן מיין קינד. (וויינט) אָה, מיין קינד, מיין ריבעניו!

ל ו א י ס: יעצט, אידא, וועט איהר זיין אַזוי גוט און אונז פערלאָזען. מיר ווילען דאָ אַללעס בעשפּרעכען צווישען זיך. (פיהרט זיא אין איהר צימער, פערשפּאַרט דיא טיער. בערנארד לאָזט זיך אַראָפּ אויף אַ שטול מיט אַ שווערען זיפץ.) אַלזאָ, פון וואָס ווילען מיר אָנפאַנגען?

ב ע ר נ אַ ר ד: הערר אינזשענער, פאַנגט אָן פון וואָס איהר ווילט. פאַנגט אָן פון זיך, וואָס איז דען אין דער וועלט אַזוי וויכטיג וויא איהר אַליין? אָדער פאַנגט אָן פון אייער דאַנקבארקייט...

ל ו א י ס: (בייז) דאַנקבארקייט! האָסט א מאָל געהאַנדעלט אַלס אַנשטענדיגער מענש, מיינסט דו אפשר, איך דארף דיר דערפאר זיין א קנעכט און פערשקלאַפען דיר מיין זעעלע?

ב ע ר נ א ר ד: (רוהיג) מיר האָבען אָבגעמאַכט, היינט זאָל עס געהן אָהן פילאָזאָפיע.

ל ו א י ס: דאָס איז ניט פילאָזאָפיע, דאָס זיינען מיינע היי־ליגע איבערצייגונגען.

ב ע ר נ א ר ד: אזוי? דיינע הייליגע איבערצייגונגען זאָגען, דו מעגסט גנב'ען פרעמדעס גליק, צוברעכען יענעמס פאמיליע, רו־אינירען מיין הויז, רויבען יענעמס פרוי און קינד, פערגיפטען דעם צוזייטענס לעבען, צונעמען אללעס וואָס דיר געפעלט נור פאר זיך, פיר דיין „איך", און מיינע איבערצייגונגען, מיינסט דו, דארפען מיך צווינגען דאנקען דיר דערפאר און זאָגען: יישר כחם, הערר אינזשענער! פערנוצט עס געזונטערהייד און זאָל אייך וואויל בע־קומען, הא? שורקע, דיינע הייליגע איבערצייגונגען האלט פאר זיך און מאַך דעם אנדערן ניט אונגליקלאך! מיינע איבערצייגונגען זאָ־גען מיר, אז איך מעג שפייען אויף דיינע איבערצייגונגען! (גיט פלוצלינג א שפיי לואיסען אין געזיכט. לואיס גיט איהם א שטארקען זעץ, פון וועלכען ער פאלט. ער כאפט זיך אָבער באלד אויף וויא א פער־ווירטער און גרייפט לואיסען אָן מיטביידע הענד.) מיינע הייליגע איבערצייגונגען זאָגען מיר, אז איך מעג דיר צוקוועטשען וויא א וואָרעם, וויא א שפּיען! (זיי ראנגלען זיך) דו וועסט ניט ארויס א לעבעדיגער פון מיינע הענד!

ל ו א י ס: נו, יא! אייער ליעבע פיהרט שטענדיג צום וואהנזין און מאָרד. (זיי פאלען ביידע איבער א שטול.)

ב ע ר נ א ר ד: דו וועסט ניט ארויס א לעבעדיגער פון מיינע הענד! (כאפּען זיך ביידע אויף און קעמפּפען ווידער.)

ל ו א י ס: שש! וועסט זיא דאָרט איבערשרעקען אויף טויט. (זעצט איהם מיט געוואלט אנידער) האָסט מיר שוין צוקראצט דעם פּנים. א יודישע מלחמה! הער, וואָס איך וועל דיר זאָגען, אויב דו ביזט יא אזוי בלוטדורשטיג, נאָך וואָס טויג דיר דער סקאנדאל?

ב ע ר נ א ר ד: איינער פון אונז מוז שטארבען!

ל ו א י ס: יא, דיא פרוי קען בלייבען נאָר מיט דעם איינעם, וואָס וועט בלייבען לעבען. איינער פון אונז מוז אָבגערוימט ווערען פון וועג. ביי קריסטען אין אזא פאל געהט מען ארויס אויף א דועל, ווער עס וועט וועמען דערשיסען.

ב ע ר נ א ר ד: איך בין צופריעדען צו טהון אללעס, איינער פון אונז מוז שטארבען.

ל ו א י ס: איך וויים, דו האסט קיין מאל ניט געהאלטען קיין געוועהר, איך קען דיר דערשיסען וויא א פליעג. הער, עס איז דא איין אנדערע דועל, וועלכע רופט זיך אמעריקאנישע. מע ווארפט גורל — וועמען פון אונז דער גורל וועט זאגען „טויט", דער וועט זיך נעמען דאס לעבען מיט וועלכען טויט ער וועט וועלען. וויא געפעלט דיר אזא אידעע?

ב ע ר נ א ר ד: איך בין צופריעדען צו טהון אללעס! איינער פון אונז מוז שטארבען!

ל ו א י ס: גוט! מיר וועלען עס מאכען גאנץ שנעלל! (גאנץ פיאנא דער טרויריגער כאר פון פראלאג. לואיס נעמט א שטיק וויים פאפיר, רייסט עס אויף פיער גלייכע שטיקלאך.) זעהסט? אויף איין צעטעל שרייב איך דאס ווארט „טויט", אויף דעם אנדערן וואס? זאל זיין דאס ווארט „ליעבע". פערשטיי: ווער עס נעמט ארויס צום ערשטען דאס ווארט „ליעבע", האט א רעכט אויף אידא'ן: ער האט אבער קיין רעכט צו פאדערן דער צווייטער זאל ציהען „טויט". ווער אבער עס ציהט ארויס צום ערשטען דאס ווארט „טויט", מוז זיך אליין ערמארדען. (וויקעלט צונויף אללע פיער צעטלאך, ווארפט זיי אין בערנארד'ס הוט און דעקט צו מיט א טאש־ שענטוך.) בערנארד, עס איז קיין קינדער שפיעל. איינער פון אונז שטעלט זיין לעבען אויפ'ן קארט. מיר מוזען געבען איינער דעם צווייטען דיא האנד, אז מירביידע מיינען עס עהרליך און ערנסט. (דריקען זיך דיא הענד) מיר וועלען יעצט אנפאנגען דיא לאטטע־ רעע... טויט אדער ליעבע!

ב ע ר נ א ר ד: (זעהר אויפגערעגט, זיינע הענד ציטערן) איין מינוט... איך וויל א ביסעל וואסער. (געהט צום טיש און גיסט זיך אן וואסער און טרינקט.)

ל ו א י ס: (טרייסעלט דיא הוט מיט דיא צעטלאך) אלזא, ווער פאנגט אן? דאס איז זעהר א וויכטיגע פראגע. (בערנארד וויל ציהען צום ערשטען, לואי לאזט ניט.)

א י ד א: (פון איהר צימער, קלאפט אין טיער) וואס האט איהר פערשפארט דיא טיער? (קיין ענטפער) וועה איז מיר, וואס איז דארט אזוי שטיל?

ל ו א י ס: עס איז גאר ניט... מיר האלטען ביים צעטלען...

א י ד א: איך הער ניט בערנארד'ס שטימע.

ב ע ר נ א ר ד: האב געדולד נאך איין אויגענבליק און אללעס וועט זיין געענדיגט. (שטעקט פלוצלינג אריין זיין האנד אין הוט און ציהט ארויס א צעטעל.) א לאטטערעע, הא? (צו־וויקעלט מיט ציטערענדע הענד דאס צעטעל) לעדיג! גאר נישט!

ל ו א י ס: (ציהט) נון, וואס טראגט מיר מיין שיקזאל? (ביידע קוקען נייגעריג) בלאנק? דיא ליעבע מיט'ן טויט ליעגען יעצט אין פארטונא'ס קאסטען. (בערנארד זעצט זיך, פערדעקט זיין געזיכט און צו־וויינט זיך.)

ל ו א י ס: (שטעלט אויפ'ן טיש דיא הוט, דעקט זיא צו און זעצט זיך צוריק) וואס וויינסט דו, בערנארד?

ב ע ר נ א ר ד: איך וויין, צו וואס מענשען קענען קומען. (פויזע. מע הערט דיא קירכען־גלאקע און טרויעריגען כאר.)

ל ו א י ס: (ווייך) איצט קענסט דו נאך חרטה האבען, אויב דו ווילסט.

ב ע ר נ א ר ד: ניין! מיר איז זא וויא זא גאר ניט גע־בליעבען אין לעבען. נאר דו ריזיקירסט, ווייל דו האסט וואס צו פערליערען...

ל ו א י ס: (געריהרט) בערנארד, דו ליידעסט שטארק, הא?

ב ע ר נ א ר ד: יא! אבער איצט, ווען איינער פון אונז שטעהט אויפ'ן שוועל פון טויט, מוז איך דיר זאגען: דו ביזט ניט שולדיג. ווער עס איז שטארקער, איז גליקליכער.

ל ו א י ס: בערנארד, געדענק מייןווארט: איך וועל דיר איבערצייגען, אז דער שטארקערער איז ניט שטענדיג דער גליקלי־כער... דער שטארקער איז נאר פרייער אין זיינע האנדלונגען. אלזא, גענוג צו זיין סענטימענטאל. ווע‍לען מיר פארטזעצען?

ב ע ר נ אַ ר ד: (שטעהט אויף) יאָ! יאָ! (זיינע הענד ציטערן.) איצט קומט דיא ענדע.

ל ו א י ס: פריער האָסט דו געצווינגען צום ערשטען, יעצט ציה איך (טרייסעלט דעם הוט) זיי רוהיג, דו ביזט שוין ארויס פון געפאהר, ציה איך „ליעבע“, האָב איך קיין רעכט צו פאָדערן דיין טויט. ציה איך „טויט“, בלייבסט דו דאָך געוויס צופריעדען...

ב ע ר נ אַ ר ד: (הערט ניט) יאָ, אַ פנים דער אַלטער האָט רעכט. עס איז דאָ עטוואָס, אימיצער, איין אונבעקאַנטער, וואָס שפּיעלט זיך מיט אונזער לעבען...

ל ו א י ס: דומהייטען! מיט מיין לעבען קען זיך שפּיעלען נאָר דער ווילען וואָס איז אין דער נאַטור, אָדער דער ווילען וואָס איז אין מיר! קוק אַהער, איך ציה. (ציהט אַ צעטעל און וויקעלט עס אויף לאַנגזאַם, בערנאַרד זאָל ניט זעהען.) שש! איך האָב „טויט“! (אידא קלאַפּט אין טיער) אידא, נאָך איין אויגענבליק! אַלעס איז שוין ביינאַהע געענדיגט. (שטיל) עס וועט געשעהען... (דיא גלאָקע און כאָר הערען זיך ניט מעהר.)

ב ע ר נ אַ ר ד: ניין! האַר אויס! וואָס וועל איך געווינען דורך דיין בלוט? לואיס, אויף דער גאַנצער וועלט איז דאָ נאָר איין זאַך, נאָר איין פּאָדעם, וואָס קען מיך צובינדען צום לעבען. איך ווייס, אידא'ן האָב איך זאָ וויא זאָ פערשפּיעלט. איך וויל ניט, דו זאָלסט שטאַרבען. אויב זיא וויל געהן מיט דיר, וועל איך זיא ניט האַלטען מיט געוואַלד. נאָר איין זאַך, איך בעט דיך, זאָג מיר דיא וואַהרהייט: (ווהיספּערט) לואי, איז דאָס מיין קינד? ד'אמאָלס האָסטו מיר געזאָגט אַ ליגען. יעצט זאָג דעם אמת.... איך האָב פאַקטען, וועלכע צווינגען מיך צו צווייפלען. נעם אַראָב דעם צווייפעל פון מיין אַרעמען קאָפּ און איך וועל לעבען צוליעב מיין קינד. איז דאָס קינד מיינס?

ל ו א י ס: בערנאַרד, דאָס קינד איז געוויס דיינס!

ב ע ר נ אַ ר ד: דאָס אַלעס וואָס איז געוועזן, איז גאָר נישט. נאָר איך האָב אַ רעכט צו פאָדערן דיין טויט, און איך פאָר־

דער עס ניט און איך וויל עס ניט. דו הערסט? (אידא קלאַפּט ווידער.)

ל ו א י ס: דערפאר דאנק איך דיר זעהר. (דריקט זיין האַנד.)

ב ע ר נ אַ ר ד: דאָס קינד נעמסט דו ניט בא מיר?

ל ו א י ס: ניין, בערנארד, איך נעם גאָר ניט, וואָס בעלאַנגט צו דיר. (געהט.) לעבע וואָהל! (וואַרפט א בליק אויף אידא'ס ציר מער. ראַש אב.)

ב ע ר נ אַ ר ד: אָה, מיינע שמערצען! מיינע שמערצען! (פערטראַכט זיך. בערטהאַ קומט.) וויא! זיא וועט לאָזען דאָס קינד און געהן מיט איהם?

ב ע ר ט ה א: דיא מוטער וועט ניט פערלאָזען איהר קינד.

ב ע ר נ אַ ר ד: מיין לעבען איז זאָ וויא זאָ פערשפּיעלט. איך וועל קיין מאָל ניט פערגעסען, וואָס זיא האָט מיר געטהון.

ב ע ר ט ה אַ: (געהט צו'ן איהם זעהר נאָהענט) זיא האָט געגעבען א וואָרט צו זיין אייך טריי און האָט ניט געהאַלטען איהר וואָרט! הערר זילבערמאַן, האָט איהר געהאַלטען אייער וואָרט, וואָס איהר האָט מיר געגעבען? זיא האָט אייך פערשאַפען שמערץ. ווייסט איהר וויפיעל שמערץ איהר האָט מיר פערשאַפען? איהר האָט געוויינט? האָט ווער געצעהלט מיינע טרערען? הערר זילבערמאַן, איהר זייט אויך ניט מעהר וויא א זינדיגער מענש... מיר זיינען אלע ניט מעהר וויא מענשען. (עפענט דיא טהיר, בעפעהלענד) אריין! און האַנדעלט וויא א מענש! (עפענט דיא טיער פון אידא'ס צימער, מאַכט מיט'ן האַנד האַלב שפּאסענד, האַלב בעפעהלענד. ער געהט געהאָרכזאם. ביידע אב. דער כאָר פון דיא טרוי־מערייען און האָפנונג זינגט פּיאנא. טאליע און נינא קומען, האַלטען זיך פאר דיא הענד. נינא איז פערוויינט.)

ט א ל י ע: דו ביזט א קלוגע און א גוטע און פערשטעהסט, עס מוז אזוי זיין. (זעצט זיך אַנידער) בערוהיג זיך, נינאטשקא, און זאָג אליין, געפינסט דו דען ניט, אז דער גובערנאטאָר דארף פיר זיין שענדליכע, אונמענשליכע טהאט בעצאָהלען מיט זיין לעבען?

(יא) נו, מוז דאָך דאָס אימיצער טהון. מיר זיינען אכט מענשען. מע וועט ווארפען גורל. ווער עס וועט דארפען אָפּפערען זיין לעבען, וועט מוזען געהן. יא, דער גורל, דאָס אונבעקאנטע שפּיעלט א גרויסע ראָללע אין אונזער לעבען.

נ י נ א: טאָמער דו, וואָס וועל איך טהון? וויא וועל איך נאכדעם לעבען אָהן דיר?

ט א ל י ע: איך האָב דיך ליעב מעהר פון מיין לעבען. עס איז אפשר ניט שעהן פון מיר, אָבער איך האָב דיך ליעב מעהר פון בערטהאַ'ן. עס איז מיר זעהר ביטער אייךביידען צו פערלאָזען, אָבער, טייערע, עב איז דאָ עטוואָס, וואָס דארף מיר זיין טייערער פון מיין לעבען, פון מיין גליק, טייערער זאָגאר פון מיין נינא'ן! וואָס זאָל מען טהון, נינא, אז מע קען ניט אָהן בלוט און אָהן קרבנות קויפען דיא פרייהייט פון דיא אונגליקליכע און אונטערדריקטע?

נ י נ א: אזוי ליעבען און דאָך געהן ריזיקירען מיט'ן לעבען?

ט א ל י ע: עס איז דאָ א גרעסערע ליעבע פון אונזערע, דאָס איז דיא הייליגע מענשענליעבע. איך וועל פיליכט שטארבען, אָבער דאָס וועט פיהרען צום טריאומפף פון לעבען.

נ י נ א: איך וועל זיצען דאָ און ויינען און ווארטען אויף דיר. און אויב דו, טאליע, וועסט ניט קומען, וועל איך זיין דאָרט, וויא דו.

ט א ל י ע: נינא, מע רופט מיך און איך קען דאָ בלייבען נאָר עטליכע טעג. מיר וועלען זאָגען בערטהאַ'ן און מיר וועלען עס מאכען שטיל אין דער היים צווישען אייגענע מענשען. הם! עס קען זיין, ניט נאָר דיא מאמא, דיא טאָכטער וועט אויך בלייבען אַן אלמנה פון אשכנזי.

נ י נ א: ניין! דאָס וועט גאָטט אַליין ניט וואגען צו טהון!

ט א ל י ע: און ווידער, ווער ווייסט? אפשר ווען זאָגאר אויף מיר וועט פאַלען דער גורל, וועט מיר געלונגען זיך רעטטען, לויפען איבערן גרענעץ... דו וועסט קומען צו מיר אין שווייצאריע און מיר וועלען לעבען גליקלאך.

נ י נ א: ווייט און הויך ערגיץ אין דיא בערג פון דיא אלפּען.

ט א ל י ע (בויגט זיך צו איהר און זאָגט איהר עטוואָס אין אויער.)

נ י נ א: (אומאַרמט זיין קאָפּ) יא, טייערער... (זיי בלייבען אַזוי. סאָפיע קומט שטיל. האָפנונג־כאָר.)

ס אָ פ י ע: (שטיל) קינדער איז טאַקי א נחת צו האָבען... מיר ווילט זיך וויינען פון פרייד. (ווישט איהרע אויגען) אי! ניטאָ אויף דער וועלט קיין גרעסער גליק, וויא צו זיין א מאמע! (שרה הינדע קוקט אריין אין צימער דורכ'ן טהיר.)

ש ר ה ה י נ ד ע: מיינער איז דאָ גאָר ניטאָ? (נינא און טאליע ערשרעקען זיך.)

ט א ל י ע: אָה, דיא מאַמאַ און מאַדאַם הו... מאַדאַם שרה הינדע. (גיט איהר אַ שטול.)

ס אָ פ י ע: (אומאַרמט נינאַ'ן) און איך, נארר, האָב געמיינט, איך וועל שוין דאָס גאָר ניט דערלעבען. (שליאמע קומט.)

ש ל י א מ ע: בערנארד איז וויא אין וואַסער אריין. אָה, זיא איז דאָך דאָ, מיין גוליע! טאליע, איהר זייט א געלערענטער מענש, טרעפט אונמיסטען, אדרבה, אין וועלכע פון דיא עשרה מכות זיינען געמיינט געוואָרען דיא ווייבער? צפרדע איז ווייניג. חשך איז ניט גענוג שווארץ, מיט שחין קראַצט מען זיך ניט אזוי־פיעל... ברודער. זיי זיינען אין מכות בכרות, ווארום מע זאָל מיינען א מאַנזביל, אַ בחור, וואָלט געשטאַנען מכות בחורים.

ט א ל י ע: אויף וויפיעל איך געדענק איז בחור מיט א „ח“ און דאָס איז מיט א „כ“.

ש ל י א מ ע: בכן איז באשר איז וואָס, אז עס איז מיט א „כ“, איז דאָס אפשר א קליינע מכה? (אַ דיענער לויפט אַריין מיט אַ בריעף, זעהר ערשראָקען.)

ד י ע נ ע ר: גיכער! וואו איז הערר זילבערמאַן? (זאָגט עפּיס טאליען אויפ'ן אויער.)

**ט א ל י ע: (ערשטוינט, שטיל) געשאָסען? אויף טויט? (לויפט)**

בערנאַרד? וואו איז בערנאַרד? (אַלע ערשראָקען. אידא, בערטהאַ און בערנאַרד קומען. טאליע זאָגט איהם עפּיס אויפ׳ן אויער און גיט דעם בריעף.)

ב ע ר נ אַ ר ד: עס קען ניט זיין! (עפענט מיט ציטערנדע הענד דאָס בריעף) איך האָב עס ניט געפאָדערט! איך האָב עס ניט געוואָלט.

א י ד א: וואָס איז געשעהען?

ב ע ר נ אַ ר ד: איך זעה ניט, איך קען ניט לעזען!

ט א ל י ע: (נעהמט דעם בריעף און לעזט) מיינע פריינדע! איך האָב שטענדיג געזאָגט: איך מוז זיין איך זעלבסט. איך האָב אָבער ניט געקענט בלייבען איך זעלבסט. דאָס וואָס איהר רופט ליעבע, האָט זיך צו טיעף איינגעוואָרצעלט אין אללע אבטיילונגען פון׳ם מענשענס לעבען און זיא שטערט דעם איינציגען „איך" צו בלייבען גאַנץ פריי. זיא איז שטאַרקער פון׳ם עגאָאיזם, שטאַרקער פון דער פּראקטישער לאָגיק. זיא, דיא ליעבע, טויטעט מיך. יא, בער־נאַרד, דיא ליעבע, ווארום איך האָב געצויגען דיא „ליעבע", ניט דעם „טויט"... דאָ האָסטו מיין צעטעל... (גיט בערנאַרד׳ן אַ שטיקעל פּאַפּיער.)

ב ע ר נ אַ ר ד. דאָס וואָרט „ליעבע"! (געפינט אין הוט דאָס צווייטע צעטטעל) דאָס וואָרט „טויט" איז געבליעבען!

ט א ל י ע: (לעזט) ווען איהר וועט לעזען מיינע ווערטער, וועל איך שוין ניט לעבען מעהר (אידא וויינט שטאַרק) איך געה אין דער עוויגקייט. „די נאַכט איז נאָהענט, עס זינקט שוין די זון, מיין גליק איז פאָרט.. דאָס גליק אָבער איז איין ווייב". ניט דאָס שטאַרקערע זיעגט, נאָר דאָס בעסערע... דיא ליעבע טויטעט מיך אום אַנדערע זאָלען קענען לעבען. (בערנאַרד וויינט ביטער. מיליע קומט, מיט איהר דיא ניאַניע מיט׳ן קינד.)

א י ד א: וואו איז ער? לאָזט מיך צו איהם!... (זיא איז שרעקליך פערצווייפעלט.)

מ י ל י ע: אידא, דאָס קינד וויינט, עס וויל עסען...

ב ער ט ה א: (גיט אידא׳ן דאָס קינד) איינער איז טויט און

דער צווייטער פאַנגט אָן צו לעבען. דער טויט פון איינעם רייסט ניט איבער דאָס לעבען פון אַללע... דער טויט איז אַן אָנפאַנג פון אַ נייען לעבען.... ליעבע איז שטאַרקער פון טויט...

א י ד אַ : (דריקט צו זיך דאָס קינד און וויינט ביטער) מיין קינד! מיין אָרעם קינד! (דיא טרוימערייען און האָפנונגען זינגען פאָרטאָ. מע זעהט זיי אַללע וויא דורך אַ נעבעל. בערנאַרד און טאַליע ווייזען, אַז מען דאַרף געהן צום טויטען.)

(פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.)

דיא אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק

# גאט, מענש און טייוועל



דראמא אין 4 אקטען מיט א פראלאג

פון

יעקב גארדין.



אינטערנאציאָנאלע ביבליאָטהעק פּאָבלישינג קאָמפּ.,
נויאָרק.

## פראָלאָג—(אין הימעל).

(דער כסא הכבוד אין דער הויך, אונטען הימלען, וואָלקענס, פיעל שטערן.
זעהר פיעל ענגלען, יונגע שוועבען אין דער לופטען, אלטע מלאכים
בייא דיא טרעפ פון כסא הכבוד, דער שטן שטעהט בעזונדער
פון דער ווייטען.)

חאָר יונגע מלאכים: שטארבען שטארבט אלעס, וואס עס
איז און עס לעבט,
דאָס לעבען אליין איז אונשטערבליך.
שטערבליך איז דאָס נאָר, וואָס עס וויל און עס שטרעבט,
דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך....

חאָר אלטע מלאכים: דיא ווארהייט איז עוויג, עוויג
אונד איין:
גוטעס און שעהנעס איז ווארהייט אליין.

יונגע מלאכים: עס שטארבען דיא פארמען, דער
שטאָף אָבער לעבט,
דיא אידעע דער פאָרם איז ניט שטערבליך.
אידעע און שטאָף צוזאמענגעוועבט,
דאָס איז גייסט און נאטור, ס'איז אונשטערבליך.

אלטע מלאכים: דיא וואהרהייט איז עוויג, עוויג אונד
איין:
גוטעס און שעהנעס איז ווארהייט אליין.

יונגע מלאכים: אָהן אידעען דער שטאָף איז פון חאאָס
א וועלט.
אלעס איז תהו ובהו:
פאָרמען פון חאאָס שאפט אינטעלעקט

וואָס בעלעבט דעם שטאָף מיט אידעע.

**אלטע מלאכים**: דיא וואהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:

גוטעס און שעהנעס איז וואהרהייט אליין.

**יונגע מלאכים**: עס שטרעבען דיא פאָרמען אלס העכער ארויף

אויף דעם „נאטירליכען" לייטער דאָס לעבען.

אינטילעקט, אָדער וויללען, אָדער שאפפענדער גייסט?

דאָס איז צום ענטוויקלונג דאָס שטרעבען.

**אלטע מלאכים**: דיא וואהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:

גוטעס און שעהנעס איז וואהרהייט אליין.

(עס הערט זיך אַ מעכטיגער קול שופר. אַ בעוועגונג.)

**איין אלטער מלאך**: ער געהט! ער געהט, דער שאפפענדער גייסט דער עוויגקייט, דער אונשטערבליכער גייסט דער וואהרהייט!

**אללע מלאכים**: היה, הוה ויהיה!

(אללע קניען, אויסער דעם שטן.)

**גאָטט** (אונגעזעהען, מע הערט נאָר זיין שטיממע פון כסא הכבוד) עוויגקייט און האַרמאָניע, אין דיא הימלען און אין אללע וועלטען, אין דעם אונבעגרייפליכען רוים און אין דער אונענדליכער צייט.

**אללע מלאכים**: היה, הוה ויהיה!

**גאָטט**: וואָס איז נייעס? איז דער שטן דאָ צווישען דיא בני אלהים?

**שטן**: (טרעט צו, בייגט זיך) דאָ בין איך, אלטער הערר. (אַ פארט) מאַנאָטאָן און לאַנגווייליג ציהט זיך ־אַ אין דיא הימלען דיא צייט, און נאָר מיינע נייעס פון דער מענשען־וועלט מונטערן זיי דאָ אַ ביסעל אויף. דיא נארישע פערדאָרבענע מענשען זיינען מקנא דיא געטער. נאררען! עס גיט קיין גליק דאָרט, וואו עס איז ניטאָ קיין אונגליק, ניטאָ פרייד, וואו עס גיעבט קיין טרערען, ניטא קיין פער־

גניעגען, וואו עס גיעבט קיין פערלאנג, ניטאָ קיין „פיהלען", וואו עס עקסיסטירען קיינע לייךענשאַפטען, ניטא קיין צופריעדענ־הייט, וואו עס גיעבט קיין קאמפף, ניטאָ קיין נייעס, וואו עס גיעבט קיין אויפרעגונג! זיי ווייסען דאָרט ניט, דאָס איין אויגענבליק פון'ם שוואכען מענשענס לעבען האָט מעהר אינטערעס, וויא א גאנצע עוויגקייט פון א מעכטיגען גאָטט! און דאָך... חע! חע! דיא געטטער קענען זיין מענשען און ווילען ניט, דיא מענשען ווילען זיין געטער און קענען ניט.

ג אָ ט ט: שטן, פון וואנען קומסט דוא יעצט?

ש ט ן: איך האָב געוואנדעלט איבער דער וועלט און געשפאַ־צירט איבער איהר.

ג אָ ט ט: וואָס גיעבט עס נייעס צווישען אדם'ס קינדער, וועלכע מיר האָבען בעשאַפען אין אונזער געטליכען געשטאלט?

ש ט ן: קיינע נייעס! זיי ווידערהאָלען אימער איינע און דיעזעלבע דומהייטען.

ג אָ ט ט: וויא? קיינע נייעס צווישען דיא בעשעפעניסען, וועלכע שטרעבען אימער העכער און ווייטער? וועלכע בערוהיגען זיך ניט אויף איין אויגענבליק, וועלכע דענקען נאָר פון נייע ערפינ־דונגען, פון ענטוויקלונג און פערבעסערונג?

ש ט ן: זייער גייסט שטרעבט הויך אין דאָך זיינען זיי זעהר טיעף פערזונקען אין'ם שמוץ און קויט פון זייער מאטעריעלען לע־בען, ערפונדען האָבען זיי זעהער פיעל נייעס און וואלגערן זיך נאָך אימער אין זייערע אלטע פון דער צייט פערפוילטע און פערשימעל־טע איינריכטונגען. פון אויסוועניג האָבען זיי זיך זעהער פיעל פער־בעסערט און פערשעהנערט, און פון אינעווייניג זיינען זיי נאָך מעהר פערדאָרבען און פערקריפעלט; אין דעם ניי־געבילדעטען מענשען זיצט דער אלטערווילדער אדם.

ג אָ ט ט: שטן, דער גייסט פון פערניינונג ביזט דו, דארום פערניינסט דוא דעם מענשענס גוטע אייגענשאפטען. דונקעל ביזט דוא און נאָר דונקעלעס זעהסט דוא ארום זיך. וויא?! טויזענדער יאָהר זיינען פאָראיבער זינד אדם האָט געגעסען פון עץ הדעת און

איך האָב איהם פאַרטגעיאָגט פון גן עדן, טויזענדער יאָהר געהט ער זייט דאן אלם פאַראוי'ס און פאַראוים, און דוא געפינסט איהם נאָך אימער אויף דעמזעלבען אָרט, נעבען דיא טויערען פון גן־עדן? אונזין!

ש ט ן: אַלטער הערר, דער מענש איזווירקליך זעהר ווייט פון דיא טויערן פון גן עדן. ער זאָל שטיין אויף זיין אלטען פּלאַץ, וואָלט ער זיך געוויס אומגעקערט צוריק. ווארום דאס וואס ער האָט געזוכט, האָט ער ניט געפונען און דיינע וועכטער, דיא צוויי כרובים, זיינען פון דער צייט געוואָרען אלט און שוואך, און דער להט החרב המתהפכת — דער שארפער שווערד, וואָס דוא האָסט זיי געגעבען איז געוואָרען פערראָסטעט און שטומפּף, ניין! דער מענש האָט ווירקליך אוועק געמארשירט ווייט פון דיא טויערן פון גן עדן, אָבער וואָס קומט דערפון, אז ער טראָגט מיט זיך זיין ווילדנעס? ער ציהט פון איין פּלאַץ אויפ'ן אנדערן און שלעפּט מיט זיך זיינע אלטע לומ־פּען! ער האָט אָנגעזאמעלט גרויסע רייכטימער און איז געבליעבען רויבער און בעטלער! ער האָט ערפונדען געניאלע הילפסווערקע צו פערגרינגערן זיין לעבען און דענקט נאָר דערפון, וויא אזוי דעם אנ־דערנס לעבען שווערער צו מאכען! ער האָט מעכטיגע מיטלען צו פערניכטען דיא הינדערניסע וועלכע דיא נאטור שטעלט איהם, און ער בענוצט זיך אם מייסטען מיט דיעזע מיטלען נאָר צו פערניכטען זיינע מיטמענשען! אלטער הערר, אדם'ס קינדער זיינען וויא א מאָל צוטיילט אויף הבל'ס און קין'ס: דיא ערשטע ווערען אימער ערמאָרדעט, דיא צווייטע בלייבען עוויגע מערדערס! אין'ם נייע גע־בילדעטען מענשען זיצט דער אלטער אדם!

ג אָ ט ט: דער נייע־געבילדעטער מענש, וויא איך זעה, גע־פעלט דיר ניט. דיא ווארהייט געזאָגט, מיר אליין איז אויך דער אלטמאָדישער מענש פיעל סימפּאטישער. זאָג מיר נאָר, האָסט גע־הערט, אָדער פיעלייכט אליין באגעגנעט דאָרט אויף דער ערד מיין טרייען ליעבען קנעכט — הערשעלע דובראָוונער, זאָגאר פיר דעם גרעסטען גאָטט דער געטטער איז א פרייד צו האָבען אזא דיענער, און פערעהרער.

ש ט ן: הערשעלע סת״ם? הערשעלע דובראָוונער? איך קען איהם. א יוד א קינד פון דיין אלטען געליעבטען פאָלק. חע! חע! חע! ער שרייבט דיינע הייליגע געזעצע אויף פעל פון קעלבער און פערדיענט אייניגע גראָשענס אין דיין הייליגען נאָמען.

ג אָ ט ט: איז ער ניט מערקווירדיג פרום?

ש ט ן: יא, ער איז פרום, ווייל ער איז דום אונד אונוויסענד.

ג אָ ט ט: איז ער ניט איין ועלטענער גוטער מענש?

ש ט ן: יא, ער איז גוט, ווייל יעדער קבצן אז א בעל צדקה.

ג אָ ט ט: האָסט דוא נאָך געזעהען, ווער עס זאָל זיין אזוי ריין אין זיין פאמיליען לעבען, וויא מיין יוד?

ש ט ן: עס איז דערפאר, ווייל זיין עלענדעס לעבען ערוויי־טערט פון איהם יעדען נסיון.

ג אָ ט ט: איז ער ניט איין טרייער, אויפריכטיגער, איבערגע־בענער פריינד?

ש ט ן: עס איז דערפאר, ווייל ער האָט ניט מיט וואָס צו טיי־לען זיך מיט זיי.

ג אָ ט ט: שטן, שוויינ! ער איז איין עהרליכער מאן!

ש ט ן: מענשען זיינען עהרליך נאָר דאן, ווען דיא עהרליכ־קייט קאָסט זיי ניט טייער, אָדער ווען דיא עהרליכקייט ברענגט זיי פראָפיט, ערלויב מיר, איך זאָל איהם נעמען אויספּרובען, וועסט דוא אליין זעהען, וויא מע קען זיך פערלאָזען זאָגאר אויף דעם פיינ־סטען און בעסטען פון זיי.

ג אָ ט ט: איך וויל עס זעהען.

ש ט ן: גוט, אָבגעמאכט, דיעזע אויפגאבע וועט מיר ניט זעהר שווער זיין.

ג אָ ט ט: מיט וועלכע מיטלען דענקסט דוא אויף איהם ווירקען?

ש ט ן: דיין טרייען קנעכט איוב האָסט דוא ערלויבט פּרובען מיט צרות, א יעצטיגען יוד קען מען מיט צרות ניט פערשרעקען. דער געלערענטער דאָקטאָר פאוסט האָט מיר זיין זעעלע פערקויפט פיר איין אויגענבליק פערגעניעגען. אזוי האנדלען קען מען נאָר מיט

א גוי: א יוד וועט פאר פערגניגען טייער ניט בעצאָהלען. אלמעכ־טיגער העררּ, דוא ערלויב מיר איהם פרובען מיט געלד. יא מיט געלד, מיט קלינגערס....

גאָטט: דוא גלויבסט, דאָס בא דיעזען גוטען, פרומען, ערנ־סטען, מיט אללע געדאנקען אין מיין תורה פערטיעפטען, יודען, וועט שפּיעלען א ראָללע אזא אונווירדיגע זאך וויא געלד?

שטן: מענשען, וועלכע האָבען פרייהייט, רוהם, מאכט, לאנד, — אָפּפערן דאָס אללעס צוליעב געלד, א פשיטה שוין דער יוד, וואָס האָט אינם געלד זיין איינציגע שטיצע, זיין איינציגע בע־פריעדיגונג פון זיין עהרגייץ? אָה, דוא לאז מיך נאָר צו מיט א זעקעל געלד צו איהם, ועסט דוא זעהן, וואָס עס וועט ווערען פון זיין פרומקייט, גוטהייט, עהרליכקייט, פאמיליען לעבען, פריינד־שאפט און אלע איבעריגע טוגענדען, מיט וועלכע דוא שטאָלצירסט?

גאָטט: געה און פרוב!

שטן: אלטער העררּ, צווישען פיעלע האָסט דוא איינעם געהאט און דעם האָסט דוא שוין אויך פערלאָרען. איך וויים, מע קען בא א יודען קיינע מציאות האנדלען און דאָך, וועט עס מיך ביליג קאָסטען. (רעכענט אויף דיא פינגער) פרומקייט? דאָס איז איינע אלטע איינגעוואָרצעלטע געוואָהנהייט, פאר איהר וועל איך מוזען גוט בעצאָהלען. גוטהייט? דיעזע טוגענד האָבען זיי נאָר דאן, ווען זיי האלטען זיך ניט פיר קיין חכמים. וויא ער ווערט נאָר א חכם, אוים גוטהייט! חע! הע! פע! גוט איז נאָר א נארר! פאמיליען לעבען? דאָס איז נאָר א ליעגען פארדעקט מיט׳ן פארטוך פון פרומ־קייט. דאָס איז א פאָרם פון שקלאפעריי געשטיצט אויף געזעצע, זנות אונטער דער מאסקע פון אנשטענדיגקייט. ע! דיעזע טוגענד קען מען ביי זיי קויפען אָהן א גראָשען געלד, מע דארף נאָר בעטען מיין שוועסטער קינד, דער יצר הרע זאָל מיר א ביסעל אונטערהעל־פען, עהרליכקייט? נו, אויב ער האָט פרנסה פון עהרליכקייט, וועט מען איהם מוזען בעצאָהלען. אלטער העררּ, מיר וועלען האָבען שפּאס. איך וויים, דער שפּאס פון דיא געטטער קאָסט דעם מענשען נעבאך זעהער טהייער, עס איז אָבער זיין אייגענע שולד. ווייל דער

מענש זיין אונטערוואָרפען (ווינקט אויפן טראָהן), זאָל ער דולדען, ליידען און ערטראגען! (א קול שופר).

גאָטט: אייניגקייט און הארמאָני אין דיא הימלען, אין אלע וועלטען, אין דער אונבעגרייפליכען רוים, אין דער אונענדליכער צייט. (פערשווינדעט)

אלטע מלאכים: היה, הוה ויהיה!

חאָר יונגע מלאכים: שטארבען שטארבט אללעס,
וואָס עס איז און עס לעבט,
דאָס לעבען אליין איז אונשטערבליך.
שטערבליך איז דאָס נאָר, וואס עס וויל און עס שטרעבט.
דאָס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך.

אלטע מלאכים: דיא וואהרהייט איז עוויג, עוויג אונד איין:
גוטעס און שעהנעס איז ווארהייט אליין.

פאָרהאנג.

## פערזאנען :

| | |
|---|---|
| הערשעלע דובראָוונער, סת"ם | עטליכע און פערציג יאָהר |
| פעסעניו זיין ווייב | דיעזעלבע יאָהרען |
| ר' לייזער בדחן, זיין פאָטער | ביי 70 יאָהרען |
| פריידעניו, ציפעניו, זיינע פלעמעניצעס | 18 און 16 יאָהר |
| חאצקעל דראכמע, זיין פריינד, א וועבער, | עטליכע און פערציג יאָהר |
| דאָבע, זיין פרוי א קורצזיכטיגע | דיעזעלבע יאָהרען |
| מאָטעלע, זייער זוהן | ביי צוואנציג |
| אוריאל, מזיק | א יאָהר דרייסיג |

עס קומט פאָר אין דובראָוונע, רוסלאנד אין אונזער צייט.

## ערשטער אקט.

**אַ גרויסעס, אָרעמעס צוממער, צוויי פענסטער צום גאס, פערפרוירעז,** איין שויב אויסגעבראָכען און פערשטאָפּט מיט א שמאטע. אין מיטען שטוב א גרויסער ווייסער טיש, אויף וועלכען עס ליעגען עטליכע יריעות (פּערגאמענט) און א חומש, צוגעדעקט מיט אן אלטען פּרוכת. אויף'ן טיש ברענט א לאָמפּ, שטעהט א גרויסער טינטער מיט עטליכע געגזענע פעדערן, אָן א זייט נאָך א טיש באדעקט מיט א ווייסען טישטוך, ביי דער טיהר א'ן אויבען. ביים וואנד נעבען טיהר ברענען פינף חנוכה־ליכט־לאך. צווישען אויוועז און דער וואנד שטעהט א בעט, פערהאנגען מיט א רויטען פאָרהאנג. אויף'ן וואנד איין א שווארצען זעקעלע הענגט א פיעדעל.)

**פּ ע ס ע נ י ו :** (ביי וועלכער עס איז פערבונדען און מיט וואטע פערוויקעלט איין באק, שיילט קארטאָפּליעס ביים אויוועז, אין וועלכען עס ברענט פייער. זיא טראָגט אן אלטען ווארעמען בורנוס. ל י י ז ע ר און פ ר י י ד י נ י ו זיצען ביירע נעבען דיא חנוכה־ליכטלאך. ער רייסט פעדערן פון א גרויסען געגזענעם פליגעל און זיא שערט זייא ארום מיט א שעריל און שניצט אויס דריי־עקיגע שפּיצען.

**צ י פּ ע נ י ו** האלט איין פוס אויף א קליין ביינקעלע און בינדט צו דיא פאדעשווע פון שיך מיט א שטיקעל אָקראיקע.)

**פּ ע ס ע נ י ו :** נו, ציפּעלע, זאָלסט דו געזונד זיין, וואס קלייבסט דו זיך אזוי?

**צ י פּ ע נ י ו :** שוין, מומעניו! איך בינד צו דיא פּאָדמיאטקע צום שיך מיט א שטיקעל אָקראיקע, אז איך געה שלאָגט זיך אָן שניי און ביי יעדען טריט שיסט עס אוים: ליאפּ! ליאפּ! חא־חא־

חא! דאָס איז יא אז גאָטט ווילל, שיסט אפילו א פּאָדמעטקע. נו, וואס זאָל איך זיי זאגען?

פּ ע ס י נ י ו : וועסט זאגען, אז ר' חאצקעל, דאָבע און מאָ־טעלע — אלע זאָלען קומען באלד אהער. ביי אונז איז היינט א שמחה. אָי, מיינע ציין!

צ י פּ ע נ י ו : איך וועל זיי זאגען: ביי אונז איז היינט א גרויסער באלל, חא! חא! חא!

ל י י ז ע ר : נעהמט זיא און לאכט זיא! איין פרעהליכער קבצן איז בעסער פון צוויי אומעטיגע גבירים, חע־חע!

פּ ע ס ע נ י ו : שטיפערין, פּלאפּלעריו, זאָלל זיין א באלל. זאג זיי, ערשטענס, איז היינט דיא פינפטע ליכטעל. בייא לייטען עסטט מען היינט לאטקעס. מיר, אומשטיינס געזאגט, האָבען ניט קיין גענזענע שמאלץ און קיין הרעטשענע מעהל, וועלען מיר מאכען אזוי א סעודה... הערינג צוהאקען און... אָי, מיינע ציין!

צ י פּ ע נ י ו : איך וויים. וויא דער זיידע זאָגט צום גראַם: א סעודה וויא א דודע, הערינג געהאקטע און קארטאָפּליעם גע־באקטע. (פערבינדט דעם קאָפּ מיט אן אלטען ווארימען שאל.)

ל י יז ע ר : און ווייטאָג פון ציין מיט אביסעלע חריין. אי, ציפּקע סתם, מאכסט א תל פון מיין גראַם. שש! קום אהער, איך דארף דיר עפּעס זאגען בסוד (זאגט איהר אין אויער) זאג זיי... שש!... עס איז דאָ א גאנצער גראפין ראָזינקעס וויין, יין צמוקים!

צ י פּ ע נ י ו : (ווינקט צו איהם און לאכט.) אָה! משקה פון דער פּליאשקע?

פּ ע ס ע נ י ו : הער־זשע, צווייטענס, דער פעטער ענדיגט היינט אין א גוטע שעה דיא תורה, וועלכע ער שרייבט שוין זעקס חדשים. מיר האָבען א סיום התורה. זאָג זיי, דער פעטער האָט געזאגט, זיי זאָלען למען השם קומען. נא, ציפּעלע, טהו אָן מיין בורנוס, עס איז זעהר קאלט. (טהוט פון זיך אוים און ווארפט אויף איהר ארויף דעם בורנוס).

צ י פּ ע נ י ו : אייער בורנוס איז פונקט אויף מיין מאָס. חא־חא־הא! איך לויף! (אב.)

פעסעניו: אָי, מיינע ציין! מיר דאכט זיך, איך וועל זיך באלד אָנהייבען דראפּען אויף דיא וואַנד. פריידעניו, וואס טהוסט דו דאס? דו ווייסט ניט, אז ביי חנוכה־ליכט טאָר מען קיין ארבייט טהון? שווער לעבען, עס איז א גרויסע עבירה.

לייזער: (מיט'ן ניגון פון אקדמות) האָב ניט מורא, עס איז ניט קיין עבירה, עס איז פעדערן צו שרייבען א תורה.

פריידעניו: יא, מומעניו, דאס איז א היילינע ארבייט, איהר וועט פרעגען דעם פעטער. עס איז נאָך א מצוה. גאָטט'ס תורה און גאָטט'ס ליכט איז איינע און דיא זעלבע זאַך.

פעסעניו: אָי, מיינע צייהן: אזא ביטערע קעלט, ציפעניו זאָל זיך חלילה ניט פערקיהלען. איך וויים, איך האָב דיא ציין פערקיהלט, ווייל עס בלאָזט דאָ פון פענסטער. אָי, רבש"ע! עס זאָל זיך כאָטש מאכען נאָך וועמען צו שרייבען א ספר. מי דארף אזוי נויטהיג געלד. ציפעניו איז אָבגעריסען, אבגעשליסען— איהר האָט ביידע קיינע מלבושים'לאך... דו ביזט דאָך שוין א מויד, קיין עין הרע.. מען וואָלט דיר געדארפט מאכען א נייע פלאטיע און... און... איך וויים, אפשר וועסט דו גיך אין א גוטע שעה ווערען א כלה.

לייזער: אָי, איך וויים. שש! גיב אהער דעם אויער, (זאגט איהר אויף'ן אויער) דער גנב מאָטעלע איז ארויסגעוואקסען פון דער קאפּאָטעלע.

פריידעניו: איך וויל זיך ניט מאכען ניט־וויסענדיג. איך פערשטעה: ר' חאצקעל וויל, אז ביי מיר מיט זיין מאָטעלע זאָל זיין א שידוך? אָי איך וואָלט ניט געוואָלט שוין נעהמען אויף מיין קאָפּ אזא שווערען יאָך, נאָר אויב דער פעטער וועט זאגען, אז איך דארף א כלה ווערען, וועל איך געוויס פאָלגען. אבער קליי־דער איז א נארישקייט. איך וויל זאגען: עס איז זעהר א גרויסע עולה, וואס מען מאכט פאר אידישע טעכטער אזוי פיעל קליידער, ווען זיי ווערען כלות. איך מיין, אז טהייערע שעהנע קליידער איז א איבריגע זאַך. פון קעלט דארף מען ווארימע קליידער און פון מיאוס'קייט וועלען שעהנע קליידער ניט העלפען.

פ ע ס ע נ י ו : ביזט גערעכט : שעהנע קליידער האט אויס־געטראכט דער יצר הרע.

ל י י ז ע ר : מי זאגט יאקבי, אז דער ערסטער זשענסקי שניי־דער איז געווען דער ניט־דאָ־געדאכט אליין.

פ ע ס ע נ י ו : אי, שווער לעבען, נאָך וואס דארפט איהר איהם דערמאָהנען דאָ אין שטוב און נאָך ביי־נאכט? געוואלד מיינע ציין. אן אלטער מאן זאָל ניט וויסען עפּעס א תרופה צו ציין־ווייטאָג. אָי! הפּנים אייך הארט ניט?

פ ר י י ד ע נ י ו : מומעניו, מיט גראם קען מען ניט אב־שפּרעכען קיין ציין־ווייטאָג; איך מיין, פּארקעהרט, מי קען פון גראם צייהן־ווייטאָג קריגען. ווער רעדט נאָך פון'ם זיידען'ס גראם...

ל י י ז ע ר : שש... איך קען דיר זאגען בסוד : איך האָב זעהר א גוטע תרופה... דו זאגסט, מיך הארט ניט? וועסט באלד זעהען, (געהט און נעהמט פון ווינקעלע א בייזעם) דו, שנור לעבען, נעהם דעם בייזעם, לעג איהם אנידער מיט איין עק אויפ'ן שוועל, נעהם זיך מיט דער לינקער האנד פאר דער געשוואָלענער באק, וואס קוקסט דו? טהו וויא איך הייס דיר (זיא טהוט אלעס, וואס ער זאגט) איצט טרעט אריבער איבערן בייזעם דריי מאָל אהין און אהער, און ביי יעדען מאָל שפּיי אב און זאג. טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט!

פ ע ס ע נ י ו : (שפּאנט איבערן בייזעם) טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט! טפו, מיך הארט ניט!

ל י י ז ע ר : נו, שוטה, אז דיך הארט ניט, פאר וואס זאָל דאס מיך הארען?

פ ע ס ע נ י ו : (בייז) נא, וואס דעם שווער קען איינפאלען! (גיט א קוק אויפ'ן בייזעם און לאכט שטיל) הא־חא־חא!

פ ר י ד ע נ י ו : זיידע, הפּנים דער וואס איז אמאָל געווען א בדחן, בלייבט א בדחן ביז'ן טויט.

ל י י ז ע ר : (זינגט) יא, פריידעניו, א בדחן בלייבט אייביג א בדחן, א גנב בלייבט ביז'ן טויט א לאדחען און אפילו נאָך'ן טויט

ווינקט א מיידעל צו א שדכן. (א גערויש. פריידע לעגט דאס שעריל אָפּענערהייד אויף דעם טיש.)

פּ ע ס י נ י ו: שא! ווער געהט עס? (ציפּעניו לויפט אריין א פערפראָרענע.)

צ י פּ ע נ י ו: זיי געהען שוין. (טאנצט פון קעלט) אָי, א קעלט! זיידעניו, איך האָב זיי געזאגט אייער סוד: גראם, שטראם, מאך מיר א לעטניק... אי! דער פראָסט האָט מיך געשציפּעט ביי דיא אויערען און ביי דער נאָז. (פּעסי העלפט איהר אויסטהאָן זיך.) אי! וואס האָב איך געהערט ביי ר' חצקאל'ן? כומע, עס איז טאקי אן אמת? ע! דאָבע האָט מיר געזאָגט, אז עס קען זיין, אז ביי פריידע־ניו מיט מאָטעלען וועט היינט זיין... אָי! אָי! גנב! גנב! (ווארפט זיך קושען פריידען) א קבלת קנין, הא? (קושט) קבלת קנין? (קושט) קבלת קנין? (קושט.)

פ ר י י ד ע נ י ו: אָי! לאָז מיך אָב... זעה נאָר, וואס איז מיט דיר אזוי דיא שמחה?

צ י פּ ע נ י ו: איך וועל זיין א מחותנסטע, איך וועל טאנ־צען, איך וועל עססען לעקאך, איך וועל זיך בלאָזען מיט אללע מחותנים צו־גלייך. חא־חא־חא!

ל י י ז ע ר: (מיט א ניגון) און איך מן הסתם, וועל זאגען גראם: וויין שיינע כלה, ווייגט ווייבעלאך אללע... (א גערויש) אָי! מע געהט שוין. (ערשרעקט זיך, זעצט זיך אנידער און בלייבט שטיל).

פּ ע ס ע נ י ו: דאס איז אונזערע. (עפענט דיא טיהר) קומט אריין, קומט אריין! געסט, ברוך הבא. (חצקאל דאָבע און מאָטעלע אריין, אללע אין ווינטערדיגע קליידער).

א ל ל ע: גוטען אבענד! גוטען אבענד! (טהוען זיך אויס).

ד אָ ב ע: (קוקט זיך שטארק צו) וואס מאכסט דו, פריידעניו? (קושט זיא) קיין עין הרע, קיין בייזע אויג (שפּייט אָב דריי מאָל), שיינסט, וויא א גוט אויסגעבאקענער, געראטענער פּורים־קוילעטש. (קוקט זיך צו) אָי! גאָטט איז מיט אייך. ווער האָט עס געלאָזען

אָפּען דיא שעריל? א שעריל, חלילה, טאָר מען ניט לאָזען אָפּען. (מאכט צו דאס שעריל).

פּ ע ס ע נ י ו : זיצט, זיצט, ר' חצקאל, זיצט... דאָבע, לאָזט זיך ניט בעטען. (אללע זעצען זיך).

צ י פּ ע נ י ו : זיץ, מאָטעלע. (גיט איהם א ביינקעל אי, ער שעהמט זיך, דער גנב (מאָטעלע זעצט זיך.)

מ אָ ט ע ל ע : אז איהר וועט זאגען, אז איך שעם זיך, וועל איך זיך נאָך מעהר שעמען. שווייגט בעסער.

ח צ ק א ל : נו, וואס מאכט איהר, ר' לייזער? וויא געהען אייערע געשעפטען? אייערע שיפען אויף'ן ים זיינען ניט דער־טרונקען געוואָרען, אייערע מויערען ניט פערברענט געוואָרען, אייערע פּאָדריאַדען ניט קאליע געוואָרען?

ל י י ז ע ר : (שטיל) חלילה, ר' חצקאל, ביי מיר איז קיין זאך ניט דערטרונקען געוואָרען, און ניט קאליע געוואָרען.

ח צ ק א ל : נו, וואו איז דאס עפּעס אונזער ר' הערשעלע דובראָוונער? אונזער בראווער פרומאק, אונזער גרויסער למדן, אונזער זיידענער יוד? (קוקט זיך ארום) כל זמן ער איז ניטאָ, נום איך אויסרויכערן א ליולקע, — ער האָט עס פיינט, (פערויכערט), נאָ! ניט רויכערן, ניט שמעקען, ניט טרינקען, כמעט גאר ניט קיין בשר ודם. נו, וואו איז ער?

ל י י ז ע ר : איהר ווייסט דאָך, ווען ביים שרייבען דיא תורה קומט צום וואָרט „אדושם", געהט ער פריהער אין מקוה, ניט פאר איך געדאכט.

פּ ע ס ע נ י ו : שווער לעבען, איהר קענט דאָך זאגען, ער געהט אין וואסער.

ל י י ז ע ר : דו ווילסט ניט אין מקוה, זאָל זיין אין וואסער, אבי ער קומט פון דאָרט א נאסער (הייבט אויף ביים טיש דעם פרוכת) איהר זעהט ער האלט ביים לעצטען פסוק. ער דאַרף אָנשרייבען דעם לעצטען „אדושם", איז ער זיך געגאנגען טובל זיין.

ח צ ק א ל : איצט אין אזא קעלט טובל זיין זיך? עס דאַרף זיין א מאכל. ר' לייזער, איך מיין, היינטיגע צייטען איז ניטאָ

א סך אזעלכע בשר'ע אידען, וויא אייער הערשעלע איז. (זיי ריידען שטיל. דאָבע און פעסעניו ריידען שטיל).

צ י פ ע נ י ו : מאָטעלע, וואס שווייגט איהר? זאגט עפּעס!

מ אָ ט ע ל ע : איך וויים ניט וואס צו זאגען, איך בין ניט קיין בעל דרשן.

פ ר י י ד ע נ י ו : וואס מיינסטו, מע מוז רעדען? אמאָל אז מע שווייגט, איז א סך גלייכער. מיר דוכט זיך אז אָפט זאגען מענשען ליעגענס און רעדען נארישקייטען ווייל זיי ווילען ריידען אין דער צייט, ווען זיי האָבען ניט וואס צו זאגען...

צ י פ ע נ י ו : איאָ, ניט מיך מיינסט דו?....

פ ר י י ד ע נ י ו : האָט מען וואס צו זאגען, דארף מען רעדען, און אז נים — דארף מען שווייגען.

צ י פ ע ל ע : מיט מיר פריהער האָט ער געהאט וואס צו רעדען און פאר דיר האָט ער מורא.

מ אָ ט ע ל ע : וואס זאָל איך מורא האָבען? פריידע איז ניט קיין בער, און איך בין ניט קיין שרעקעדיגער.

ד אָ ב ע : (צו פעסי'ן) און איהר, ניט אין מיין מאָם געדאכט, האָט ווידער צייהן־וויטאָג? אָט פאָלגט מיך, נעהמט באבולע פאפיער, צושטעכט מיט א גאָפּעל וויא א מגן־דוד און....

ח צ ק א ל (קוקט אויף'ן וואנד) און דאס איז אונזער הער־שעלע'ס פידעלע? שפיעלט ער נאָך אמאָהל.

פ ר י י ד ע נ י ו : אך, זעהר זעלטען, ר' חצקאל, אמאָל שבת־צו־נאכט אָדער מוצאי יום טוב.

צ י פ ע נ י ו : אה, איהר האָט איהר דערמאָהנט! זיא ווערט דאָך פערצאפּעלט, ווען דער פעטער שפּיעלט.

פ ר י י ד ע נ י ו : יא. ווען דער פעטער שפּיעלט, ווייזט זיך מיר אוים אין שטוב ווערט ליכטיגער און פרייליכער. אללעס ארום אונז ווערט גאָר אנדערש, און דיא פידעלע רעדט און וויינט, מיר ווייזט זיך אוים, זיא דערצעהלט וואס דיא יודען האָבען געליטען אין גלות, און וואס עס וועט זיין אמאָל, שפּעטער, אין משיח'ס צייטען.

פ ע ס ע נ י ו: זיא שטארבט נאָך'ן פיערעל. זיא וואָלט ניט געגעסען, ניט געטרונקען, ניט געשלאָפען, אבי שפיעל איהר.

צ י פ ע נ י ו: איהר ווייסט, זיא זינגט דעם פעטערס „מזמור לדוד" פונקט אקוראט וויא דאס פידעלע שפיעלט.

ח צ ק א ל: יא, גאָטט האָט איהם בעשיינקט מיט אלע מעלות. מיר זיינען אויסגעוואקסען אין איינעם, אין חדר געווען חברים — זעהט איהר דאָך! איך בין ניט מעהר, וויא א בעל מלאכה, א וועבער, און ער איז א למדן, אן איידעלער מענש... דאכט זיך פערקעהרט, מיין טאטע איז געווען דער ערשטער גמרא מלמד אין דובראָוונע און זיין טאטע...

ל י י ז ע ר: זיין טאטע איז געווען און געבליעבען לייזער ברחן. נו, יא, נו, איך האָב געוואָלט מאכען פון איהם א כלי־זמר און ער שרייבט גאָר ספר תורות. (מיט א ניגון) עס מאכט זיך דער טאטע לעגט אויף א שטיוועל א לאטע און זיינע ליעבע בנים זיינען גוטע יונים.

פ ע ס ע נ י ו: שווער לעבען.

ל י י ז ע ר: (ערשראָקען) אָי! איך... איך... ר' חצקאל, איך האָב אייך עפּעס צו זאגען... שש! (זאגט איז אויער) זיא.. זיא זינגט דעם „מזמור לדוד" פונקט וויא ער שפיעלט.

ח צ ק א ל: אפשר, פריידעניו, איידער דער פעטער וועט קומען, וואָלסט דו אונז אביסעל געזונגען? עס איז חנוכה היינט, און פאר וואס זאָלען מיר זיך ניט אביסעל משמח זיין. וואס זאָגסט דו, מאָטעל גנב?

מ אָ ט ע ל ע: איך זאג, אז מי קען שפּיעלען, נעהמט מען און מען שפּיעלט (ניסט).

ד אָ ב ע: א שנות חיים טובים... מאָטעלע גיב זיך א ציה ביים אויער.

פ ר י י ד ע נ י ו: ניין, ר' חצקאל, איך קען ניט; דער פעטער זאגט, א פרוי דארף ניט זינגען, ווען מאנסבילען זיינען אין שטוב.

ח צ ק א ל: א פרוי? דו ביזט א פרוי! וויים איך! א מיידיל,

א קינד. ע, ניש'קשה. מעגסט זינגען, אזוי פסק'ען איך דעם דין. איז ריכטיג געפסק'ענט ?

פ ע ס ע נ י ו : זינג, נארר, הערשעלע וועט נאך ניט באלד קומען.

מ א ט ע ל ע : איך וואלט זיך קיינמאל ניט געלאזט בעטען. (אללע : זינג ! זינג !)

ח צ ק א ל : איך בין א פראסטער מענש ; אבער נאך מיין שכל נאך איז זינגען קיין מאל קיין עבירה ניט, אלואי זאל זיך נאר זינגען. א נו, פריידעניו, נאמיר הערען. (זינגט) זאגט א מיידעלע : מזמור לדוד....

פ ר י י ד ע נ י ו :(פאנגט אן, שעמעדיג) מזמור לדוד... אי, איך קען ניט.

צ י פ ע נ י ו : זעה נאר וויא זיא ברעקעלט זיך. (אללע : נו, שוין ! נו שוין אמאהל !)

פ ר י י ד ע נ י ו : (זינגט : מזמור לדוד ד' רועי לא אחסר. אללע הערען אויפמערקזאם. צום סוף העלפען אלע מאנסבילן אונטער).

צ י פ ע נ י ו : אי ! געוואלד, גזלנים ! דער פעטער געהט ! (א בעוועגונג. הערשעלע קומט אריין אין אן אלטען פעלץ. חצקאל געהט אנקעגען).

ה ע ר ש ע ל ע (מאכט מיט דיא הענד און מיט'ן קאפ, מען זאל איהם ניט טשעפען. וואשט דיא הענד, זעצט זיך צום טיש, קושט דעם חומש און שרייבט).

פ ע ס ע נ י ו : שש ! ער שרייבט דעם לעצטען פסוק. (אללע בלייבען שטיל, הערשעלע שרייבט).

ל י י ז ע ר (חצקאל'ן אויף'ן אויער) איהר ווייסט ? שש... ער שרייבט דעם לעצטען פסוק.

ה ע ר ש ע ל ע : (כאפט זיך אויף מיט פרייד) נשלמו חמשה חומשי תורה, תהלה לאל גדול ונורא, חזק !

ל י י ז ע ר און ח צ ק א ל : חזק, חזק ונתחזק ! (אלע ברומען מיט).

ה ע ר ש ע ל ע : גוטען אבענד אללע., וואס מאכסט דו, ר'

חצקאל? נא דיר מיין ברייטען שלום עליכם. (גיט איהם און מאַטלען דיא האנד). אז מי זעהט זיך געזונטערהייד, דארף מען שוין דאנקען און לויבען גאָט ב"ה. קינדערלאך. איך וועל אייך געבען חנוכה־געלד. חע־חע! עס איז ניטאָ בייא אונז קיין קלענערע קינדער, זיינען זיי דיא קליינינטשקע. דיר, פריידעניו, פינף איינציגע קאָפּקעלאך און דיר, ציפּעניו, דריי קאָפּקעס. און מאַטעלע, דו האָב קיין פּאראיבעל ניט, איך... (זוכט אין דיא קעשע־נעס) אויף מיין וואָרט, איך האָב מעהר ניט א גראָשען...

פּ ע ס ע נ י ו: הערשעניו, לעבען, דו האָסט דאָך ערשט גע־האט א גילען?

ה ע ר ש ע ל ע: איך האָב געהענדיג פון מרחץ באגעגענט.... נעבאך.... וואס דארף מען דערצעהלען? — איך האָב ניט מעהר א פרוטה.... מאַטעלע וועט מיר מוחל זיין...

ח צ ק א ל: וואס מיינסט דו, ר' הערשעלע, ביי מאַטלען איז א קאָפּיקע א מטבע? ער וועבט טלית קטן'ס וויא א מאלאדעץ און פערדיענט שוין פון 8 ביז 12 קערבלאך א חודש....

ד אָ ב ע: קיין עין הרע, קיין בייזע אויג... קיין קליפּה, קיין שליטה! (שפּייט דריי מאָל).

מ אָ ט ע ל ע: איך האָב געוואוסט, אז מי האלט דאָ דיא מיידלאך פאר קליינע קינדער, האָב איך געבראכט א דריידיל. איהר זעהט, א גאנצע מאשינע. (ווייזט א גרויסען דריידעל.)

צ י פּ ע נ י ו: אַי, לאָמיר טאקי שפּיעלען אין דריידיל. טרר! (גיט א דרעה) „נ", „ג", „ש", „ה".... איך וויים, דאס מאכט: נס גדול היה שם.... „נון" געווינט ניט, „שין" געווינט ניט. „ה" גע־ווינט, „גימל" געווינט... איאָ, איך גערדיינק?

ה ע ר ש ע ל ע: יא, קינדערלאך, א גרויסער נס איז געשעהן דאמאלס... און נאָר דורך נסים ונפלאות לעבען מיר אויף דער וועלט. געלויבט איז גאָטט און געלויבט איז זיין נאָמען.

ד אָ ב ע: מען זאגט, ווען אין דיא יודישע הייזער ברענען חנוכה־ליכטלאך, בעהאלטען זיך אלע קליפּות אין דיא גוי'עשע שטובער.

פ ע ס ע נ י ו : עס איז א קליינינקייט חנוכה? אָי! מיינע צייהן!....

ל י י ז ע ר : חנוכה איז א יום טוב א שעהנער, מען שטאָפּט אָן מיט לאטקעס דיא ציינער און מען נעהמט זיך שפּיעלען אין דרעדיל (א קוק אויף'ן זוהן און ערשרעקט זיך) ע, ר' חצקאל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: שש! ווייסט איהר ניט, ווען עס איז דער מולד?

צ י פ ע נ י ו : פריידעניו, זעץ זיך נעהנטער; ר' מאָטעל, דו האָסט קאפּקעס? מיר ועלען שפּיעלען...

מ אָ ט ע ל ע : ביי מיר איז אלע זעהר גרויס געלד... צוויי פּיטאקלעך און א גריווינקע...

פ ר י י ד ע נ י ו : איך וועל ניט שפּיעלען... איך האָב ליעב צו הערען פון וואס דער פעטער רעדט.

ה ע ר ש ע ל ע : שפּיעלט, קינדערלאך, מאכט אייך לוסטיג. בייא אונז אלע איז היינט יום טוב און ביי אייך קינדער, אויב עס איז באשערט פון גאָטט ב"ה, וועט אפשר היינט זיין א יום טוב שביום טוב...

ח צ ק א ל : דער גנב מאָטעל מאכט זיך ניט הערענדיג.... חע־חע־חע!

ה ע ר ש ע ל ע : איך האָב נאָר יסורים וואס פעסעניו קען זיך ניט משמח זיין מיט אונז אלע גלייך. זיא האָט נעבאך צייהן־ווייטאָג.... וואָלסט אפשר געפרעגט א מומחה?

ד אָ ב ע : אָי, יהושע משה דער מלמד איז זעהר א גרויסער מומחה... פאר צוויי קאָפּקעס שרייבט ער אָב צייהן־ווייטאָג אויף אן איי און קדחת אויף דריי מאנדלען...

ה ע ר ש ע ל ע : זיי־זשע מוחל, פעסעניו, גיב עפּעס כבוד דיא געסט און איך וועל מיט ר' חצקאל'ן איבערריידען (געהען אן א זייט און רעדען) טאטע, זיי־זשע מוחל, זיי זיך מטריח אהער. ר' חצקאל, איך מיין, עס איז אן אומכבוד מיר זאָלען זיך דאָ סוד'ען אָהן איהם... עס פאסט גלאט ניט, ווען אן עלטערער מענש איז אין שטוב (לייזער געהט צו זיי.)

ח צ ק א ל : כבוד אָב איז טאקי א גרויסע זאַך... אבער האָב קיין פאראיבעל ניט, איך בין א פּראָסטער שלש סעודות און נאָך מיין שכל נאָך : א מצוה איז גוט, ווען מע זאלצט זיא ניט איבער.

צ י פּ ע נ י ו : פריידעניו, דו ווייסט פון וואס זיי רעדען? ע! גנב!.... אזש בא מיר האָט אָנגעהויבען קלאפּען דער דופק... מאָטעל שטעלט אין קאָן א קאָפּיקע... (זיי שפּילען).

מ אָ ט ע ל ע : איך וועל בייא אייך באלד אלץ אבגעווינען...

פ ר י י ד ע נ י ו : יא! איך געווין קיין מאָל ניט.... שטענדיג פערשפּיעל איך. (פעסי שטעלט אויף'ן טיש א גראפין וויין און גלעזלאך).

פּ ע ס י נ י ו : אפשר וועלען דיא מאנסביל'ען דערווייליע מאכען א ברכה?

ד אָ ב ע (קוקט זיך צו צו דיא גלעזלאך) אָי! גאָטט איז מיט אייך! וואס הייסט, איהר שטעלט אויף'ן טיש א שצערבאטע גלעזעל? אז מע טרינקט פון א גלעזיל מיט א פּגימה, חלילה, קען דיא קליפּה, ניט־דאַ־געדאכט, ניט אין קיין יודישע שטוב גע־דאכט האָבען דיא שליטה.

פּ ע ס ע נ י ו : וואס רעדט איהר? און איך האָב ניט גע־וואוסט! (נעהמט צו דא גלעזיל) יודען, נו? הערשעניו, אפשר צוליעב חנוכה?

ה ע ר ש ע ל ע : יא, יא, זיי וועלען נעהמען צו ביסלאך וויין. דער טאטע זאָל געזונד זיין, און דו, ר' חצקאל... אויף מיר האָב קיין פאראיבעל ניט.... איך בין אליין אויף זיך א מקפּיד... עס איז ניט, חלילה, ווייל איך וויל זיך אויספּיינען געגען אנדערע, עס איז דערפאר, ווייל איך מיין : כל זמן דער יוד איז אין גלות, מעג ער טרינקען אביסעלע נאָר צו קדוש און הבדלה. וויא זאָגסט דו, ר' חצקאל, איך זאלץ אפשר איבער אביסעל, אבער דאס איז קיין חסרון ניט. זייט־זשע מוחל, טאטע... (פיהרט איהם צום טיש.)

ח צ ק א ל : איך בין א פּראָסטער מענש, אבער נאָך מיין שכל : אז עס מאכט זיך שוין יא באם יודען ווען עס איז א שמחה, מאַר וואס זאָל ער ניט א זופּ טהון און פארגעסען כאָטש אויף א

ווײלע זײנע צרות מיט זײן גלות? פאר וואס זאָל דעם גוי אָנקומען אין גאנצען? א יוד דארף, חלילה, ניט זײן קײן שכור, אבער אמאָל נעהמען אביסעל און מאכען פרײלאך דעם קבצן, — פאר וואס ניט?

ל י י ז ע ר: (גיסט זיך אָן א גלאָז ווײן, ווערט לעבעדיג) איז ער געגאנגען צו דערלאנגען אביסעל משקה פון דער פליאשקע. (גיט א קוק אויף'ן זוהן און דערשרעקט זיך) ע! איך מײן, לחיים, זאָל גאָטט געבען מיט מזל. (מאכט א ברכה און טרינקט זשאדנע.)

ח צ ק א ל: (נעהמט א גלאָז) פון אונזער קינדהײט אָן זײנען מיר געווען חברים, גוטע פרײנד, און איצט אויב גאָטט וועט העל־פען, וועלען מיר נאָך אפשר גיך ווערען קרובים אויך, לחיים! (טרינקט) וואס־זשע, ר' הערשעלע, מיר וועלען טרינקען און דו?

ה ע ר ש ע ל ע: און איך? פרײדעניו וועט אפשר הײנט אין א גוטע שעה ווערען א... א מיוחסת. איך וועל צוליעב איהר... איך מײן, צוליעב אייך אללע, שפּיעלען אביסעלע. (געהט נעהמען דאס פידעלע).

פ ר י י ד ע נ י ו: (לויפט צום פידעלע) אָי! דער פעטער וועט שפּיעלען! דער פעטער וועט שפּיעלען! (נעהמט פון וואנד דאס פידעלע) דער פעטער איז א גוטעטשקער... מיר ציטטערן אזש דיא הענד... איאָ מומעניו, איך בין אזש רויט געוואָרען? (נעהמט ארויס דאס פידעלע פון זעקיל מיט צארטליכקײט) אזוי, איז דאָ אלס וואָ־כעדיג, פּראָסט, און אז דער פעטער שפּיעלט, איז גלײך וויא עס קומט עפּעס פון אן אנדער וועלט... איך האָב מורא, דער פעטער וועט לאכען פון מיר, אָבער איך מײן, אזש דיא ערשטע פידעלע איז געקומען צו דעם מענשען דורך דעם, וואס א מלאך האָט זיא פער־לאָרען און זיא איז אראָפּגעפאלען פון דיא הימלען. (גיט הערשעלען דאס פיעדעלע.)

ה ע ר ש ע ל ע: יא, פרײדעניו, אלעס קומט פון'ם הימעל. גאָטט גיט דעם מענשען צרות און גיט איהם מיט וואס צו טרויס־טען זיך... ער גיט א שטימע צו לויבען גאָטט און צו זינגען... פון זײן פערגניעגען וועגען. ער גיט כלי זמר צו פרײזען דעם גרויסען

בורא העולמים און צו האָבען אליין אויך הנאָה. (לייזער טרעפט א צייט ווען דער זוהן קוקט ניט און טרינקט אויס נאָך א גלאָז. הערשעלע טאָנט דאס פידעלע, שמירט דעם בויגען מיט קאניפאל און אין דער צייט רעדט ער פערטראכט) א שעהנע תפלה איז מזמור לדוד ה׳ רועי לא אחסר. ווען גאָטט איז מיין פאסטוך, וואס קען מיר פעהלען? אויף גרינע גראָז, אויף שטילע וואסערען וועט ער מיך לאָזען רוהען, ער וועט דערקוויקען מיין זעעלע דערמיט, וואס ער פיהרט מיך אויף די וועגען פון גערעכטיגקייט... גם כי אלך בגיא צלמות, איך זאָל אפילו געהן אין דעם טהאל פון דעם שטן׳ס טויט, האָב איך קיין מורא ניט.

ד אָ ב ע : ניט דאָ געדאכט, ניט ביי נאכט דערמאָנענדיג.

ה ע ר ש ע ל ע : (פערטראכט) האָב איך קיין מורא ניט, ווארום ער, מיין גאָטט, איז מיט מיר! יא, ער, מיין גאָטט איז מיט מיר... (שפיעלט. אללע. אללע הערען אויפמערקזאם, בעזאָנדערס פרוידעניו. אי־מיצער קלאפט אין פענסטער.)

פ ע ס ע נ י ו : שא! דאכט זיך אימיצער קלאפט (אללע הערען זיך צו. עס הערט זיך א שטומע.)

ד אָ ב ע : אָי, מיר ווייזט זיך אויס, איך הער, א הונד וואָיעט. מען וואָלט געדארפט איבערקעהרען א שקראב...

ציפעניו : מיין שקראָב איז צוגעבונדען מיט א קראיקע. (לויפט צום טיער) ווער איז דאָרט? (מזיק עפענט די טיער, טראגט א שעהנעם פעלץ, ייעוורעפּעאישע קליידער).

מ ז י ק : האָט קיין פאראיבעל ניט, וואָינען דאָ יודען?

צ י פ ע נ י ו : איהר זעהט דאָך, אז ניט קיין טערקען. קומט אריין, און מאכט צו די טיער, זייט מוחל...

מ ז י ק (פארטשעפעט זיך פארן שוועל) פו! צום שווארץ יאהר! צום טייוועל!! שיר ניט געפאלען.

ד אָ ב ע : אָי! ניט דאָ געדאכט! ניט אין קיין שטוב געדאכט!

פ ע ס ע נ י ו : ר׳ יוד, ביי אונז אין שטוב דערמאָנען מיר ניט זיין נאָמען. מע הערט דאָ קיין קללה, קיין שעלטען, חלילה.

מ ז י ק : האָט קיין פעראיבעל ניט. גוטען אבענד. קודם כל וועל איך אייך אָהן הקדמות דערצעהלען, ווער איך בין און וויא איך קום אהער. איך בין אליין פון אָרשע... איך האנדעל מיט לאָ־טערעי צעטלאך...

א ל ל ע : וואס איז דאָס?

מ ז י ק : געווינס־צעטלאך. מען איהט א נומער און מען געווינט געלד. דורך אזא צעטעל איז זעהר גרינג צו ווערען א גביר... עס איז איצט חנוכה־צייט, בין איך אויף א פאאר טעג געקומען צו'ן אייך אין דובראָוונע. איך וויים, ביי נאכט זיצען איצט אין יעדע יודישע שטוב מענשען, געה איך אום און לעג פאָר מיינע צעטלען. איך האָב בריונשווייגער, לייפציגער, ווארשאָווער, (נעהמט ארוים פון בומאזשניק לאָטעריע צעטלען). איהר הערט? מע קען מיט איין מאָל געווינען 50 טויזענד און מע ווערט פלוצלינג א עושר.

פ ע ס ע נ י ו : וויפיעל? אָי! מיינע ציין!

מ ז י ק : פופציג טויזענד רובעל!

פ ע ס ע נ י ו : דו הערסט, הערשעלע?

ד אָ ב ע : דו, הערסט, חצקאל!

ה ע ר ש ע ל ע : מיך פעררריסט זעהר, וואס איהר האָט זיך אומזיסט מטריח געווען. דאָך, אז איהר זייט שוין דאָ, ווארימט זיך אָן. מיר טרייבען, חלילה, קיין מענשען פון שטוב. שלום עליכם. (גיט איהם דיא האנד) זיצט, מה שמיכם?

מ ז י ק : (זעצט זיך) מיין נאָמען איז אוריאל מזיק.

ד אָ ב ע : מזיק גאָר? ניט דאָ געדאכט.

צ י פ ע נ י ו : (שטיל) מאָטעל, דו הערסט א נאָמען?... (גיט איהם א קנייפ) מזיק! הא־חא! (זיי שפיעלען און לאכען).

מזיק! הא־חא! (זיי שפיעלען און לאכען).

ח צ ק א ל : מענשען מאכען זיך א געשעפט, האנדלען מיט דאס, וואס עס וועט זיך אמאָהל טרעפען. נאָך מיין שכל נאָך, פערקויפסט דו עטוואס? וויין מיר שוין דיא סחורה אויף דער פאָליצע.

מ ז י ק : (צייגט א לאָטערעי צעטעל) דאס איז דיא סחורה. עס איז א פּאפּיערעל? פּאפּיערענע געלד איז אויך ניט קיין סחורה, פון דעסטוועגען איז דאָס רייכקייט. אין דיא גרעסטע באנק־געשעפטען, אויף דיא בירזען זעהט מען אויך קיינע סחורות און נאָר דורך פּאפּירלאך ווערען איבערגעגעבען פון איינע האנד אין דיא אנדערע מיליאָנען, מיליארדען! אמת, דאָס צעטיל איז קיין געלד, אבער שטעלט אייך פאָר, פאר א פּאָאָר יובעל קויפט איהר א מעגליכקייט צו געווינען דאס גרויסע געווינס, און איהר קריעגט טויזענד מעגליכקייטען צו געווינען לכל הפחות אזוי פיעל, אז דאס שפּיעלען זאָל אייך גאָר נישט קאָסטען. איך לאָז אייך איבער אזא צעטיל און נעהם בייא אייך איצט קיין גראָשען געלד. איהר הערט? פאר גאָר נישט קריעגט איהר פון מיר א האָפנונג אין קעשעניע, אז אין א קורצע צייט ארום, ווערט איהר א'ן עושר. דאס אנשטאט צו לעבען אין א ענגע, פינסטערע, קאלטע שטוב, מיט אויסגעשלאָגענע פענסטער און צובראָכענע ביינקלאך, וועט איהר לעבען אין א שיינע, ווארימע, ליכטיגע דירה מיט גרויסע חדרים, מיט שיינע מעבעל, מיט טייערע קאָוויאָרען אויפ'ן פּאָל. אזא האָפנונג נאָר צו האָבען איז דאָך שוין עפּעס ווערטה... אָהן אזא צעטיל קענט איהר דאָך אפילו ניט האָפען, ווען עס איז פון זיך אראָפּוואָרפען דעם קבצן.

ה ע ר ש ע ל ע : ליעבער פריינד, איך נעהם האָפנונגען נור בייא מיין פאטער אין הימעל, און וואס איך געווין בייא איהם, דאס איז מיין געווינס... וואס ער גיט מיר, מיט דעם בין איך צו־פריעדען. וויא? האָפּפען אויף א פּאפּירענעם צעטעל, ווען איך האָב א גוטען אלמעכטיגען פאטער אין הימעל?!

מ ז י ק : וואס הייסט, ער גיט אייך? פּרובט אדרבה, טהוט גאָר נישט און פערלאָזט אייך ער זאָל אייך אראָפּוואָרפען פון הימ־מעל, וועט איהר ניט שטארבען פון הונגער? (לייזער טרינקט בגניבה.) זעהט איהר דען ניט, אז אויף דער וועלט, האָט ניט דער, וואס ווארט מע זאָל איהם געבען, — נאָר דער, וואס האָט שכל און נעהמט אליין? יא, אונזער גוטער, אלמעכטיגער פאטער אין

הימעל גיט אייך שכל, איהר זאָלט לעבען וויא א מענש און אויב איהר ווילט דוקה לעבען וויא א בהמה, — אָך, מיט'ן גרעסטען פערגניעגען. חא! חא! חא! וואס הייסט, איהר קענט נאָר האָפּפען צו'ן איהם? וואס מיינט איר, עס וועט זיך טרעפען צוליעב אייך א נס? גיט א קוק, אָט שפּיעלען דיא יונגע לייט אין דריידיל. (נעהמט דאס דרידיל) דאָ איז אויפגעשריעבען „נ", „ג", „ה", „ש"— נס גדול היה שם. דער „נון", דאס הייסט דער „נס" געווינט ניט. דער „שין"—דאס הייסט, שם דאָרטען געווינט אויך ניט. וואס דען געווינט? „ג" גדול, דאס וואס איז גרויס, פעהיג, בעגאבט. וואס געווינט נאָך? דער „ה", דאס הייסט. היה, דאס וואס איז געוועזן, דער פאקט, דיא ווירקליכקייט. א נס געווינט ניט, ניין! דאס וואס איז דאָרט, ווייס איך וואו, וואס מען זעהט ניט און מען בעגרייפט ניט, דאס געווינט ניט. ע! איהר זייט ניט קיין יוד...

ה ע ר ש ע ל ע : גאָטט איז מיט אייך! וואס הייסט, איך זאָל ניט זיין קיין יוד, חלילה?

מ ז י ק : עס רעדט זיך אזוי, דאס הייסט, זייט ניט קיין איינגעשפּארטער מענש און נעהמט דאס צעטיל. איך פערזיכער אייך. איהר וועט געווינען פופציג טויזענד. איהר הערט? אָהן מיהע, אָהן ליידען, אָהן קאָפּ־דרייעניש — פופציג טויזענד רובעל!

ה ע ר ש ע ל ע : אי, וועה איז מיר! לאָזט מיך צו רוה, איך בעט אייך! וואס הייסט, איך וועל געווינען 50 טויזענד? בא וועמען, וועל איך זייא געווינען? ווער וועט עס מיר אומזיסט געבען פופציג טויזענד? אז איך וועל זיין גליקליך און וועל געווינען, וועלען דאָך זיין אזוינע אונגליקליכע, וואס וועלען דיזע פופציג טויזענד פערשפּיעלען, חלילה, איך וועל דאָס ניט טהון! (בלייבט פערטראכט).

ל י י ז ע ר : אן עושר לעבט אָהן א מאַראָקע, ער גיט א סך צדקה. דיא צדקה אין פושקע, א וואָילטיג אין קישקע (ערשרעקט זיך) איך... איך וויל זאגען, הערשעלע, אז דאָס געלד, וואס מע געווינט צאָהלט אוים דיא קאזנע... וואס הארט דיך? זאָל זיא צאָהלען. (געהט צו מזיק'ען) שש! האָט קיין פאראיבעל ניט, איך האָב אייך

געוואָלט פרעגען : (אויפ'ן אויער) וויפיעל איז דער זייגער ? (זעצט זיך צוריק.)

הערשעלע : און א חוץ אלע זאכען, נאָך וואס דארף איך אזא אוצר מיט געלד ? איך וועל גאָר ניט וויסען, וואס מע טהוט מיט דעם.

חצקאל : ר' הערשעלע, דאס רעדסט דו שוין, זיי מיר מוחל, וויא א צו גרויסער תם. אז דו וועסט שוין קריגען דיא אפּותיקא, וועסט דו שוין וויסען וואס אויפצוטהאָן. אָט, למשל, איך בין א וועבער, מיין מאָטעל איז א וועבער, מיר וועבען כשרה טליתים און פערדיענען דערביי א טרפה מכה. ווער פערדיענט ? דער וואס וועבט ניט. מיר שלעפען מיט אונזערע צומאזאָליעטע הענד דיא הייסע קנישעס פון אויבען און ווער שלינגט זיי ? א דארמאיעדניק. פאר וואס ? ווייל מיר זיינען צו גרויסע קבצנים...

דאָבע : חצקאל, רעד ניט אזוי געגעז... איך האָב דיא הענד ניט געוואשען.

חצקאל : דו, אבער, ר' הערשעלע, זאָלסט האָבען געלד, וואָלטען מיר אין דער היים געהאט וועב-שטוהלען און מיר וואָלטען ניט געדארפט ארבייטען דער ניט-גוטער וויים אויף וועמען...

דאָבע : ניט דאָ געדאכט, ניט אין קיין אידישע שטוב געדאכט.

פּעסעניו : הערשעלע, מיט געלד' קען מען זיך אן עצה געבען. וואס דען, דלות מיט צייהן-ווייטאָג איז עפּעס א גרויסער מאכל ?

ציפּעניו : אונז וואָלט מען באלד געקויפט נייע ווארימע מלבושים. מיינע שיך וואָלטען ניט געוועזען פערבונדען מיט א אָקראיקע און פריידעניו'ן וואָלט מען געגעבען נדן און געמאכט שיינע חתונה-קליידער.

מאָטעלע : דער איד זאָל מיר געבען 50 טויזענד, וואָלט איך באלד צוגענומען אָהן קשיות...

דאָבע : ר' הערשעלע, אפשר האָט דער איד א גרינגע האנד ? מזל ווענדט זיך נאָר אין א גרינגע האנד.

פ ר י י ד ע נ י ו : איך דארף ניט קיין שיינע מלבושים. דער פעטער און מיר אללע זיינען שטענדיג געווען צופריעדען אהן געלד, און גליקליך אויך.

מ ז י ק : ער איז ניט געווען גליקליך און צופריעדען, ער האט נאר ניט געוואוסט, וואס איהם פעהלט. דיא אללע אונגליקליכע, וואס לעבען אין ארמוטה, וואלטען ניט געווען אזעלכע שרעקליכע קבצנים, ווען זיי וואלטען געוואוסט, וואס זיי פעהלט! ווען זיי וואלטען געפאָדערט בעסערעס, וואלטען זיי בעסערעס געהאט. זאגט אליין: פאר וואס, זאלט איהר ליידען הונגער, קעלט, נויט? פאר וואס זאלען אייערע קינדער געהען בארוועס און נאקעט? ווען איהר קענט געווינען 50 טויזענד און לעבען ברחבה? וואס רעד איך, פופציג טויזענד! איהר דארפט פערשטיין, געלד לויפט צו געלד. ועט איהר נאר האבען 50 טויזענד, וועלען זיך שוין דיא טויזענדער מעהרען און מעהרען. ר׳ הערשעלע, אויב איר ווילט זיך אליין ניט קיין גוטעס, האט רחמנות אויף דיא יונגע קינדער. זיי פאנגען ערשט אן צו לעבען אויף דער וועלט.

פ ע ס ע נ י ו : ער איז דען ניט גערעכט?

מ ז י ק : איהר האט נאר טעכטער?

ד א ב ע : זיא איז א בעזדיטעכע, ניט פאר מיר געדאכט, ניט פאר קיין יודישע טאכטער געדאכט.

פ ע ס ע נ י ו : (פריינדליך) גוטער פריינד, אונז האט גאָטט ב״ה ניט געגעבען קיין קינדער. דאס איז פלימעניצעס. ווען ציפעניו איז געבוירען געוואָרען, איז מיין שוועסטער געשטאָרבען, פריידעניו איז געווען אלט צוויי יאָהר. אט אזא קאראפוזעל געווען. האב איך זייא אויסגעהאָדעוועט און ערצויגען.

מ ז י ק : נעמט, נעמט א צעטיל. איך בעט בא אייך איצט ניט קיין גראָשען דערפאר און איהר טהוט קיינעם דערמיט קיין שלעכטס: זוכען מיטלען, וויא פטור צו ווערען פונ׳ם דלות איז קיין עולה ניט. (גיט הערשעלען מיט געוואלט א צעטיל) פופציג טויזענד וואלגערן זיך ניט אין דיא גאסען. 50 טויזענד!

פעסעניו: וויא אזוי וועלען מיר וויסען, אז מיר האבען געוואונען 50 טויזענד?

מזיק: אה, זייט רוהיג, איך וועל אייך שוין לאזען וויסען. איך היט עם אב: איך נעם א פראצענט דערפון.

פעסעניו: אזוי? איהר נעמט אראפ א חלק? בלייבט דאך שוין אונז ניט קיין פופציג טויזענד.

מזיק: ניין, חלילה, איך נעם ניט פון אייער טהייל, איהר קריעגט 50 טויזענד ביז איין גראשען.

הערשעלע: האט קיין פעראיבעל ניט, ר' יוד, איהר האט מיך גאר צוטומעלט. וואס הייסט? אי, גאטעניו פאטער, וואס זאל איך טהון? (האלט דעם צעטיל און ווייס ניט וואס צו טהון)

חאצקעל: ר' הערשעלע, האב קיין פאראיבעל ניט, איך בין א פראסטער מענש, אבער איך מוז דיר זאגען, דער יוד איז גע־רעכט. וואס הייסט, דוא פרעגסט גאטט, וואס דוא זאלסט טהון? דוא מיינסט איהם הארט טאקי באמוז, אויב דוא נעמסט א צעטיל צו ניין? נאך מיין שכל נאך: גאטט ב"ה איז טאקי גאטט און א מענש דארף זיין א מענש. וויל מען נעמען א צעטיל, — נעמט מען, — ניין? נעמט מען ניט. אבער איהם דארף מען ניט מישען אין אזעלכע זאכען.

הערשעלע: איך וועל אייך זאגען, אויב איך וועל חלילה געווינען, וועל איך וויסען, אז גאטט ב"ה האט מיר בעצאהלט פאר־אויס פאר אלע תורות, וואס איך וועל אנשרייבען ביז'ן טויט. איך וועל קענען זיצען רוהיג כל ימי און שרייבען ספר תרות פאר ארע־מע מנינים, פאר סאלדאטסקי שולען, פאר בית המדרשן און קלויזען.

מזיק: דאס וועלען מיר שוין זעהען, ווען איהר וועט גע־ווינען דעם געווינס.

הערשעלע: (בעטראכט דאס צעטיל) אי! ווער קען עס גלויבען, אז דורך א שטיקעל פאפיער קען מען ווערען א'ן עושר. אי! אי! טאטע פאטער אין הימעל, וויא גרויס זיינען דיינע וואונדער? מי כמוך באלים ד', מי כמוך נאדר בקידש, נורא תהלות עושה פלא?

פעסעניו: הערשעלע, אז מיר וועלען האבען געגוג געלד,

וועל איך קענען פאָהרען עפּיס צו א גוטען .יפּא און איך וועל נאָך אפשר אי"ה געבענטשט ווערען מיט א זון.

ד אָ ב ע: אָי, זאָלט איהר געזונד זיין, ווייס איך איצט א מיטעל צו קינדער. (שטיל, מזיק הערט) מען נעמט דיא אלטע טרוקע־נע הושענות, וואס דיא מאנזבילען שמייסען אָב און ווארפען ארויף אויף'ן ארון קודש, דיא הושענות פערקאָכט מען אזוי וויא טיי און מע טרינקט עס נייען מאָל.

ל י י ז ע ר: (קוקט זיך ארום און טרינקט) מע טרינקט נייען מאָל, מע דארף עס געדענקען.

מ ז י ק: (עפענט דעם בומאַזשניק, ביי איהם פאלט ארויס א גאָלדענער אימפעריאל. ער געהט אָן א זייט און שרייבט עפּיס אין דער זעלבער צייט זאגט ער:) ר' הערשעלע, צו קינדער איז דאָ א ריכ־טיגערער מיטעל.

צ י פּ ע נ י ו: א נו, פעטער לעבען, ווייזט מיר דאָס שיינע צעטעלע. (צייגט מאָטלען) זעהסט, מאָטעלע.

פ ר י י ד ע נ י ו: ווייס איך, וואס איז דאָרט דאָ וואס צו זעהען? (ציפּעניו גיט א שלעפּ ביי מאָטלען דאָס צעטיל און רייסט אָן.)

ה ע ר ש ע ל ע: (אויסער זיך) אָי! איהר האָט צוריסען? דער טייוועל זאָל אייך! אָי! גאָטעניו, שטראָף מיך ניט פאר דיא רייד. זעה נאָר, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען!

מ ז י ק: ניש קשה. עס שאדט ניט, ווען עס איז אביסעל צו־ריסען. איך זאָג, ר' הערש, צו קינדער איז דאָ א ריכטיגערער מיטעל א עהרליכער יוד טאָר ניט לעבען מיט א'ן עקרה א ווייב מעהר פון צעהן יאָהר. חע! חע! חע! איהר גט אָב אייער אלטעטשקע און נעמט אייער יונגע, שיינע פלעמעניצע (צייגט אויף פריידעניו.)

פ ר י י ד ע נ י ו: אָי! גאָט איז מיט אייך, וואָס רעדט איהר דאָס? וועה איז מיר! וואָס רעדט איהר? (זי א פארדעקט איהר געזיכט מיט דיא הענד).

פּ ע ס ע נ י ו: וואס? הא! (הערשעלע גיט א קוק אויף איהר און קערט זיך אב. פּעסעניו וויל עפּיס זאגען בייז, בעמערקט אבער דעם אימפּעריאל און טרעט ארויף מיט'ן פוס און בלייבט שטיין א צומישטע).

מזיק: חא! חא! חא! איך מאַך שפּאַס. א גוטע נאכט. עס איז ניט מעהר, וויא א שפּאַס. (טהוט אַן דעם פּעלץ).

דאָבע: חאצקעל, ער געהט דאָך שוין אוועק. אפשר וואלסט דוא אויך גענומען א צעטיל? פאר וואָס קומט זיי אליין פופציג טויזענד? אָה! זעהסט, מיר בייסט עפּיס דאָס רעכטע אויג, א סמן אז מיר וועלען טאקי האָבען יסורים (זיא קראצט דיא לינקע אויג).

חאצקעל: דאָבע, פערגינסט איהם שוין ניט? לאָז ער נאָר געווינען: וואָס ביי איהם, וואָס ביי מיר, דאָס איז אלץ איינס. דוא וועסט ניט האָבען קיין יסורים, ביי דיר בייזט גאָר דאָס לינקע אויג.

דאָבע: דאָס איז דאָס לינקע? איז דאָך דאָס גאָר א סמן פון א שמחה.

לייזער: (שכור) איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען א ביסעל משקה פון דער פּליאשקע. דוא ביזט, פריידעניו, א ריכטיגער מיטעל, זאָגט ער. זעהסט דוא, הערשעלע, דאָס איז שוין א גוטער געווינס... ער איז געגאַנגען צו דערלאַנגען...

הערשעלע: טאטעניו, זיי זיך מטריח, געה צו זיך, איך בעט דיך.

לייזער: ניין! ניין! (זינגט) איז ער געגאַנגען צו דער־לאַנגען...

הערשעלע: האָב קיין פעראיבעל ניט, טאטעניו, איך וויל דיר חלילה ניט פוגע בכבוד זיין. פארקערט, דו זאָלסט, חלילה, ניט ליידען קיין בזיונות (נעמט איהם אויף דיא הענד און טראָגט איהם).

לייזער: (דריגעט מיט דיא פיס און שרייט) ניין! ניין! לאָ מיך אָב! איז ער געגאַנגען צו דערלאַנגען...

מזיק: איך האָב זיי פערקויפט א לאָטעריע צעטיל גיכער, וויא איך האָב זיך גערעכט. געווינען א גרויס געווינס און ווערען גרינג א עושר איז ניט קיין קלייניקייט. חע! חע! א גוטע נאכט! (געהט.)

**פאָרהאנג.**

## צווייטער אקט.

(א רייכער זאל. לייזער זיצט אויף א קרעסלא און מאכט א מייזעלע פון זיין גרויסע רויטע נאָזטיכעל. ציפע שטעהט ביים שפיעגעל און פלעכט איהרע צעפּ. אויף א טישעל אין פּוטליאר ליעגט הערשעלעס פיעדעלע).

לייזער (גנבעט זיך צו צו איהר) קרע! איאַ דוא האָסט זיך דערשראָקען פאר דער מייזעלע? שש! אז דוא וועסט חתונה האָבען פאר מאָטלען וועל איך פאר דיינע שרצימלאך מאכען א זעל־כע חיהלאך.

ציפּעניו: וואָס הייסט, איך וועל חתונה האָבען פאר מיין שוועסטערס חתן?

לייזער: שש! (קוקט זיך ארום ערשראָקען) ניט גערעדט און ניט געטענהט. (זעצט זיך אין א ווינקעלע)

ציפּעניו: זיידע, זאָגט דעם אמת: אייך געפעלט דאָס, וואָס מיר זיינען איצט אריין אין דיא הויכע פענסטער? איך פיהל, גלייך איך זאָל טראָגען דעם פעטערס קאפּאָטע. עס איז עפּים ניט צוגעשניטען צו דער מאָס. חא! חא! חא! אויף מיין וואָרט, ווען דיא שיך זיינען געווען פערבונדען מיט א קראיקע, האָט עס בעסער גע־סקריפּעט.

לייזער: קעציל, עס איז נאָר ביז וואנען דיינע קבצנישע געוואָנהייטען וועלען זיך אויסוועבען. אָט איך פיהל בעסער, ווייל איך בין א געבוירענער גביר. שוטה, איז דען דאָס שלעכט, וואָס מע עסט אללע טאָג ראָסעל פלייש מיט ווייסע חלה און מע קען אָפּט א זופּ טהון א קאפּיטשקע? איז ער געגאנגען צו דערלאנגען

ציפּעניו: (חאפּט אונטער) א ביסעל משקה פון דער פליאשקע, ע! איהר ווייסט, מע לאכט פון אונז, מע רופט אונז: דיא נייע געבאקטע גבירים.

לייזער: וואָס מיינסט דוא, א אלט־געבאַקענער גביר איז געשמאַקער? איך וועל דיר זאגען דעם אמת, איך וואָלט געוועזן גאנץ צופריעדען, ווען... ווען... קום אהער, איך וועל דיר זאָגען בסוד (זיא לויפט צו איהם ער זאָגט איהר אין אויער) ציפּעניו ביי מיר איז ניט, וויא ביי אלע מענשען. (לויט) ביי לייטען האָט א זון דרך ארץ פאר א טאַטען און איך האָב מורא פאר הערשעניו.

ציפּעניו: וואָס האָט איהר מורא, ער וועט אייך אָב־שמייסען?

לייזער: יאָ! יאָ! פּשוט מורא. איך מאך זיך הארץ. כלומרשט איך בין א העלד, אָבער איך שרעק זיך פאר איהם. מיט'ן מויל בדחן איך זיך, אָבער דאָ פיהל איך גאר ניט פסחדיג. איך בין א קליין מענשעלע און ער צוקוועטשט מיך מיט זיין לומדות, מיט זיין פרומקייט, מיט זיין גוטסקייט. אז ער איז דאָ, ווערט לייזער בדחן נאָך מיט צוויי ווערשקעס קלענער וויא ער איז, ציפּעניו, און איצט זינד ער איז געוואָרען א נגיד, ווען ער גיט א קוק אויף מיר מיט זיינע קאלטע בערטראכטע אויגען, הויבט מיך אָן קיצלען אין דער פּאטילניצע. א פּנים פון געלד קריגט מען א פראָסט אין דיא אויגען... קינד, איך בין א קליין מענשעלע און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען.

ציפּעניו: איהר זייט א קליינער מענשעלע און איהר האָט ליעב א גרויסע גלעזעלע.

לייזער: יא, א קליינער מענשעלע בין איך איצט, אָבער עס איז געווען א צייט, א מאָל, שוין לאנג, ווען איך בין געווען אין מיין פאך גרויס און בעריהמט, ווען איך פלעג קומען אויף א חתונה, פלעגט מען ווייזען אויף מיר מיט דיא פינגער, אלע ווייבער פלעגען אָנהויבען ברומען, אלע מיידלאך קוויטשען פון פרייד: דאס איז ער! דאָס איז ער! און אז איך פלעג זיך אנידערשטעלען בדחנן פלעגט ווערען שטיל וויא אין א שול צו שמונה עשרה. מיינע אויגען פלעגען זיך אָנצינדען מיט א פייער, מיין הארץ פלעגט אָנהויבען פּאָכען און פלאטערן, אלע כלי־זמר פלעגען פון מיר בעגייסטערט ווערען און דיא ערשטע פיעדעלע פלעגט נאָך מיין באגער וויינען

און ריידען... וויא צו ונתנה תוקף פלעגען וויינען דיא ווייבער, דיא כלה האט געגאסען ביטערע טרערען. שכירע מאנזבילען פלעגען ניכטער ווערען. אהה! עס איז געווען א גוטע, א זיסע, א שיינע צייט. (בלייבט זיצען טרויעריג.)

ציפעניו: זיידעניו, וואס האט זיהר אייך פערזארגט? אז איהר ווילט, וועלען מיר באלד דא שפיעלען א חתונה? שטעלט אייך פאר, איך בין א כלה. אט זעץ איך זיך א נידער און פערשלייער זיך (דעקט צו דעם קאפ מיט א טיכעל) אזוי שפיעלען זיך איז ניט שלעכט (לאכט).

לייזער: דוא ווילסט הערען? נו, מהיכה תיתא. מאכט א פיעדעלע, טע דע דע דאם (זינגט וויא מען באזעצט א כלה און שטעלט זיך אויף א ביינקעל) אהה! ווײן, כלהלע, וויין, עס וועט שוין ניט זיין, וואס עס איז געווען...

ציפעניו: (מאכט זיך, זיא וויינט) אי!אי! אי! (ווישט כלומרשט דיא טרערען און חליפעט).

לייזער: דיינע פרייע טעג זיינען שוין אוועק, דוא שווימסט איצט צו צו א פרעמדען ברעג. דוא וועסט ניט לאכען מעהר און ניט זינגען, טראגען קייטען וועכט דוא זיין איצט געצוואונגען (ציפעניו הערט זיך צו ערנסט) דיין שעהנע יוגענד נעמט א'ן ענדע, אנשטאט טאטע און מאמע, וועסט דוא לעבען צווישען פרעמדע. דיין יונגע הארץ וועט זיין פולל מיט צרות, וויא מיט א הינדעלע נעבאך, וועט מען שלאגען מיט דיר כפרות (ציפע וויינט אויף צו אמת) וויא א יונגע קווייטעלע נעמט מען דיך פון דאנעט, אהה, וועה, גיך אבער וועסט דוא ווערען פערוויאנעט.

ציפעניו: אי! אויף מיין ווארט, עס ווערט טאקי קאלאמוטנע אויפן הארצען. (וויינט).

לייזער: כלה לעבען, עס קומט דיא ביטערע צייט, ווען פון דער היים וועסט דוא זיין זעהער ווייט (פעסעניו אריין בעלבתיש געקליידעט) און ווען דוא וועסט וויינען מיט ביטערע טרערען.

פעסעניו: אי, שווער לעבען, וואס אייך קען איינפאלען! (לייזער דערשרעקט זיך און זעצט זיך אין ווינקעלע). זעה נאר, דער

שווער מאכט חוזק און זיא וויינט. (ווישט איהר אב דיא טרערען) נאררעלע! שווער, אפנים אז עס איז גוט בלייבט קייז אנדער ארבייט ניט: אָדער שלאָפען אָדער וויינען. אויף מיין וואָרט. זינט מיר האָבען געוואונען דעם גרויסען געווינס, ווייס איך ניט, וואוהין איך זאָל זיך אהין טהון. און הערשעלע איז אויך עפעס אזוי וויא א פרעמ־דער געוואָרען. שטענדיג פערטראָגען, פערזאָרגט... אין אָרימקייט איז מען עפּים נעהנטער איינע צו דיא אנדערע.

ציפּעניו: וואָסזשע, מומעניו, איהר האָט שוין חרטה?

פּעסעניו: חרטה? חלילה... דאנקען גאָטט, מען שטעלט אלע טאָג דעם סאמאָוואר, עס איז ווארעם, עס איז דאָ וואָס אָנצו־טהון... אָבער איך האָב געמיינט, עס וועט זיין בעסער.

ציפּעניו: געווינען דעם געווינס איז אפשר ניט שלעכט, אָבער דאָס, וואָס צוזאמען מיט'ן געווינס האָבען מיר געוואונען אויך מזיק'ן אין שטוב אריין, דאָס מאכט קאליע דעם גאנצען צימעס. חא! חא!

פּעסעניו: נארר, ער איז דאָך א שותף. הערשעלע אליין איז דאָך וויא א בלינדער אין געשעפט.

לייזער: ווען הערשעלע וועט קענען מזיק'ן אָהן מזיק'ן, וועט מזיק מענען געמזיקט ווערען. (געררויש) שא! גזלנים! זיי געהען אהער.! (ערשרעקט זיך. זעצט זיך) לייזער, בעהאלט דעם ברחן (הערשעלע און מזיק אריין. הערשעלע אין א שיינע זיידענע קאפּאָטע, זיי זעצען פאָרט זייער געשפּרעך).

הערשעלע: פון וואנען ווייסט איהר דאָס אזעלכע זאכען? (זעצען זיך רעכטס).

מזיק: איך האָב געלייענט אללע ספרי הפילאָזאָפיע, וואָס איז דאָ אין העברעאיש.

הערשעלע: וואָס הייסט, עס זאָל ניט זיין קיין עונש, קיין שטראָף, יעדער מענש זאָל טהון וואָס ער גלוסט? וויא ווילדע חיות וועלען דאָך מענשען זינדיגען, רייסען און טרעטען איינע דיא אנדערע מיט דיא פיס! א מענש אָהן א צוים איז א בעשעפעניש פון גזלה מיט רציחה!

מ ז י ק : און איך זאָג, עס וואָלט געווען בעסער, מיר זאָלען זאָגען צו גאָטט: איך דארף ניט דיין שכר און וויל ניט דיין עונש. שטראָף מיך ניט און בעלאָהן מיך ניט, און גומיר זיין קוויט!

ה ע ר ש ע ל ע : אז עס זאָל ניט זיין קיין שכר ועונש, וואס דארף דער מענש לעבען אויף דער וועלט? אונזער פרייד איז צו קעמפּפען געגען דעם, וואס מען טאָר ניט און אונזער גליק איז צו טהון, דאס וואס עס איז גוט און הייליג, אָהן דעם איז דער מענש קיין מענש ניט.

ל י י ז ע ר : (אונערוואַרטעט) א מענש איז ווי א שוויין, ער ווייסט ניט וויא אוים און וויא איין (בעגעגענט הערשעלעס בייזען בליק.) ר' אוריאל, זייט זשע מוחל (מזיק געהט צו צו איהם) שש! איך האָב אייך געוואָלט פרעגען וויפיעל איז דער זייגער?

מ ז י ק : ר' הערשעלע דובראָוונערס טאטע זאָל זיך אזוי נאריש מאכען.

ה ע ר ש ע ל ע : (מיט פערדרוס) טאטע, האָב קיין פעראיבעל ניט, פאר וואס זיצט דוא ניט בא זיך? דו האָסט איצט א בעזונ־דערן אלקער. (לייזער גיט א קוק, גלייך ער וויל עפּיס זאָגען, דער־שרעקט זיך און געהט ראש אב), יא, גאָטט ב"ה, האָט בעשאפען שלעכטעס כדי דער מענש זאָל קענען גוטעס טהון.

מ ז י ק : וויא באלד ניט דער מענש האָט דאָס שלעכטעס בעשאפען, פאר וואָס זאָל דער מענש בעשטראפט ווערען דערפאר, וואָס איז ניט דורך איהם געקומען אויף דער וועלט? (נעמט ארויס סיגארען, פעררויכערט) רויכערט א סיגאר, ר' הערש, עס איז זעהער גוטע סיגארען.

ה ע ר ש ע ל ע : א סיגאר איז א ביטערער לוקסוס פון רויך. ר' אוריאל, גאָטט האָט בעשאפען גוטעס און שלעכטעס און האָט דעם מענשען געגעבען א פרייען ווילען. דעם מענשענס ווילען איז גאנץ פריי. (מזיק קוקט אויף איהם לאנג)

צ י פ ע נ י ו : איהר פערשטייט וואָס זיי רעדען? זיי רעדען איצט אויף קמיעה לשון. נום איך בעסער געהען צום זיידען, ער איז אוועק פון דאנען, וויא א אָבגעשמיסענער, געבאך. (אב)

מזיק: איהר זאגט, דער מענש האָט א פרייען ווילל'ען?.. ע! איר פרובט דיא סיגארע, עס איז א'ן אייסגעצייכענטע סיגארע זאָג איך אייך.

הערשעלע: וויים איך. א נו גיט נום איך פרובען. (פער־רויכערט).

מזיק: א פרייער ווילען, זאָגט איהר? נו, יא, מען זעהט דאָך. וויא קען זיין א פרייער ווילען, אז דער ווילען איז פערצוימט, פערשמידעט?... ווען דאָס וואס איר ווילט, דארפט איר זיך ניט ערלויבען, דאָס וואָס אייך געפעלט איז פערבאָטען, דאָס וואָס איר פערלאנגט איז ניט ערלויבט דורך געזעצע, זיטטען, מנהגים, פאלשע מיינונגען, נארישע געוואָהנהייטען!.. ניין! וויא באלד עס עקזיסטירט מען טאָר און מען טאָר ניט, מוז דער ווילען זיין פער־קריפעלט. אָבער מיר לאָזען זיך אריין צו טיעף אין חקירה, איך דארף מיט אייך ריידען פון געשעפט.

הערשעלע: פעסי, זיי זשע מוחל, מיר דארפען דאָ רע־דען (צייגט זיא זאָל ארויסגיין).

פעסעניו: א מאָל, ווען דוא פלעגסט שרייבען תורות, פלעג איך קענען זיצען, ארבייטען א זאק, קוקען און האָבען פער־גניעגען פון דיר און היינט? נו, זאָל זיין אווי (אָב).

הערשעלע: אָי; זיא האָט מיך דערמאָנט, איך קלייב זיך נאָך אלץ אָנפאנגען שרייבען א תורה, וועלכע איך האָב צוגעזאָגט מנדב צו זיין, און קען זיך אלץ קיין צייט ניט געפינען.

מזיק: איהר וועט מסתמה שפעטער געפינען א צייט. ר' הערש, איך וויל מיט אייך רעדען פון זעהער א וויכטיגען געשעפט. איך האָב א פלאן...

הערשעלע: אָי, דיא געשעפטען! איך האָב מורא פאר זיי ניט אומזיסט האָבען דיא חכמים געזאָגט, אז דער האנדעל איז א גזלנות... קרע! (פערהוסט זיך פון דער סיגארע און ווארפט זיא פאָרט) פע!...

מזיק: אמאָל איז אפשר דאס האנדל'ען געווען א רויבעריי, היינט איז דאס א פרייע קאָנקורענץ. איהר נעהמט מיט געוואלט

ביי קיינעם ניט אב. איהר ווילט ריזיקירען מיט אייער געלד און עפּעם אונטערנעהמען? טהוט. דער אנדערער וויל אויך דאס זעלבע טהון? קיינער פערוועהרט איהם ניט. האָסט שכל, וועסטו פערדיענען. האָסט ניט קיין שכל? וועסטו ברעכען דעם קאָפּ.... הערט, איך מיין, מיר זאָלען אויפהערען געבען געלד אויף פּראָצענט... ערשטענס, איהר זייט אן עהרליכער איד, און אייך פּאסט עס גאָר ניט. אמת, מיר געבען געלד נור מיט א שטר עיסקא אין וועלכער מיר שרייבען, אז דער פּראָצענט וואס מיר נעהמען איז קיין פּראָצענט ניט. אבער נאָך וואס זאָלט איהר נאררען גאָטט מיט אזא פּאָרטעל? דאָס וואָלט מיך נאָך ניט אזוי געהארט, עס איז א דאגה, נאררט איהם, אז ער לאָזט זיך.

הערשעלע: אוי, ר' אוריאל, זייט איהר אן אייזערנער אפּיקורס!... הארט אוים, גאָטט וועט אייך אבגעבען דערפאר מיט פּראָצענט און אָהן א שטר עיסקא. חע־חע!

מזיק: צווייטענס, אין אזא קליינע שטעדטיל וועלען אונזערע פּראָצענט־אָפּעראציעס ניט קענען פערוואנדעלט ווערען אין א גרויסען באנק־געשעפט. מיר קענען שטענדיג האָבען קבצן'ישע קליענטען מיט קליינע הלוואות... קבצנים טויגען בעסער צו אן אנדער זאך, פּשוט צו דער ארבייט, אָבער ניט צו פּראָצענט...

הערשעלע: ר' אוריאל, איך וויים נאָר איין זאך: וואס מיר זאָלען ניט טהאָן מיט'ן געלד, עס איז ניט ספרי תורות שרייבען. ווען איך האָב געשריעבען א ספר האָב איך געוואוסט, אז איך וועל דערפון קיין עושר ניט ווערען, איך האָב זיך אבער געפיהלט גליקליך דערמיט, וואס איך האָב געטהאָן א הייליגע ארבייט, א מלאכת אלקים. הפּנים דיא בעפריעדיגונג ליעגט ניט אין דער זאך אליין, וואס מיר טהוען, נאָר אין דעם ציעל, צוליעב וואס מיר טהוען דאס, וואס איז דער ציעל פון רייכקייט?

מזיק: אוי, הערט אויף צו זיין א בעל חלום. זייט א פּראקטישער מענש און האָט פּראקטישע ציעלען!

הערשעלע: אז איך וויים ניט, נאָך וואס דארף איך דאס!

מ ז י ק : טייערער פריינד, זאָגט מיר נאָר, איר וואָלט גע־וואָלט ווערען צוריק א קבצן, וואלגערן זיך אין א פינסטערע, קאַלטע דירה, געהן באָרוועס און נאקעט און עסען בולבע מיט ברויט?

ה ע ר ש ע נ י ו : דעם אמת געזאגט: ניין! אבער אז איך בין זאט און אָנגעטהאָן, נאָך וואס זאָל איך זוכען נאָך מעהר עשירות? איך וועל דען קענען עסען פינף ווארעמעסען און טראָ־גען 7 קאפאָטעס?

מ ז י ק : נאָך וואס? וואס רייכער איהר וועט זיין, וועט איהר ווערען אַלץ פרייער, שטארקער, קלוגער. איהר וועט האָבען מעהר כבוד, מעהר פערגניגען, איהר וועט קענען מאכען גליקליך זיך און אייערע קינדער נאָך אייך. יא! יא! איהר קענט נאָך האָבען קינדער, איהר זייט א יונגער מאן, פול מיט לעבען, מיט קראפט.

ה ע ר ש ע ל ע : קינדער? אוי? רעדט מיר ניט דערפון, איך בעט אייך. דאס רופט ביי מיר ארויס שרעקליכע, זינדיגע געדאנקען.

מ ז י ק : דער מענש, וואס האָט ענערגיע שרעקט זיך ניט, ער עררייכט שטענדיג אַלעס, צו וואס ער שטרעבט. א שוואכער מענש זינדיגט אבער יעדען אויגענבליק מיט זיינע געדאנקען. דער שטארקער מענש טהוט אָב מיט איין מאָל. איז דאָס א זינד, האָט ער איין מאָל געזינדיגט. איז דען בעסער טויזענד מאָל זינדיגען מיט דיא געדאנקען, איידער איין מאָל מיט א טהאטזאכע? אוי, זייט ניט קיין צבוע'יאק!

ה ע ר ש ע ל ע : דאס איז אמת. גאָטט ווייס דאָך שוין, אז איך וויל זינדיגען און אז איך זינדיג מיט דיא געדאנקען! ווייל מיר האָבען אבער מורא פאר מענשען, זיינען מיר פאלש און פערבאָרגען...

מ ז י ק : אבער, ר' הערשעלע, הערט אויס מיין פּלאן: עס האנדעלט זיך אויך וועגען א הייליגע ארבייט, א מלאכת אלהים. מיליאָנען יודען דארפען נאָך דערוויילע האָבען טליתים... דאָ אין שטעדטיל ווערען דיא טליתים פאבריצירט פון קליינע אונטער־

נעהמער, אָדער פון דיא ארבייטער, פון דיא וועבער אליין... מיר וועלען דאָ ערעפנען א טליתים פאבריק מיט מאשינען, דאמפף און אלע זיעבען זאכען... דיא קליינע אונטערנעהמער וועלען אונז מוזען אפראמען דעם וועג און דיא ארבייטער וועלען מיט דאנקבארקייט געהן אלע צו אונז ארבייטען. בערעכענט נאָר, וואס איהר טהוט אויף: איהר בעשעפטיגט אייך מיט א געטליכע סחורה, איהר גיט ארבייט הונדערטער אָרימע לייט, איהר וועט דאס גאנצע שטעדטיל אָנפילען מיט קאָמערציע און פרנסה. דיא עהרליכע אידען וועלען קענען האָבען גוטע טליתים און בילליג... ווארום אונז וועט זיך לוינען.

הערשעלע: זעהט איהר, דאס געפעלט מיר! דאָס איז א גוטער פּלאַן! א זאך וואס קען זיין גוט און ניצליך פאר אלע, דאס געפעלט מיר! ר' אוריאל, איהר האָט א גוטען קאָפּ און איך מיין, אז קיין בעסערען בעל עצה האָט מיר גאָט ב"ה ניט געקענט צושיקען... יא, גאָטעניו פאטער, דער פּלאַן געפעלט מיר! (זיפצט).

מזיק: דער פּלאַן געפעלט אייך, דער בעל עצה, גאָטט זיי דאנק, געפעלט אייך אויך און דאָך זייט איהר עפּעס אזוי אונ־מוטהיג. ר' הערשעלע, איהר האָט יסורים. איך פיהל, איהר טראגט אין הארצען א פערבאָרגענעם ווייטאָג. (פלוצלינג פריידע־ניו'ס שטימע. זיא זינגט „מזמור לדוד" זיי בלייבען שטיל. מזיק בע־טראכט איהם).

הערשעלע: ר' אוריאל, איהר זייט א קלוגער מענש, איהר זייט מיר געוויס ניט קיין שונא... איך האָב שוין לאנג געוואָלט מיט אייך זיך אן עצה האלטען... אויף זיך אליין האָב איך מורא צו פערלאָזען זיך אין אזא זאך... עס איז קיין קלייניגקייט ניט. און... און... איך וועל אייך זאגען דעם אמת: אויב איך זינדיג אָפּט מיט מיינע געדאנקען, אויב איך טראָג א ווייטאָג אין הארצען, זייט איהר אין דעם אויך אביסעל שולדיג.

מזיק: איך? גאָטט איז מיט אייך!

הערשעלע: נאָך לאנג... דעם ערשטען אבענד ווען איהר

זייט געווען ביי אונז.... האָט איהר געזאָגט : אז... אז פריידעניו... מיין ווייב'ס פלימעניצע... אז...

מ ז י ק : וואס האָב איך, חלילה געקענט זאגען פון פריידעניו?

(היראָניש) האָב איך געזאָגט, אז זיא איז שעהן וויא א ראָזע אין מאָנאט מאי, רייצענד וויא דיא שטראהלען פון דער זונן, דאס איהרע צוויי אויגען זיינען וויא לייכטענדע שטערן, איהר שטימע וויא דיא מוזיק פון ענגעלן, איהרע צייהן געטאָקט פון פערלמוטער. איהרע ליפען וויא צוויי רויטע רובינען, איהר האלז געשניצט פון מארמעל?... אָדער וואס האָב איך געזאגט?

ה ע ר ש ע ל ע :ביידע זיינען זיי אויסגעוואקסען ביי מיר אין שטוב, אבער זיא איז מיר שטענדיג געווען ליעבער. מיט אייער איין וואָרט האָט איהר אויסגעגראָבען א געדאנק, וואס איז געווען טיעף בעהאלטען, פון וועלכען איך האָב פריהער קיין צייט און קיין העזה געהאט צו טראכטען... איצט וויל איך דעם געדאנק צוריק בעגראָבען און ער האלט זיך שטארק פאר מיין מוח... איך טרייב איהם פון זיך און ער לאָזט מיך ניט אָב. גאָטעניו, איך וויים ניט, וואָס זאָל איך טהון?

מ ז י ק : גאָטט האָט געשאפען אין'ם מענשענס לעבען פיעל פרייד און גליק... דער מענש דארף נאָר איינס טהון : לעבען און געניסען. נאָר איין מאָל לעבט מען אויף דער וועלט. ר' הערשעניו, דיא צייט שטעהט ניט, דיא יאהרען פליהען, דיא לוסט געהט פאָראיבער.

ה ע ר ש ע ל ע : וואס רעדט איהר דאס? דאס איז ניט קיין יודישע רייד, ניט קיין יודישע געדאנקען! לאָזט מיך! (מזיק האלט איהם) לאָזט מיך! איהר ווילט מיך פערגיפטען מיט אייערע אפיקורסישע געדאנקען! איהר ווילט מאכען א תל פון מיין לעצ־טען פונקען יודישקייט! לאָזט!

מ ז י ק : שא! וואס מאכט איהר אזא ליארם? טהוט, וויא איהר פערשטעהט. איך זאג אייך נאָר, עס איז דאָ געפיהלע, וועלכע ריידען צום יודען, וויא צו יעדען מענשען. פארקעהרט, אויב איהר זייט אין דער אמת'ן א פרומער, כשר'ער איד, וויא

קענט איהר לעבען מיט אן עקרה העכער צעהן יאהר? ווייסט איהר דען ניט, אז דאָס ווערט גערעכענט פאר אזא הטא, וויא אונן בן יהודה האָט געטהאָן, און עס קען זיין, איהר זייט גאָר חייב מיתה דערפאר? און א חוץ אללע זאכען טאקי וואס איז דעם מענשענס לעבען אויף דער וועלט אָהן קינדער? פאר וואָס זאָלט איהר אליין רויבען ביי זיך דעם גרעסטען נחת, דיא גרעסטע נחמה? איהר האָט איצט גענוג מיטלען אייער ווייב צו פערזאָרגען ביז'ן טויט... זיא וועט קענען לעבען בעסער, וויא איהר האָט זיך אמאָהל גע־חלום'ט... איהר ווילט מיך פאָלגען? טראכט ניט, וואנקט ניט, גענומען און געטהאָן און שוין... בייא אונז יודען טרעפען זיך אללע טאָג אזעלכע זאכען... גראָע גרייזע זקנים גט'ן זיך מיט זייערע אלטע ווייבער און נעהמען יונגע מיידלאך... איהר זייט נאָך א יונגער מאן. אָה! איהר טראכט צופיעל פון יעדע נאריש־קייט, דערפאר האָט איהר קיין בעשלאָסענהייט צו טהון עטוואס. (פריידע זינגט) הא? זיא געהט אָהער... אָי! וואס זאגט איהר פאָרט? איך האָב פערגעסען פערשליסען דיא קאססע (געהט און זינגט נאָך איהר: גם כי אלך בגיא צלמות, האָב איך ניט מורא פאר שלעכטס (צום הימעל איראָניש) כי אתה עמדי... דו ביזט מיט מיר. חא! חא! חא! (אב).

הערשעלע: הארט אויס, ר' אוריאל! בלייבט.. פונקט איצט נאָך דיא רייד בלייבען אליין מיט איהר. ווען דער גאנצער גוף ברענט און דער קאָפּ איז צומישט? דאכט זיך, וויא ער רעדט, איז דאָס א גערעכטע זאך... על פי דין בין איך אויך גערעכט... פון דעסטוועגען פיהל איך אָבער דאָך, אז מיר קומט ניט קיין קניפּ אין בעקעלע דערפאר... מסתמא איז דאָך דאס ניט זעהר כשר. ניט לאנג געטראכט, זאגט ער, גענומען און געטהון! (זעצט זיך לעבען טישעל וואו דאס פידעלע ליגט) גאָטעניו, איך האָב מורא, איך האָב מורא! איך האָב מורא! (ער קלאפּט צונויף דיא הענד און ציטערט אזוי, דאס צוזאמען מיט איהם ציטערט דאס טישעל. פריידע קומט.)

פריידעניו: פעטער, וואס איז מיט אייך? (ער פארדעקט זיין געזיכט) איהר פיהלט שלעכט, חלילה? (וויל נעהמען זיין

האנד, ער לאָזט ניט) וואס איז? איהר זייט בייז אויף מיר?

העׇרשעלע: יא, איך בין בייז, אבער ניט אויף דיר, חלילה, איך בין בייז אויף זיך... איך בין בייז, ווייל איך בין דיא לעצטע צייט ביסלעכווייז אלץ געוואָרען אן אנדערער... פריידעניו, איך האָב מורא, איך בין שוין ניט הערשיל דובראָוונער מעהר...

פריידעניו: איך זעה, איך פיהל און פערשטיי, דאָס דער מאן, וואס רעדט איצט צו מיר, איז ו׳ הערשעלע דובראָוונער און ניט קיין אנדערער...

הערשעלע: פריידעניו, דו ביזט א קלוגעטשקע, ביזט א גוטע, ביזט א כשר קינד און איך וויים, דיר מעג מען זאגען דעם גאנצען אמת... הער: איך לעב שוין מיט דער מוהמע עטליכע און צוואנציג יאהר און מיר האָבען ניט קיין קינדער... (זעהר אויפגע־רעגט) יא, מיר האָבען ניט קיין קינדער... איך האָב צו׳ן איהר חלילה גאר ניט, זיא איז א פרומע כשרה אידענע און האָט מיר, חלילה, קיינמאָל ניט אָנגעטהאָן קיין עגמת נפש... אבער... ע, פער־שטעהסט, אן עהרליכער איד טאָר ניט לעבען מיט א ווייב אן עקרה. א איד דארף חתונה האָבען נאָר צוליעב קינדער, אז ניט טאָר מען גאָר ניט חתונה האָבען... און א חוץ אללע זאכען, איך ווילל האָבען א קינד.. כאָטש איין קינד... יא! וועה איז מיר, ווען איך זאָל האָבען איין זוהן! יא, פריידעניו, הפנים איך וועל מוזען דער מומען געבען א גט.

פריידעניו: אָרימע, אונגליקליכע, מומעניו, וועה איז מיר פאר איהר הארץ!

הערשעלע: עס איז טאקי נעבאך זעהר א גרויסער רחמנות אויף איהר, אבער זיא איז אן עהרליכע אידענע און וועט געוויס מקבל באהבה זיין דאס, וואס ד׳ער אידישער דין פאָר־דערט... הער, פריידעניו, איך האָב דיך געוואָלט פרעגען... ע... ע... שטעל זיך פאָר, איך האָב זיא שוין אבגע׳גט און... און...

פריידעניו: איהר דארפט גאר ניט זאגען מעהר! איך זאָל זיין א פאלשע, וואָלט איך זיך געמאכט, אז איך פעשטעה גאָר ניט און וויים ניט פון וואס צו זאגען. איך וויל ניט זאגען קיין

ליעגען, פעטער... ניט אומזיסט האָט עס מיר געגעבען א קלאַפּ, וויא מיט א דוננער איבערן קאָפּ, ווען... דאמאָלס... חנוכה... צו דער פינפטער ליכטעל... איהר געדענקט, ווען ר' אוריאל האָט געזאָגט? ניט אומזיסט ווער איך פערציטערט יעדעס מאָל ווען איהר גיט א קוק אויף מיר!.... אבער פערגעסט ניט, זיא איז מיין צווייטע מוטער... און זאָל מיך גאָט שטראָפען, אויב איך וועל איהר, חלילה, עפּעס בייזעס טהון.

הערשעלע: קינד, ווער קען דאָס האָבען א הארץ איהר טהון שלעכטעס? אז זיא וועט ניט וועלען מיט איהר גוטען פרייען ווילען נעהמען א גט, וועל איך זיא ניט נויטען, חלילה... אָבער... אויב יא... און... און... אויב זיא אליין וועט איינוויליגען, אז ניט אן אנדערע, א פרעמדע זאָל פארנעהמען איהר פּלאַץ דאָ... וועסט דו... (ציטערט מיט'ן גאנצען קערפּער) וועט... מיינסט דו... אז... אַי! פריידעניו, וויא שווער עס איז צו ריידען פון אזעלכע זאכען! (זיי שווייגען ביידע לאנג.) דו שווייגסט?

פריידעניו: פעטער, איהר פיהלט אליין און איהר ווייסט, וואס איך קען ענטפערן... עס איז איבריג צו ריידען.

הערשעלע: אָה! פריידעניו, פארגעס ניט, דו ביזט א יונג קינד, און איך בין 42 יאָהר אלט.

פריידעניו: אָה! וואס רעדט איהר? אין מיינע אויגען, א יונגער מאן לעבען אייך ווייזט אויס וויא א נארישער קונדוס, א גאָר נישט! ווען איהר זאגט עטוואס איז גלייך, וויא א נביא רעדט און וואס איהר טהוט, — טהוט איהר וויא אן איידעלער, אונגעוועהנליכער מענש. אָה! פעטער, ווען איהר נעהמט אייער פידעלע און אייערע אויגען ווערען בעגייסטערט און דאס פּנים ווערט בעלייכטעט מיט א הימלישע ליכט, גלייך וויא דיא שכינה רוהט אויף אייך... דאן... דאן... מיין איך, אז מיין הארץ, מיין זעעלע, מיין לעבען, אללעס געהערט ניט מעהר צו מיר... און איך דענק, וויא גליקליך וואָלט איך געווען, ווען איך זאָל קענען ביז'ן טויט בלייבען אין דעם הויז, וואו איהר זייט! ווען איך זאָל קענען בלייבען בייא אייערע פיס. (לאָזט זיך אראָב

מיט א געפיהל פון פערגעטערונג צו זיינע פיס. הערשעלע גיט א קוק אויף איהר נעהמט דאס פידעלע און שפּיעלט „מזמור לדוד". זיא קוקט אויף איהם און סופלירט דיא ווערטער. ווען זיא זאגט: „גם כי אלך בגיא צלמות" קומט שטיל מ ז י ק און בלייבט שטעהן אונבעמערקט. נאך'ן שפּיעלען בלייבען ביידע לאנג שטילל.)

פ ר י י ד ע נ י ו : (מיט א פערשטיקטע שטימע) פעטער, איך מיין, אז איך האָב אייך ליעב...

ה ע ר ש ע ל ע : אבער... אויב... חלילה... טאָמיר, פריידעניו, זינדיגען מיר צו גאָטט ב"ה?

פ ר י י ד ע נ י ו : איך וויים ניט... עס קען זיין, אבער איך מיין, אז איך האָב אייך זעהר שטארק ליעב!

ה ע ר ש ע ל ע : קינד, פריידעניו, אפשר טאָרען מיר נאָך ניט דענקען דערפון... אפשר איז דאס אן אונגליק?

פ ר י י ד ע נ י ו : איך וויים גאָר ניט! פעטער, איך זאָג נאָר דעם אמת: איך האָב אייך ליעב.

ה ע ר ש ע ל ע : (אויסער זיך) אַי! געוואלד, רבונו של עולם! אויב עס איז אויף מיר חלילה נאָר אן אָנשיקעניש פון'ם שטן, העלף מיר! פערלאָז מיך ניט, גאָטעניו! איך האָב נאָך אין מיין לעבען ניט געפיהלט, וויא איך פיהל איצט! איך וועל חלילה פון זינען אראָפּ! איך וועל חס ושלום פערגעסען, אז איך בין א יוד, אז איך בין א מענש, אז עס איז דאָ הייליגע געבאָטט, אז עס איז דאָ א גאָטט, כביכול! אַי! איך...

מ ז י ק : ר' הערשעלע, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען... (פריידעניו ערוואכט וויא פון שלאָף. שטעהט אויף און געהט לאנזאם אב.)

ה ע ר ש ע ל ע : יא, ר' אוריאל, איהר זייט גערעכט, וויל מען עטוואס טהון, דארף מען ניט טראכטען א סך. ווארום וואס מעהר מען טראכט, זינדיגט מען מעהר. (צ י פּ ע נ י ו לויפט אריין און עפענט דיא טיהר פון מיטטען.)

צ י פּ ע נ י ו : נאָר כלי־זמר פעהלען, ווייטער איז דאס א גאנצע חתונה.. אללע מחותנים זיינען דאָ! חא־חא־חא! זייט

מקבל פּנים, חתן׳ס צד געהט! (פּ ע ס י ע ערשיינט.)

פּ ע ס ע נ י ו : (אין טיהר) קומט אריין! קומט אריין! הערשעלע איז דאָ!

(חצקאל, מאָטעל און דאָבע).

א ל ל ע : גאָטט העלף! גאָטט העלף! (מזיק נעהמט פּאפּיער זעצט זיך שרייבען.

פּ ע ס ע נ י ו : זיצט! זיצט! עס איז דאָך אזא שמחה, אז מען דערזעהט איצט א מענשען אין שטוב. איין ווייל... איך ברענג באלד איינגעמאכץ, לעקאך און פערבייסען (אב).

צ י פּ ע נ י ו : זעהט נאָר, מאָטעלע האָט עס א שעהנע נייע קאפּאָטע. פּי! (גיט א פּייף).

ד אָ ב ע : שטיפעריין, מען טאָר ניט פייפען אין שטוב: מען רופט צונויף דיא ניט־דאָ־געדאכטען.

מ אָ ט ע ל ע : זיא איז אליין א ניט־דאָ־געדאכט.

ח צ ק א ל : וואס מאכסט דו, ר׳ הערשעלע? דו זעהסט אוים, חלילה, וויא דיר פעהלט עפּעס.

מ ז י ק : (זיצט באַם טיש און שרייבט) יעדען מענש פעהלט עטוואס; דעם, וואס פעהלט גאָר ניט, דער איז קיין מענש ניט.

ח צ ק א ל : האָב קיין פאראיבעל ניט, האָסט אפשר איצט קיין צייט ניט? איך בין געקומען צו דיר ריידען מכח צוויי זאכען, צוויי ענינים. ר׳ הערשעלע, מיר זיינען אלטע גוטע פריינד און זינד גאָטט האָט דיר געהאָלפען און דו ביזט אויפגעקומען....

ד אָ ב ע : קיין עין הרע, קיין בייז אויג... דעם ניט גוטען אויף צופיקענים, טפו! (שפּייט).

ח צ ק א ל : ...האָב איך שטענדיג גערעכענט, אז דו האָסט, איז פּונקט אקוראט, וויא איך האָב... נאָר אז איך האָב ניט גע־דארפט, האָב איך ניט געבעטען.

ה ע ר ש ע ל ע : ביזט גערעכט, חצקאל... פארגעס אָבער ניט, איך האָב א שותף, ער האָט אויך א דעה. (מזיק געהט נעהמען פּאפּיר. ל י י ז ע ר קומט אריין שטיל, ערשראָקען און קוקט זיך ארום.)

ח צ ק א ל : איך בין א פּראָסטער שלש סעודות און וועל

דיר זאגען : נאָך מיין שכל, איז דאס, וואס דער מזיק איז א שותף אין׳ם געלד און האָט א דעה בייא דיר, — ניט זעהר יעלה ויבוא׳דיג.

ל י י ז ע ר : עס איז א יעלה ויבוא ויגיע ויראה וירצה וישמע ויפקד ויזכר (א קוק אויף׳ן זוהן און ער שרעקט זיך). ר׳ חצקאל, איין אויגענבליק (חצקאל געהט צו איהם) שש! איך האָב איך געוואָלט פרעגען : היינטיגען שבת בענשט מען ראש חודש? (ער זעצט זיך אין א ווינקעלע).

ח צ ק א ל : אי, דולט מיר ניט דיא פיאטע איצט מיט ראש חודש! (הערשעלע געהט צום פאטער און זאגט איהם עפּעס שטיל מיט כעס).

ד אָ ב ע : אי! וואס זאָגסט דו פּאָרט? מיר בייסט עפּעס אין נאָז, עס איז א סימן אז מען וועט זיך חלילה קריגען (מזיק געהט צו מאָטעלען.)

מ ז י ק : מ אָ ט ע ל ע, וואס איז דאָס? איהר טראָגט גאָר א אוירינגעל, וויא א אידענע?

מ אָ ט ע ל ע : יא, איך טראָג אן אויריגעל, אבער ניט וויא א יודענע, וויא א בחור. (ציפּעניו לאכט).

ד אָ ב ע : אי, לאנג לעבען זאָלט איהר, איהר ווייסט, וואס פאר אן אוירינגעל דאס איז? עס איז געקליבען געוואָרען זיעבען שטיקלאך זילבער פון זיעבען פּאָאר פּאָלק, וואס האָבען זיעבען שווער און שוויעגערס און זיעבען טאטעס און מאמעס. ער איז א ציטעריגער ביי אונז און דאס אוירינגעל איז א שמירה. כל זמן ער טראגט איהם, קען דער ניט־דאָ־געדאכט ניט שטעהן אין זיינע ד׳ אמות.

מ ז י ק : (בעטראכט דאס אוירינגעל) אזוי? דאס איז מערקווירדיג. (זעצט זיך צוריק.)

צ י פּ ע נ י ו : (גיט מאָטעלען א קניפּ) מאָטעלע, אז דו ביזט יא א ציטעריגער, פאר וואס ציטערסט דו ניט? (דאָבע גיט א מאך אויף איהר).

ה ע ר ש ע ל ע . (זעצט זיך צוריק אויף זיין אָרט) נו, חצקאל, לאָמיך הערען, וואס האָסט דו געוואָלט זאגען?

חצקאל: איך וועל דיר זאגען אָהן הקדמות: מיר מאכען איצט טליתים, איך און מיין מאַטעלע... מיר זיינען גוטע וועבער און אז מיר טהוען א מלאכה טהוען מיר!

דאָבע: אי, איז ער א בעל מלאכה, קיין בייזע אויג זאל איהם ניט שאדען. (שטיל) ער ווייסט ניט, אז איך גיב איהם טרינקען אלע אין דער פריה וואסער, געקאָכט אין קעפּלאך פון פּאַסטערנאַק מיט שאָלעכץ פון קנאָבעל, דאס איז זעהר גוט צום געזונד.

חצקאל: דיא בעלי־בתים, בייא וועלכע מיר ארבייטען, זיינען רוצחים און גזלנים. זיי זאָגען, אז בייא טליתים דארפען ארבייטען נאָר עהרליכע, כשר'ע אידען און אליין זיינען זיי טרפה הערצער און קעשענע־שניידער. הם! ער איז אליין א גנב און וויל דער ארבייטער זאל זיין א צדיק! האָבען מיר זיך מישב גע־ווען עטליכע וועבער און איך מיט מאַטלען און מיר ווילען מאכען א אייגענע חברותא... בעריל לאַפּטיוך איז אויך מיט אונז. ער ווייס פון אזא מין קראָכמאל, וואס אפילו פּראָסטע טליתים קענען אויס־ווייזען וויא זיידענע, וויא אנטיק מאָרע... אזוי מיט פאסען... בין איך געקומען, דו זאָלסט אונז געבען געלד... עס וועט הייסען: דו לאיסט מיר...

הערשעלע: יא, פאר וואס ניט? (א קוק אויף מזיק'ען און ערשרעקט זיך וויא לייזער). איך וואָלט דיר געוויס געגעבען, נאָר, דו פערשטעהסט, דו דארפסט דאס איצט גאָר אין גאנצען ניט. מיר עפענען דאָ, אי"ה, אין גיכען א גרויסע טליתים־פאבריק און איהר וועט אי"ה אללע זיין פערזאָרגט, אללע.

חצקאל: אזוי? נו, ווייסט דו וואָס? נאָמיר אללע זיין שותפות... איין חברותא...

הערשעלע: דו וועסט זעהען, דיא גאנצע שטעטיל וועט זיין כמעט אזוי וויא בשותפות מיט אונז. קיינער, חלילה, וועט זיך ניט נויטהיגען אין ארבייט און אין פרנסה.

חצקאל: אזוי? הייסט עס ניט געטאנצט מיט'ן בערן! נו, נו, מיר וועלען זעהען. איצט מכח דעם צווייטען עסק. איך

וואָלט דיך געוואָלט פרעגען, ר' הערשעלע, וואס הערט זיך מיט אונזער שידוך? פריידעניו איז עפּעס אי יא א כלה, אי ניט א כלה. עס איז עפּעס אזא שדוך, וואס איז ניט קיין טומטום און ניט קיין אנדרגנות... איך פערשטיי ניט, וואס דארף מען נאָך אָב־ציהען און אָבלעגען? אי מאָטעלע, אי פריידעניו, זיי זיינען שוין ביידע ראוי...

ד אָ ב ע : קיין בייזע אויג!

ח צ ק א ל : ראוי לחופה ולקדושין.

ל י י ז ע ר : ברוך אתה ד' מקדש עמו ישראל על ידי חופה וקדושין.

ה ע ר ש ע ל ע : (בייז) טאטע! (לייזער ערשרעקט זיך און בע־האַלט זיך אין זיין ווינקעלע.)

מ ז י ק : (געהט צו הערשעלען) איהר זעהט, דער חשבון איז ריכטיג. (שטיל) ר' הערשעלע, האָט איהר שוין אָנגעהויבען, שטעלט אייך ניט אָב אין מיטען וועג. געדענקט מיין עצה: גענומען און געטהאָן! (זעצט זיך צוריק).

ה ע ר ש ע ל ע : יא, ר' חצקאל, דו ביזט גערעכט. (ציטערט) מכח דעם איז ווירקליך צייט צו ריידען. איך וויל אָבער, מען זאָל פריהער... פריהער זאָל מען הערען, וואס זיא... וואָס פריידעניו אליין וועט זאָגען... (פּ ע ס י ע קומט מיט אַ פּאָדנאָס פול מיט פערבייסען און סאלפעטקעס.)

פּ ע ס ע נ י ו : איהר זעהט? ניט צו פערזינדיגען... (נעהמט א סאלפעטקע) אבער, אָט דיא זאכען וויים איך ניט, מען דארף דאס פאר'ן פערבייסען, אָדער נאָך'ן פערבייסען?... (שטעלט אויף'ן טיש).

צ י פּ ע נ י ו : אָט רוף איך שוין אריין פריידעניו. א סוף! דיא עלטערע שוועסטער אראָפּ פון מארק, וועט דיא אינגערע אויך קענען האָבען א האָפנונג. חא! חא! חא! זיידע, ווען איך וועל ווערען א כלה, וועט איהר מיך בעזעצען. (אָב, רעכטס). (הערשעלע ציטערט.)

פּ ע ס ע נ י ו: וואס איז, הערשעלע? זעהט, וויא ביי איהם ציטערען דיא הענד, גלייך וויא ער וויל, חלילה, אימיצען בע־

גזל'ענען. דאָבע, פערבייסט, דאָס איז געבאקען געוואָרען אויף הוילע ווייסעבלאָך פון אייער.

ד אָ ב ע : קיין עין הרע, געראטהען בייא אייך. אָט! אָט! מיר ווערען דאָך באלד אמת'ע מחותנת'טעס. (צוקושט זיך מיט איהר)

(פ ר י י ד ע און צ י פ ע קומען.)

ה ע ר ש על ע : פריידעניו, איך האָב דיך געוואָלט פרעגען... דאָס הייסט, ניט איך. ר' חצקאל פרעגט... ער וויל וויסען וואס הערט זיך מכח'ן שידוך.

ח צ ק א ל : איך וועל דיר זאגען, וויא א פראָסטער מענש: דו ביזט עפּעס צו קידער־ווידער'דיג. איך וויים, אפשר געפעלט דיר איצט ניט אונזער גאנצער משא ומתן? ביזט יעצט פון דיא גדולים און מאָטעל איז א זוהן פון חצקאל דראכמע.

פ ר י י ד ע נ י ו : דער שידוך? ר' חצקאל, איך וועל אייך זאָגען דעם אמת: קיין תנאים איז דאָך בייא אונז ניט געווען. אויב איך האָב פריהער געשוויגען, איז ניט ווייל מאָטעלע איז מיר געווען געפעלען. איך האָב נאָר געמיינט, אז עס דארף אזוי זיין... אָבער איצט... זייט ניט בייז אויף מיר, איך קען ניט...

ד אָ ב ע : מאָטעל האָט אויך ניט גע'חלש'ט נאָך דיר... פאר דיר האָט ער מורא און פאר ציפעניו'ן ניט... חצקאל, זעהסט? איך האָב דיר געזאָגט, איך האָב געזעהן אין חלום א שווארצע קאץ... אָט האָסטו דיר!

פ ע ס ע נ י ו : פריידעניו, דו ווילסט ניט דעם שידוך? וואס הייסט עפּעס? פאר וואס?

ל י י ז ע ר : (פון זיין ווינקעלע) זיא וויל בעסער בלייבען אין דער היים, אין אייגענע הענד...

ה ע ר ש ע ל ע : (בייז) טאטע, ווילסט זיצען וויא א מענש, זיץ דאָ. און אז ניט, וועל איך דיך בעטען, דו זאָלסט זיך מטריח זיין!...

צ י פ ע נ י ו : אזוי? איהר שטעהט ניט אָן! א גאנצע בת־מלכה געוואָרען. זאָג אליין, מומעניו, איז ניט א רחמנות אויף מאָטעלען?

מ אָ ט ע ל ע : מיינט ניט, איך וועל זיך שטארק נעהמען צום הארצען. איך מיין, עס איז ניט גוט צו האָבען א ווייב, פאר וועלכע מע מוז זיך שעמען...

צ י פּ ע נ י ו: געוויס דארף מען זיך שעמען פאר איהר זיא איז ניט פון אונזער משפחה!

פ ר י י ד ע נ י ו : איך בעט אייך, פערצאפּט מיר ניט דאָס בלוט אומזיסט.

צ י פּ ע נ י ו : איך מיין, מי מעג האָבען א פעטער א גביר, און זיין ר' חצקאל דראכמע'ס שנור איז גאָר קיין בזיון ניט.

פּ ע ס ע נ י ו : פריידעניו, אויב עס איז דערפאר, ווייל דעם פעטער האָט גאָטט ב"ה געהאָלפען און דו האלסט זיך גרויס, איז דאס זעהר א גרויסע עולה.

ד אָ ב ע : געדענקסט, מאָטעלע, אז מיר זיינען געגאנגען אהער האָבען מיר בעגעגענט א גויה מיט לעדיגע עמער. זעהסט? זיא וויל נאָך ניט אזא שידוך...

ח צ ק א ל : מיין מאָטעל איז בייא מיר חלילה ניט קיין זאוויאל, ניט קיין בראק... גאָר ניט, זיא וויל ניט, מסתמא ווייסט זיא דאָך פארוואס?

ה ע ר ש ע ל ע : איך וועל אייך ערקלערען פארוואָס. הערט אויס, מיר זיינען דאָ אייגענע מענשען, כמעט איין משפחה. אויב פריידעניו וויל ניט דעם שידוך, געפעלט אפשר דער שידוך ציפּעניו. איהר מעגט מיר גלויבען, זיא וועט געוויס קריגען נדן און כלה־מתנות וויא א בעל־הבית'יש קינד. אבער איך וויל מיט אייך איצט רעדען גאָר פון אנאנדער זאך... ניט פון דיא קינדער, איך וויל רעדען פון זיך אליין, דאָס הייסט: פון מיר און פון פּעסעניו. ראש חודש אלול איז געווארען 22 יאָהר נאָך אונזער חתונה, און וויא איהר ווייסט, גאָט האָט אונזער זיווג ניט געבענשט מיט קינדער. צוליעב וואָס לעבט א מענש, ווען ניט צוליעב קינדער?

פּ ע ס ע נ י ו : (טרויעריג) יא, אזוי איז דאָס. דיא ווייבער פלעגען זיך אָפּט וואונדערען, אזא עהרליכער יוד וויא הערשעלע זאָל לעבען אזוי פיעל יאָהר מיט אן עקרה. איך האָב אָבער זייא

שטענדיג געזאָגט: מיין הערשעלע איז גאר אן אנדער מענש, און דיא צוויי יתומות וואָס זיינען בייא אונז אין שטוב זיינען אונזערע קינדער (פריידעניו ווייגט). יא, פריידעניו, הערשעלע איז גערעכט: צו וואס לעבט א מענש, אויב ניט צוליעב קינדער? איהרביידע זייט אונזערע קינדער און מיר לעבען נאָר צוליעב אייך... (קושט פריידעניו'ן).

הערשעלע: דוא האָסט מיך ניט פערשטאנען, פעסעניו... ניט דאָס מיין איך... איך מיין... איך וועל האָבען אייגענע קינדער...

חצקאל: (שטיל) ער וויל האָבען אייגענע קינדער. נאָך מיין שכל נאָך הייסט עס, ער וויל האָבען אן אנדער ווייב... (אללע: וואס ? !)

לייזער: דעם בדחן'ס אויג האָט דאס לאנג געזעהן.

הערשעלע: יא, פעסעניו, אויב איך בעדייט עפּעס ביי דיר, זיי ניט בייז אויף מיר. אויב דו קענסט, זיי מיך דן לכף זכות. איך וויל, מיר זאָלען זיך גט'ן.

פעסעניו: גט'ן ? ! וואס הייסט, הערשעלע, דו האָסט דאָך קיין מאָל גארנישט גערעדט דערפון !

הערשעניו: איך האָב ניט גערעדט, אָבער איך דענק שוין לאנג דערפון.

פעסעניו: גט'ן ! אָי, וועה איז מיר ! וועה איז מיר ! (ווייגט, אללע ווייבער ווישען דיא טרערען).

הערשעלע: דאס הייסט, חלילה, אויב דו ווילסט ניט, וועל איך דיך ניט נויטען. דו בלייבסט דאָ אין שטוב וויא דו ביזט געוועזען און קיינער וועט ניט וואגען דיר פוגע בכבוד צו זיין. און איך ? איך וועל עס איבערטראָגען באהבה. וואָס זאָל מען טהון ? א מענש קען דאָך ניט זיין גליקליך מיט אלעמען.

פעסעניו: ניין, הערשעניו, איך וויים, דו ביזט אן עהרליכער יוד, אן איידעלער מענש. אויב דו געפינסט, אז מיר דארפען זיך גט'ן, וואָס זאָל מען טהאָן ? מסתמא איז דאָך א גזר מן השמים. נאָמיר זיך גט'ן... וועה איז מיר ! (ווייגט).

ח צ ק א ל : (שטיל) נאָך מיין פּראָסטען שכל: פאר וואס איז דער גזר מן השמים ניט געקומען פאר'ן געלד?

ד אָ ב ע : אי, פּעסי לעבען, איך האָב אייך געזאָגט: שטענדיג בייא ראש חודש בענשען זאָגט דיא תחינות פון מוטער רחל. זיא איז אויך געווען א בעזדיטיכע נעבאך.

פּ ע ס ע נ י ו : וואס העלפט איצט ריידען? מסתמא ווייסט הערשעלע, וואס ער טהוט... אי! באַרימדיגער פאטער אין הימעל, אויף אזא שלאג האָב איך זיך ניט געריכט. אָבער אז עס איז ניטא קיין ברירה, קען מען זיך דאָך ניט העלפען...

פ ר י י ד ע נ י ו : (פאַלט איהר אויף'ן האלז) ניין! מומעניו, עס איז דאָ א ברירה! אויב מאָטעלע האָט ניט געגען מיר... האָב איך אפילו באלד חתונה... איך... (קען ניט רעדען פון געוויין)

מ אָ ט ע ל ע : איך וויל ניט, מי זאָל זיך מיט מיר וואַרפען. אָט יא, אָט ניין! דעם אמת געזאָגט: איהר זייט פאר מיר צו איידעל... איהר זייט ניט מיין גלייכען... ציפּעניו איז א'ן אנדער זאך...

ה ע ר ש ע ל ע : פּעסעניו, וואס־זשע וויינסט דו אזוי?

פּ ע ס ע נ י ו : אביסעלע וויינען... גאָט וועט מיך ניט שטראָפען פאר די טרערען...

פ ר י י ד ע נ י ו : מומעניו, טהייערע מומעניו, איך בין ניט שולדיג... (זיא וויינט).

פּ ע ס ע נ י ו : נארעלע, וואס קענסט דו שולדיג זיין? קינד מיינס, אז עס איז באַשערט פון גאָטט מיר זאָלען זיך גט'ן, קען מען דאָך מיט געוואלד ניט לעבען צוזאמען. (גיט אויף איהר אַ קוק). וואָס? דוא? אָה! דאָס מיינסט דוא?... דאָס הייסט, דוא! איך, אלטער נארר, האָב ניט פערשטאנען... נו, פריידעניו, ווידער א פרעמדע זאָל דאָ פארנעהמען מיין פּלאַץ. איז דאָך שוין בעסער דיא, וועלכע איך האָב כמעט פאר אן אייגען קינד גערעכענט... זאלל דיר גאָטט געבען גליק... אזעלכע מענער וויא ר' הערשעלע וואלגערן זיך ניט אין דיא גאסען... 22 יאָהר געלעבט צוזאמען און איך האָב חלילה קיין שלעכט וואָרט פון איהם ניט

געהערט... ווין ניט, נארר... איך וועל זיין ביי ציפעניו, אָבער איך וועל דיך אויך ניט פערגעסען... און... פריידעניו, אז גאָטט וועט דיך בענשען מיט קינדערלאך, וועל איך זיי ניאנטשען וויא מיינע אייגענע, וויא מיינע אייניקלאך... אז איך קען ניט זיין א מאמע, וועל איך כאָטש זיין א באבע. (וויינען איינע ביי דער אַנדערער אין דיא ארעמס.)

הערשעלע: וויא אזוי קען מען געהן מיט אן אייגענעם וועג, אז מען מוז אויף יעדען טריט אימיצען צוטרעטען? וויא קען מען פאר זיך אליין אבטהיילען א שטיקעל גליק, אז מען דארף עס רייסען מיט פלייש און בלוט!... ניין! איך האָב מורא, ער לייגט מיט זיין גאנצע פילאָזאָפיע, — גליקליך זיין וועל איך קיין מאָל ניט קענען! (וויינט ביטער). פעסעניו, זיי ניט בייז אויף מיר! איך פערדין ניט דיינע כשרה טרעהרען! איך בין א סך ערגער, וויא דוא האָסט מיך גערעכענט. איך וויים, איך פיהל, וויא שווער דיר איז איצט. אָי, פעסעניו, פעסעניו, פעסעניו! (אַלע וויינען.)

(מזיק בעטראַכט הערשעלען איראָניש.)

**פאָרהאנג.**

# דריטער אקט.

(נאָך אַ פיעל רייכערער זאאל ביי הערשעלען אין הויז. בלומען, פאָר־טיערען. עס איז נאַכט — לאָמפּען ברענען אויף דיא טישען. אין א ווינקעלע צווישען בלומען אַ גרויסע אייזערנע קאססע, ביי וועלכער מ ז י ק זיצט און צעהלט גרויסע פּעקלאך מיט געלד... ל י י ז ע ר געהט אום איבערן שטוב, אונגעדולדיג.)

ל י י ז ע ר : מערקווירדיג, כאָטש צו־רייס זיך, ניטאָ! נאָך אמאָהל: אכמע, באכמע, גאכמע, דאכמע, האכמע... (שרייט אין טיער) נו גיכער דאָרט! האָסט געהערט, וואס ר׳ אוריאל האָט געזאָגט? (א אידישער דיענער טראָגט אריין אַ פלאַש וויין מיט צוויי גלעזער.) וואו האלט איך? האכמע, וואכמע, זאכמע...

מ ז י ק : (געהט צום וויין און גיסט אָן) איהר וועט נעהמען אביסעלע? איך האָב אייך ליעב, ווען איהר זייט שכור.

ל י י ז ע ר : א שאלה, אויב איך האָב דיא מעלה צו מאכען א יעלה! (טרינקט אַ גאַנצע גלאָז) ר׳ אוריאל, שש!... איך מוטשע מיך שוין צוויי טאָג צו געפינען א גראם צום נאמען חצקאל דראכמע און כאָטש צוריים זיך... איך געה נאָך׳ן „אלף בית": „א" אכמע, „ב" באכמע, „ג" גאכמע, „ד" דאכמע, „ה" האכמע... ניטאָ! לחיים. (טרינקט ווידער.)

מ ז י ק : יאָ! ביי חצקאל דראכמע גראמט זיך ניט... חא! חא! חא! זיצט, ר׳ לייזער, מיר וועלען טרינקען און שמועסען, (זיי זעצען זיך. מזיק זופט לאַנגזאַם, און צו ביסלאך.) וויא אלט זייט איהר?

ל י י ז ע ר : (טרינקט) עס האָט זיך ביי מיר שוין אריבער־געקאטשעט איבער דיא זיעבציגער, ר׳ אוריאל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען: ווען דאַרף הערשעלע קומען צו פאָהרען?

מ ז י ק : עס קען זיין היינט, עס קען זיין אין א פּאָאר טעג ארום... איהר ביינקט נאָך איהם און ער מסתמא ביינקט נאָך זיין יונג ווייבעל.

ל י י ז ע ר : זאָל מיר גאָטט געבען א קרענק אויב איך בענק... איך פיהל זיך דאָ אין דער היים, נאָר ווען ער איז אין דער היים ניטאָ. לחיים (טרינקט.) א מערקווירדיגע זאך, איך האָב איבער־געטאפּט דעם גאנצען „אלף בית", „פ" פּאכמע, „ק" קאכמע, „ר" ראכמע.

מ ז י ק : (זופט, פערטראכט) אָט האָסט דוא א מענש, בעשאַ־פען געוואָרען אין דעם געשטאלט פון גאָט, האָט אָבגעלעבט העכער 70 יאָהר און וואס איז ער? נאָך וואס האָט ער געלעבט? וואס האָט ער אויפגעטהאָן? וואָס פערשטעהט ער מעהר פון א בהמה? חא! חא! חא! געהט אום און ברעכט זיך דעם קאָפּ אויף'ן גראם פון אכמע, דראכמע האכמע! אם מייסטען אָט אזוי ברעכט מען זיך דעם גאנצען לעבען דעם קאָפּ איבערן גראם און פּלוצלונג קומט דער מלאך המות און זאָגט: געטליכער בדחן, גענוג גראמלען זיך. טרינקט ר' לייזער. איז ער געגאנגען צו דערלאנגען, חא! חא!

ל י י ז ע ר : ר' לייזער טרינקט וויא א קייזער און ר' זרחי טרינקט וויא א מאַנארחע... (טרינקט) איהר לאכט פון מיין גראם, הא? גיט אהער אייער אויער, איך וועל אייך זאָגען בסוד: שש! איהר זייט במחילה א מלמד. למשל, ווען ביי א קינד טהוט וועה דאָס בייכעלע, גיט מען איהם א צאצקע... וואָס מיינט איהר, פון א צאצקע געהט אוועק דער בויך־ווייטאָג? אָבער גאָר ניט! וואָס־זשע דען? דאס קינד פערשפּיעלט זיך מיט דער צאצקעלע און פארגעסט אויף א ווילע, וואס עס טהוט זיך אין בייכעלע. ידידי ר' אוריאל, ביי יעדען מענשען נעבאך טהוט וועה דאס בייכעלע. איהר זייט א וואויל־לערנער זאבאוועט איהר זיך מיט א וואזשנע צאצקע, און אנדערער שפּיעלט זיך מיט עטוואס אנדערש, איך שפּיעל זיך מיט גראם. עס איז אָבער נאָר דערפאר וויל דאס בייכעלע טהוט וועה (זינגט) איז ער געגאנגען צו דערלאנגען אביסעל משקה פון דער פליאשקע (טרינקט.)

מ ז י ק: דאס בייכעלע טהוט וועה? חא! חא! חא! דאס איז ניט שלעכט.

ל י י ז ע ר: איהר פרעגט: מיט וואס איז לייזער בדחן מעהר פון א בהמה? הע! לייזער בדחן קען זיין א בהמה, א בהמה אָבער קען ניט זיין קיין בדחן... מי דארף עס קענען... איהר ווילט עפּיס הערען פון מיר? למשל: מיין זוהן רופט מען צבי הערש, צ ב י איז „צ" „ב" „י", דאָס מאכט: צדיק באמונתו יחיה. אויב איהר ווילט פארקעהרט, מאכט עס: צאַרט בערי יעהאָ. און טאָמיר ווילט איהר ווייזט מיין זוהנס נאָמען בעשיינפערלאך, אז גאָטט האָט בעשאפען צעהן מאָס רייד. ווארום א מאָס רופט זיך קב „ק" „ב" איז הונדערט און צוויי וויא צבי... און הערש ווען מען פערדרעהט דיא אותיות מאכט עשרה... הייסט עס עשרה קב... צעהן מאָס. עהע! אָדער כדומה אייער נאמען איז אוריאל. „א" איינס, „ו" זעקס, „ר" צוויי־הונדערט, „י" צעהן, „א" איינס, „ל" דרייסיג. צוזאמען איז דאָס 248, דאָס הייסט רמ"ח אנקעגען דיא רמ"ח אברים, וואס א מענש האָט... און איהר ווילט מאכט רמ"ח פאר־קעהרט „חמר" אן אייזעל, אָדער דאס איז „מחר" מאָרגען נאָך'ן קאלטען קוגעל... און אז איהר ווילט מאכט עס גאָר רחם. ניט טראכטענדיג מאך איך פון דיא אותיות פון א ו ר י א ל דיעזע ווערטער: אלי אור, מיין גאָטט איז ליכט; יאר לי, ער וועט מיר לייכטען; לא יראו, זיי וועלען ניט זעהען. און אין רוסיש מאכט מען פון אוריאל: או רילאָ! אין מאָרדע אריין הייסט עס, הא? און טאָמיר איז איך וויניג, זאָג איך אז דיא ראשי תיבות פון מזיק מאכט: „מ" מאָשעניק, „ז" זשוליק, „י" יאבעדניק, „ק" קאטארזשניק! חי! חי! חי! איהר פרעגט, וואָס איז לייזער בדחן? ער איז א מענש מיט א נשמה, וויא אללע מענשען. ער איז א יוד און א יוד האָט א גוטען קאָפּ און האָט שכל. איהר זייט א חכם, ווייל איהר לאכט ווען עס לאכט זיך און וויינט, ווען עס וויינט זיך? איך בין מעהר בריה פון אייך: איך לאך און בדחן זיך, ווען מיר ווילט זיך וויינען, ווען מיין הארץ ווערט אין מיר צוריסען און קיינער ווייסט ניט ווארום. טאקי באמת, וואס איז

מיר געבליעבען פון מיין גאנצען לעבען און וואס האָב איך דאָ אין דער גרויסער רייכער שטוב? ע! איז ער געגאנגען... שש! בייגט צו דעם אויער. איך וועל געהן זאָגען, אז איהר האָט גע־הייסען געבען נאָך א פלאש משקה... ער איז געגאנגען צו דער־לאנגען אביסעל משקה פון דער פליאשקע... און האָט גענומען צו דעם גומען... (אָב, מיט דער ליידיגער פלאַש).

מ ז י ק : (פערטראכט) אָט האָסטו דעם מענש : א גראָבער נארר און רעדט וויא א חכם. א דענקער און בדחנט זיך. מאכט גרי־מאסען וויא א'ן אפפע און פיהלט, וויא א גאָט. טרוימט וויא א קעניג און לעבט וויא א שקלאפע! (א געררויש) אה! מיר דאכט זיך מיין שותפ'ס שיינע יונגע ווייביל געהט אהער. (פריידעניו קומט פון א'ן אינערסטע טיער, זיא איז זעהר רייך געקליידעט און בעפוצט מיט ציערונג.)

פ ר י י ד ע נ י ו : איהר זייט דאָ אליין, ר' אוריאל? איז ניטאָ קיין בריעף? (געהט צום שפיעגעל.)

מ ז י ק : ניין! איך מיין, ווייל ר' הערשעלע האָט ניט געשריע־בען, וועט ער אליין היינט קומען. פריידעניו, ערלויבט מיר אייך זאָגען: איהר דארפט ניט קוקען אין שפיעגעל. אייער שענהייט שיינט זיך אָב ניט נאָר אינ'ם קאלטען גלאָז.

פ ר י י ד ע נ י ו : (טרויעריג) איך קוק אין שפיעגעל ווייל דיא לעצטע צייט איז דאס ביי מיר א געוואָהנהייט. איך האָב קיין אנדער זאך וואָס צו טהון און בין נאָר פערנומען מיט זיך אליין. מיינט איהר ניט, ר' אוריאל, אז עס איז זעהר טרויעריג און לאנגווייליג צו לעבען אויף דער וועלט?

מ ז י ק : דאס לעבען איז א שעהנער גארטען פול מיט פרוכט בוימער. פערשיעדענע פירות פון פרייד און פערגניגען וואקסען איבערן מענשענס קאָפּ. דער מענש וויל זיך אָבער ניט אויפהויבען אביסעל צו עררייכען דיעזע פרוכטען, ער רייסט נאָר דיא גרינע ביטערע בלעטלאך פון דיא בוימער, קייט זיי און קלאָגט זיך אז דאָס לעבען איז ניט געשמאק. חע! חע! בלעטלאך קייען איז ערלויבט און פירות עסען איז פערבאָטען! איין מאָל האָט דיא פרוי געוואגט

צו געניסען פון דיא פערבאָטענע פרוכטען — זיא האָט געהאט דאָס גליק צו עסען און געבען דער גאנצער מענשהייט פון דיא פרוכטען פון עץ הדעת... דאָס בוים פון וויסען !... דורך דער פרוי וועלען דיא מענשען פריהער אָדער שפעטער געניסען אויך פון דעם עץ החיים— בוים פון לעבען...

פ ר י י ד ע נ י ו : איך בין קיין געלערענטע און פערשטיי ניט, וואָס איהר האָט געזאָגט פון עץ החיים און עת הדעת, דאָס ווייס איך אָבער, דאָס נאכדעם וויא דיא מוטער חוה האָט געהאט פער־גניגען פון דיא פערבאָטענע פרוכטען, איז געקומען דער טויט, דיא שמערצען, טרערען און ליידען... און וואס איז יעדער פערגניגען ? א קורצע הקדמה צו לאנגע ווייטאָגען און שמערצען. איך טהו אָן א נייע קלייד, בעפוץ זיך מיט צירונג, דאָס גיט מיר פערגניגען אויף איין אויגענבליק, נאכדעם ווערט עס מיר מיאוס און דאָס הארץ שמערצט.

מ ז י ק : דארף מען זיך זוכען נייע, אנדערע, נאָך ניט איבער־געלעבטע פערגניגענס.

פ ר י י ד ע נ י ו : ניין, פערגניגען קען א מענשען ניט גליקליך מאכען און קיין פרייד גיט דאָס לעבען ניט.

מ ז י ק : ווייניג פרייד קענט איהר האָבען דאָ אין ר' הערשע־לעס הויז ?

פ ר י י ד ע נ י ו : דאָ אין הויז האָב איך פארנומען דעם פלאץ פון דער איידעלע פרוי, וועלכע איז געווען מיין צווייטע מוטער. עס איז שוין העכער דריי יאָהר וויא ר' הערשעלעס הויז דערמאָנט מיר דאָס יעדען אויגענבליק.

מ ז י ק : איהר קענט עס ניט פארגעסען, ווייל אייך האָט פער־אייניגט מיט ר' הערשעלען ניט א געפיהל פון ליידענשאפט, נאָר א געפיהל פון פערגעטערונג. פערגעטערונג איז א הימלישע געפיהל. מיר לעבען אויף דרערד. פערגעטערונג, דאָס איז דאָס ערשטע גע־פיהל, וואס א פרוי רופט ביי אונז ארויס. אָבער דיא איפגאבע פון איין מאן איז, דיזע געטטין ערנידריגען און צו איינע פרוי מא־

כען. עס איז גרויזאם, גראָב, אונפּאָעטיש, אָבער זאָ וויל דיא נאטור.

פ ר י י ד ע נ י ו (הערט איהם ניט): אה, ווען איך זאָל אם וועניג־סטען איין קינד האָבען.

מ ז י ק : פון קינדער ערוואַרטעט איהר פרייד? קינדער נע־מען צו ביי דיא פרויען זייער חן, מאכען זיי פאר דער צייט קראנק און אלט, רייסען זיי אָב פון דער גאנצער לעבעדיגער וועלט... רייכע, געבילדעטע פרויען טהוען אלע מיטלען אום קיינע קינדער צו האָבען, אָפּפערן דיא יוגענד, דיא פרייהייט, דיא שענהייט, ניט פיהלענדיג קיין ליעבע, קיין ליידענשאפט? ! פוי! אונזין!... (אַ גערויש) ווער געהט עס? (דאָבע אריין אין טיער).

ד אָ ב ע : קומט אריין, מחותנת'טע. פריידעניו, דוא זיצסט מיט א מאנסביל אָהן א שומר?... (שטיל) זאָג איהם, ער זאָל אוועק גיין, ער האָט א שלעכטע אויג. (פריידע גיט אויף איהם אַ קוק.)

מ ז י ק : איך פערשטיי שוין. (גייענדיג) זעהט נאָר דיא קליפּה זאָל זיך אין אייך ניט אריינהאפּען.

ד אָ ב ע : אזוי וויא איך הער ניט, זאָל מיר ניט שאַדען. (פארדעקט דיא אויערן) פריידעניו, דיא מומע איז דאָ מיט מיר... פּעסעניו, קומט אריין. (פּעסי אריין, זיא איז זעהר אַלט געוואָרען).

פ ר י י ד ע נ י ו : אי! מומעניו! אזוי לאנג ניט געוועזן ביי אונז. וועה! וויא אלט און פערענדערט איהר זייט געוואָרען. איהר זייט בייז אויף מיר?

פּ ע ס ע נ י ו : ניין, קינד, פאר וואָס זאָל איך בייז זיין אויף דיר? גאר ניט, איך בין אריין אין שטוב, האָט מיך א קלאפּ גע־טהון אין הארצען... פּאַרט א אידענע. (ווישט אָב אַ טרער.) נו, פריידע־ניו, וואס מאכסט דוא?

פ ר י י ד ע נ י ו : וואס איך מאך? מיר... איז גוט, איך בין רייך און קיין מאמע האָב איך ניט. אי! מומעניו! (פאלט איהר אויפן האלז וויינען).

ד אָ ב ע : מיר ווייסען, דיינער איז ניטאָ, זיינען מיר געקו־

מען... ציפעניו איז אויך מיט אונז געגאנגען, זיא האָט אָבער חרטה געהאט... דערצו האָבען מיר נאָך אין וועג באגעגענט א גלח...

פ ר י י ד ע נ י ו : און וואס מאכט ציפעניו? איז זיא געזונד?

ד אָ ב ע : ניט צו פערזינדיגען, צוויי קינדער, וויא בריליאנ־טען... ביי דער עלטערער מיידעלע האָב איך נעכטען אבגעקוועטשט זאוואלקעס.

פ ע ס ע נ י ו : פריידעניו, מיר זיינען געקומען ביי דיר בעטען א טובה. עס איז אונז איצט זעהר שלעכט. ר' חצקאל מיט מאָטלען מוזען, חלילה, בדיל דל ווערען און אונז אללע וועט בלייבען נאָר צו גיין אין דיא הייזער.

ד אָ ב ע : אייער פאבריקע האָט אונז דערשטיקט... אזוי וויא א גרויסער ניט דאָ געדאכט שטייט זיא אין שטעטיל און שטיקט אונז אללע... דער מחותנתטעס געלד, ציפעניוס נדן, אונזער אייגען ביסעל ארעמקייט, אלעס האָט צוגענומען דער שלים שלימזל. ווען דוא זאָלסט נאָר וועלען בעטען ר' הערשעלען... א יונגע ווייבעל קען אלעס אויספיהרען... אן אלטע ווייב קענען זיי ארויסוואַרפען, אָבער נאָך א יונג ווייבעל נעמען זיי אלע איין דיא כפרה.

פ ע ס ע נ י ו : (זיפצט) אָי! וועה איז מיר!... (ציפעניו עפענט דיא טיער) אָט איז ציפעניו!

ד אָ ב ע : שקאָצעל קומט... האָסט נאָך אמאָל חרטה געהאט? ציפעניו אריין, ארעם געקליידעט און זעהט זעהר שלעכט אויס).

צ י פ ע נ י ו : איך בין געקומען, וואָס זאל איך טהון? אז מע קען ניט אריבער מוז מען ארונטער. אָי! וואָסערע קליידער און ציערונג אויף אונזער גבירנטע. געדענקסט, מומע זיא פלעגט האלטען אין איין טענהן, אז קליידער מיט ציערונג איז שמאטע? (קוקט זיך ארום) גרויסארטיג ביי דיר, שוועסטער.

פ ר י י ד ע נ י ו : ביזט מיר מקנא? ציפעניו, דאס אללעס גיט קיין גליק.

צ י פ ע נ י ו : ווער עס איז דיר מקנא, זאָלען דעם דיא אויגען ארויסקריכען!

ד אָ ב ע : ע, ציפקע, דוא ווילסט זיך גאר קריגען? זעה נאָר,

האָסט שוין מסתמא ווידער אָנגעטהון א זאק אויף דער לינקער זייט.

פ ע ס ע נ י ו : חלילה, ניט קריעגען זיך, מיר זיינען געקומען בעטען פריידעניו זאָל אונז העלפען.

פ ר י י ד ע נ י ו : אָי, שוועסטער, וויא דוא זעהסט נעבאך שלעכט אויס! פון דיר איז געוואָרען א תל.

צ י פ ע נ י ו : מעגסט מיר גלויבען, עס איז ניט פון תענוג.

פ ר י י ד ע נ י ו : דיא קינדער האָבען דיך אַלט און קראַנק געמאכט. ביזט אזא יונגעטשקע, ערשט דריי יאָהר נאָך דיין חתונה און האָסט שוין צוויי קינדער.

צ י פ ע נ י ו : אונזער איינציגע נחמה, אונזער פרייד, אונזער נחת זיינען קינדער! עס איז ניטאָ קיין גרעסערער גליק פון קינדער! אזוי פערשטייען מיר, קבצנים! וויא דיא נגידים מיינען, ווייס איך ניט! מיין עלטערע מיידעלע קלעטערט אום איבערן גאנצען שטוב, ווען זיא געהט קאטשעט זיא זיך וויא א קאטשקעלע! — אָי! געזונד זאָל זיא זיין! — איהר שטיממעלע קלינגט אין אללע ווינקעלאך.

ד אָ ב ע : קיין עין הרע, קיין בייזע אויג. טפו. (שפייט אָב).

צ י פ ע נ י ו : און דאָס קלענערע ברומט אין וויגעלע, וויא א טייבעלע. דאָס איז א רייכקייט! דאָס איז א כשרה רייכקייט! מע ראבעוועט און מע גזלט עס ניט ביי קיינעם. גאָטט גיט עס דעם מענשען און דער מענש גיט עס אָב גאָטט'ס וועלט. יא, קינדער־לאך, דאס איז אן אמת'ע כשרה רייכקייט!

ד אָ ב ע : דיא גרעסטע ברכה פון גאָטט איז קינדער. איך בין שוין קיין ע"ה 45 יאָהר אלט און, זעהסט, איך טראָג א קמיעה... אפשר וואס... זאָל איך, חלילה, ניט מפיל זיין.

פ ר י י ד ע נ י ו : פון דעסטוועגען, ווען דוא ביזט געווען א מיידיל האָסט דוא געשטיפט און געלאכט, און איצט, ציפעניו, ביזט שוין וויא א'ן אלטע.

צ י פ ע נ י ו : א מענש קען ניט שטיפען זיין גאנצען לעבען... און אויב מיר לאכט זיך ניט, איז עס נאָר דערפאר ווייל עס איז דאָ מענשען, וואס צווינגען אונז צו וויינען.

פ ר י י ד ע נ י ו : שוועסטער, מיט שנאה רעדסט דו צו מיר. מיר זיינען פרעמדע איצט...

צ י פ ע נ י ו : יא, מיר זיינען שונאים! מיר זיינען פרעמדע! מיר אלע דארט רייסען קריעה, מיר ארבייטען, מיר הארעווען און איהר, גבירים, רייסט ביי אונז דעם לעצטען ביסען פון מויל... איהר טרינקט אונז.

פ ר י י ד ע נ י ו : ניט מיר, איהר זייט אונז שונאים, אזוי זאגט דער פעטער. ער האט געגעבען דער מומעניו פינף טויזענד רובעל, דיר נדן געגעבען און ר' חצקאל האט דאס געלד גענומען צו קאנקורירען מיט אונזער פאבריק. איהר האט זיך אליין אונגליקליך געמאכט.

פ ע ס ע נ י ו: ר' חצקאל האט געבעטען איין מאל עטליכע רובעל, נאך א מאל עטליכע רובעל, האב איך געגעבען. ביז עס איז געווארען אויס געלד און אויס געשעפט.

ד א ב ע : וואס מיר ווינשען דיר שלעכטעס זאל עס קומען אויף אונז, טאטע פאטער וכל ישראל אמן.

פ ר י י ד ע נ י ו : וואס ווייס איך? דער פעטער זאגט.

צ י פ ע נ י ו : דו ווייסט נאר, וואס דער פעטער זאגט, נו, און אליין ביזט דו קיין מענש ניט? דו ווייסט ניט, אז א מאל האסט דו געהאט גוטע פריינד, אייגענע מענשען און איצט ביזט דו פון זיי אבגעשניטען געווארען, האסט געהאט איין שוועסטער, מיר זיינען געוועזן יתומות, צוזאמען אויסגעוואקסען, און איצט זיי־נען מיר שונאים. פרעמדע. און דו ווייסט עס גאר ניט? דו ווייסט ניט, אז דו האסט גענומען דיא פרוי, וואס האט דיך אויסגעהאדע־וועט און ערצויגען וויא א לייבליכע מוטער. און דו האסט זיא ארויסגעווארפען פון איהר שטוב און פערנומען איהר פלאץ? דו פיהלסט ניט, אז איהר הארץ איז, נעבאך, צובראכען און איהר לע־בען איז שוין אויף אייביג צושטערט? (וויינט).

פ ע ס ע נ י ו : וואס רעדסט דו דאס, גאטט איז מיט דיר! זאל נאר פריידעניו זיין גליקלאך, און איך... איך... (וויינט).

פ ר י י ד ע נ י ו : איך האב קיינעם פון זיך ניט אבגעשניטען

און בין אליין פון אללע אבגעשניטען געווארען! דוא זעהסט מיין רייכקייט, מיינע שיינע קליידער און דיא וואונדען פון מיין הארצען זעהט קיינער ניט. מומעניו! אייער אונגליק האט מיך ניט גליקלאך געמאכט, אייער צובראכען הארץ האט מיין הארץ ניט ערפולט מיט פריידע! מיר האבען ביידע געגלויבט דאן, אז עס קען און עס דארף אנדערש ניט זיין. מומעניו, אזוי וויא אין א וואלד בלאנזע איך דא אום איינע אליין און... אויב איר זייט ניט בייז אויף מיר, האט אויף מיר רחמנות. (אלע פרויען וויינען. לייזער קומט שכור, מיט א פער־פראבטע פלאש ווייץ, וועלכע ער שטעלט אויף'ן טיש.)

לייזער: שא! וואס איז דא? א גאנצע ווייבערשע קא־פעליע! פיער יודענעס, מיט פיער פערוויינטע נעזער. (זינגט) אי, וויינט ווייבעלאך מיט טרערען, אפשר וועט דער אויבערשטער דער־הערען.

ציפעניו: (ווישט אב דיא טרערען) אה, דער זיידע ר' לייזער לאכט פון אונזערע נעזער און אליין טרינקט ער משקה פון א גרויסע פליאשקע. חא! חא! חא! וואס מאכט עפים מיין אלטער גוטער פריינד?

לייזער: ציפעניו, מיינע געשעפטען גייען אויסגעצייי־בענט: מיין פאבריקע האט מיך שוין בעזארגט מיט א טלית, אין וועלכען מע וועט מיך ארייגלעגען אין קבר. (מיט א ניגון) איז ער געגאנגען. (מזיק אריין).

מזיק: ר' הערשעלע איז געקומען! (אלע ווייבער דערשרעקען זיך און ווייסען ניט וואוהין צו גיין. לויפען אום וויא צושראקענע שאף).

פריידעניו: קומט, איך וועל אייך ארויסלאזען דורך מיין צימער! (אללע ווייבער אין א גרויסע אונארדנונג אב.)

לייזער: (טרייבט דיא ווייבער מיט זיין נאז טיכעל) וויי־בער, הוש! ר' לייזער, בעהאלט דעם ברחן! (זעצט זיך אין זיין ווינקעל.)

מזיק: איהר זייט שכור, טראגט זיך בעסער אב (דער דיענער

עפענט דיא טיער, אריין מיט א טשעמאָדאן, נאָך איהם ר׳ הערש אין רייזע קליידער).

הערשעלע: גוטען אבענד. עליכם שלום ר׳ אוריאל. וואס הערט זיך ביי אונז דאָ?

לייזער: (וויא מע איז מחדש דיא לבנה) שלום עליכם, עליכם שלום, שלום עליכם, עליכם שלום, שלום עליכם, עליכם שלום. סמן טוב ומזל טוב יהא לנו וכל ישראל אמן. קול דודי הנה זה בא מדלג על ההרים, מקפץ על הגבעות.

הערשעלע: ביזט אזוי שכור, אז מען קען דיר אפילו קיין שלום עליכם ניט געבען. פע! וואָלסט אפשר געגאנגען שלאָפען? וואס מאכט פריידעניו? (געהט צו איהר טיער) פריידעניו, איך האָב דיר געבראכט רויטע, גרינע און געלע זיידענס אויף קליידער און בריליאנטענע אוירינגלאך. (שטיל) איך וועל דיך שפעטער א קוש טהון, ווען איך וועל האָבען צייט און קיינער וועט ניט זיין.

לייזער: איך בין טאקי געוועזן א קבצן, א בדחן, אָבער אז איך פלעג קומען פון א נסיעה, פלעגען מיר ביידע מיט מיין אלטעטשקע צוגיין פון שמחה, אזוי וויא צוקער.

הערשעלע: נו, וואס הערט זיך ביי אונז? איך האָב אייך געפאָלגט און האָב גענומען קרעדיט, וואס מעהר, מע גיט גאָר אָהן שאלות.

מזיק: איך האָב געוואוסט, אז איר וועט פאָהרען אליין, וועט איר מאכען א גוטען איינדרוק. יאָ, מיר דארפען איצט ארייננחאפען, וואס מעהר.

הערשעלע: ארייננחאפען גאָר! (דערזעהט דיא פלאַש) וואָס איז דאָס, וויין? א גלאָז וויין וואָלט איך דוקא געטרונקען. איר וועט רויכערן א סיגאר? (נעמט ארויס אַ גרויסען פארט סיגאר און פעררויכערט).

מזיק: וויין וועל איך אויך טרינקען, אָבער ניט רויכערן. איך האָב אויפגעהערט רויכערן. איהר זעהט, וואס פאר א קאָרקען ציהער? א ענגלישער (נעמט פון דער טאשע א גרויסען מעסער מיט אַ

קאָרקען ציהער, עפענט דיא פלאַש, גיסט אָן דיא גלעזער, פארגעסט דעם קאָרקען ציהער אויפ'ן טיש).

הערשעלע: אוועק געוואָרפען רויכערן? וואס איז דאָס פאר א נאררישקייט? איך האָב א'ן אויסגעצייכענטע סיגאר. (טרינקט) דאָס איז א פנים דער ביליגער ווייָן? האָט ניט קיין אראָמאט. איך פערשטיי ניט, וואס מיינט איהר מיט'ן אריינחאפען? (פעררויכערט אַ סיגאר).

לייזער: אָט גיב מיר דיא גלאָז, וועל איך דיר ווייזען וואָס הייסט אריינחאפען.

הערשעלע: זיי זשע מוחל, ארויס פון דאנען, ארויס באלד!

לייזער: (ערשראָקען) איך געה שוין. (געהט) ר' אוריאל, איך האָב אייך געוואָלט פרעגען. שש! זאָגט מיר איך בעט אייך, היינטיגעס יאָהר איז א'ן עיבור יאָהר? (אַ קוק אויפ'ן זון) איך פיהר דעם ברחן שוין ארויס פון דאנען. (אָב).

מזיק: דער פלאַן איז גאנץ איינפאך. (ביידע טרינקען) מיר האָבען יעצט אָנגענומען אויף בארג זעהר פיעל און איך האָב דיא לעצטע צייט פערהאלטען אללע געלד בעצאָהלונגען. ר' הערשעלע, מיר האָבען איצט אין דער קאססע מזומן בא א 75 טויזענד רובעל. אָט האָט איר דעם שליסעל פון קאסע. (גיט איהם)

הערשעלע: 75 טויזענד? קיין עין הרע א שיינע סוממע. אָבער וואס, עס איז דאָך ניט אונזערס, דאס מוז מען בעצאָהלען.

מזיק: בעצאהלען? במחילה. ר' הערשעלע דובראָוונער, איצט איז דיא ריכטיגע צייט צו באנקראָטירען.

הערשעלע: וואס הייסט? באנקראָטירען, ווען דאס געשעפט געהט גוט און אין דער קאסע איז אזוי פיעל מזומן? (גיסט זיך אָן נאָך ווייָן) איר וועט טרינקען? (גיסט איהם אויך אָן) באנקראָטירען!

מזיק: ווען דיא געשעפטען געהן שלעכט איז שוין שפעט צו באנקראָטירען. איצט איז דיא צייט. מיין פריינד, עס איז נאָך

בעסער פון א געוווינס, מיר וועלן דריי מאָל אזוי רייך מיט איין קלאפּ!

ה ע ר ש ע ל ע : (שפּרינגט אויף פון זיין אָרט) אזוי? (בעדענקט זיך) אָבער זייט זשע מוחל, ר' אוריאל, גאָטט איז מיט אייך. וואָס הייסט. איר ווייסט דאָך, אז קודם כל וויל איך האנדלען עהרליך און בלייבען א עהרליכער מאן און עהרליך יוד.

מ ו ז י ק : געוויס, ווייל איר זייט און בלייבט א עהרליכער מאן און עהרליכער יוד איז גוט צו באנקראָטירען. בא אזא פיינעם עהרליכען מאן וויא ר' הערשעלע וועלען דיא קרעדיטאָרען מיט שמחה נעמען 50 קאָפּיקעס פאר א רובעל, אין האנדעל הייסט עהר־ליכקייט ניט זיין קיין נארר, נעמען וואָס מעהר און אָבגעבען וואָס ווענינגער, אזוי טהוען דיא אללע גרויסע, ווענען מיר זיינען שולדיג, און אזוי וועלען מיר טהון. אָבער עהרליכקייט? איר בלייבט א עהרליכער מאן און עהרליכער יוד געוויס ווארום וואס האָט עס צו טהון מיט אידישקייט? און אין דער קאסע וועט בלייבען דאָס געלד. איר בארעכענט נאָר.

ה ע ר ש ע ל ע : יא, נאָמיר אָקערשט בארעכענען, וויפיעל איז דיא גאנצע סוממע? (זעצען זיךביידע צו איין טישעל און רע־כענען).

ד י ע נ ע ר : (אין טיר) בעל־הבית, ר' חצקאל דראכמע וויל אייך זעהען.

ה ע ר ש ע ל ע : חצקאל גאָר? וואס איז דאָס עפּיס?

מ ו ז י ק : ער איז אויף זעהר גרויסע צרות.

ה ע ר ש ע ל ע : אזוי? נו לאָז איהם אריין (דיענער אָב) ר' אוריאל, וויא אזוי אָבער וועלען מיר דאָס מאכען? פארגעסט ניט באנקראָטירען איז קיין קליינינקייט ניט.

מ ו ז י ק : איר פערלאָזט אייך נאָר אויף מיר. (חצקאל און מאָטעלע אריין. ביידע נידערגעשלאָגען).

ה ע ר ש ע ל ע : וואָס איז דאָס עפּיס אזוי שפּעט? איך בין ערשט געקומען פון וועג, בין מיעד.

ח צ ק א ל : איך האָב זעהר ווינג צו רעדען, ר' הערשעלע.

הערשעלע: איך האָב געהערט אויף דער קלפּא האָסט דוא געהאט זעהר פיעל צו רעדען, מע זאָל מיך ניט מאכען פאר א ראש הקהל. איך האָב אייך געגעבען צו שטייער אויף א שול, האָב אייך אליין אויסגעבויט א מרחץ. און איך פערדיען ניט בא קהל דעם כבוד? הא?

חצקאל: האָט קיין פעראיבעל ניט, איך בין ניט געקומען רעדען פון כבוד. אייך קומט כבוד, אייך קומט אללעס. איך זעה דאָך דאָס מיט מיין פּראָסטען שכל. איך, מאָטעל, בעריל לאַפּטיוך און אונזער גאנצע חברותא מיר ארבייטען, מיר קריעכען פון דער פעל און איר ווערט רייכער. מיר מאכען גוטע טליתים און פיהרען אָרענטליך אונזער אייגענעם געשעפט, און מיר לעגען צו דעם קאָפּ. אייך גלויבט מען אונז גלויבט מען ניט. אייך צאָהלט מען, אונזערע בעלי חובות לאכען פון אונז. יא! הפנים איר האָט עס פערדיענט. אייך קומט אללעס... איר האָט זכות אבות.

מאטעלע: (א פּארט) זכות אבות איז גוט, ווען מע האָט מזיק'ן בא דער זייט.

הערשעלע: שוטה, דוא האָסט געוואָלט מיט דיינע הענד מלחמה האלטען מיט א פּאבריק, מיט דיינע פינגער האָסט דוא געוואָלט אָבשטעלען רעדער, מיט עטליכע געליגענע גראָשען האָסט דוא געוואָלט געהן געגען א קאַפּיטאל? ! ווער איז דיר שולדיג?

חצקאל: בעריל לאַפּטיוך האָט געוואוסט דעם סוד, וויא אזוי מאכען דורך קראָכמאל דיא טליתים וויא זיידענע, און איר האָט בא אונז דעם סוד פּשוט געגזלט. יא! הפנים פון גזלה קען מען רייך ווערען, אבער ניט פון ארבייט!

מאָטעלע: עטליכע מאָל איז מיר אזוי דערגאנגען צום הארצען, אז איך האָב געמיינט, איך וועל גיין און וועל אונטער־צינדען דיא טרפה'נע פאבריק מיט הכל בכל!

חצקאל: שא! גולם!

הערשעלע: (אויסער זיך) דוא הערסט, וואס א שייגעץ רעדט? וואָס הייסט אונטערצינדען מיין פאבריק, מיין גוטס, מיין פּארמעגען?

מ ז י ק: אונזער פאבריק, אונזער פארמעגען, מיינט איר.

ה ע ר ש ע ל ע: (הערט ניט) אין אסטראָג וואָלסט דוא בא מיר פערפוילט געווארען, קיין סיביר וואָלט איך דיך פערשיקט. קיינער האָט קיין רעכט נעמען בא דיר וואָס עס געהער צו דיר און קיינער האָט קיין רעכט אבצונעמען ביי מיר מיין אייגענס! (לייזער גנב'עט זיך אריין.)

ח צ ק א ל: וואָס הערסט דוא איהם? ווייס איך וואָס ער רעדט... א יונגעל. קיינער וויל חלילה בא דיר ניט צונעמען. מיר זיינען געקומען בעטען... העלף אונז ארויסקראבקען זאך... פעסים פינף טויזענד רובעל נעבאך. מיר זיינען דאך א מאָל געווען טרייע גוטע פריינד.

ה ע ר ש ע ל ע: פריינדשאפט איז פריינדשאפט און געשעפט איז געשעפט. דיר איז גוט צו זיין א פריינד, אז דוא האָסט זיך ניט מיט וואָס צו טיילען.

ח צ ק א ל: א מאָל זייט איר אויך געווען א גוטער... מיט'ן לעצטען צוטיילען זיך.

ה ע ר ש ע ל ע: אז מע האָט קיין שכל ניט, איז מען א גוטער. מע דארף פערשטיין וויא יענעם א טובה צו טהון. וויא קען איך דיר העלפען? געבען דיר א ביסעל געלד, א נדבה? איך וייס, וואו און ווען מע דארף צדקה געבען. דיר וועט מיין צדקה ניט העלפען, עס וועט נאָר זיין ארויסגעווארפען געלד. זאָל איך דיר אפשר געבען אזוי פיעל, אז דוא זאָלסט ווערען דער מאכער און איך זאל ניט קענען מיט דיר קאָנקורירען? איך מיין, דוא רעכענסט מיך ניט פאר אזא נארר.

מ ז י ק: (בייז) איר פערגעסט צו זאָגען, אז איר האָט נאָך א שותף אויך, וואס קען האָבען א שטיקעל דעה!

ל י י ז ע ר: דוא הער דעם שותף מיט דער דעה, וויא מיין לינקע פאה.

ה ע ר ש ע ל ע: ביזט ווידער דאָ? איך האָב דאָך דיר געהייסען גיין שלאָפען! (לייזער דערשרעקט זיך) עי! נעמט איהם צו פון דאנען. (דער דיענער קומט און שלעפּט איהם ארויס) מע וועט איהם

דארפען ערגיץ וואו אַנדינגען קעסט! עס איז א בזיון צו האַלטען איהם אין שטוב.

ח צ ק א ל : הייסט עס, מיט וואס זאָל איך געהן אהיים?

ה ע ר ש ע ל ע : אזוי ווייט קען איך דיר יא העלפען: איך וועל זעהען, אז פּעסי זאָל דורך דיר ניט ליידען. איך וועל איר היי־סען אללע חודש ארויסגעבען פון מיין קאנטאָר פון צוועלף ביז פופצעהן רובעל.

מ ז י ק : פון א ו נ ז ע ר קאנטאָר מיינט איר.

ה ע ר ש ע ל ע : און דוא מיט דיין זון געה ארבייטען צו מיר אויפ'ן פאבריק.

מ ז י ק : צו אונז אין פאבריק, ווילט איר זאָגען.

ה ע ר ש ע ל ע : יא! יא! איר זייט עהרליכע יודען און צו טליתים דארף מען האָבען אזעלכע ארבייטער. וועסט פערדיענען! בא מיר דיין חיונה בכבוד און וועסט לעבען רוהיג. וויא קומסט דוא צו פיהרען א געשעפט? דערויף דארף מען שכל, געלד, קאָפּ־דרייע־ניש, קענטניס. האָסט געוואָלט פיהרען א געשעפט מיט נסים? מיט נסים קען מען ניט לעבען אויף דער וועלט.

מ ז י ק : נס גדול היה שם.

ה ע ר ש ע ל ע : וואס קען זיין זיכערער און רוהיגער? מע ארבייט און מע קריעגט בעצאָהלט.

מ אָ ט ע ל : נאָך רוהיגער און זיכערער איז צו ליעגען אין דרערד.

ח צ ק א ל : איך בין א פּראָסטער מענש און ווען דוא ר' הערשעלע ביזט געוועזן א אָרעמאַן האָב איך דיך נאָך געקענט פער־שטיין. אָבער איצט? איך הויב ניט אָן צו פערשטיין. פריינדשאפט איז גאָר ניט. א טובה טהון דארף מען ניט מיט'ן גוטען ווילען, נאָר מיט שכל. דער וואס איז א גוטער, דער איז א נארר! אפּנים פון דער ארבייט און האָראָוואניע ווערען מיר אלץ גרעסערע בולוואנעס און איר ווערט דערוויילע שטארקערע חכמים. נו, לכל הפּחות א דאנק, וואס איר גיט אונז ארבייט, וואָס קענען העלפען טענות, אז מע וויל עסען? מיר וועלען מיט מאָטלען מאָרגען אָנפאנגען צו ארביי־

טען. האָט קיין פאראיבעל ניט, וואָס מיר האָבען אייך מטריח גע־
ווען. א גוטע נאכט. מסתמא ביזט דוא גערעכט.

מ אָ ט ע ל ע : גאָטט זאל אייך בעצאהלען פאר דער טובה.
(זיי גייען).

מ ז י ק : אזוי איז דאָס: ווער עס איז שטארקער, דער איז
גערעכט. קומט, איך וועל אייך געבען א צעטיל מע זאל אייך מארגען
צונעמען צו דער ארבייט. (אַללע אָב).

ה ע ר ש ע ל ע : (בלייבט זיצען פערטראכט) ער מיינט, איך בין
א׳ן אנדער מענש געווארען. איך בין דערזעלבער, והא ראיה, ער
האָט איבערגעפיהרט פעסים געלד, איך בין איהר מעהר ניט מחויב
צו געבען, פון דעסטוועגען, וועל איך זיא ניט פערלאָזען. און עח
אליין? איך פיהל, מיך פערדריסט, מיר טהוט וויי דאס הארץ.
אָבער ער איז אליין שולדיג, יעדער מענש האָט דאס וואס ער פער־
דיענט. זיין אייגענע שולד. עס איז נאָר וויא ער אליין זאָגט: איך
האָב גענומען דיא מיהע צו לערנען און צו פערשטיין דאָס לעבען
און ער איז געבליעבען דער זעלבער פּראָסטער חצקאל דראכמע.
(שטייט אויף) מע וואָלט געדארפט א ביסעל ארייננקוקען אין ספר.
איך האָב שוין ניט געהאלטען קיין ספר אין דיא הענד, איך געדענק
אליין ניט (שטעלט זיך אויף דיא קניע לעבען טשעמאָדאן און נעמט
ארויס א ספר) אומזיסט מיטגעפיהרט, איך האָב איהם אין
וועג אפילו ניט געעפענט. (זעצט זיך לערנען) אך! פריידע־
ניוס מתנות. מע דארף גיין צו איהר. איך האָב זיא
געזעהען נאָר פון ווייטען. (געהט) ער זאָגט: 75 טויזענד
איז דאָ אין דער קאססע. מע וואָלט געדארפט בעסער
איבערקוקען דיא חשבונות און איבערציילען דאָס געלד. (געהט צו
דער קאססע, שלעפּט ארויס גרויסע זעק מיט געלד, צעהלט טויזענדער און
לעגט זיי אין א זאק) איין טויזענד (צעהלט) צוויי טויזענד. (צעהלט)
דריי טויזענד. (פ ר י י ד ע נ י ו קומט אין א ווייסען פעניואַר, די האָר
צולאָזט.) וואָס איז? גאָטט איז מיט דיר! (פערמאַכט דיא קאַססע).

פ ר י י ד ע נ י ו : וואָס איז דאָ געווען פאר קולות? מיר האָט

זיך אויסגעוויזען, איך הער וויא דיא מומע וויינט... מיר ווייזט זיך אָפּט אוים, איך הער...

ה ע ר ש ע ל ע : וואס ווייזט זיך דיר אוים, קינד? וויא קומט אהער דיא מומע?

פ ר י י ד ע נ י ו : איך ווייס ניט, מיר ווייזט זיך אָפּט אוים.

ה ע ר ש ע ל ע : נאררעלע, זעה בעסער, וואָס פאר אוירדינג־לאך איך האָב דיר געקויפט. (גיט איהר א פּוטליאר).

פ ר י י ד ע נ י ו : (עפענט) אך! וויא שעהן! (ווערט בעגייס־טערט) וויא ריינע טראָפּען וואסער געגען דער זון, אזוי שיינען זיי. א נו, מיר וועט פּאסען? (טהוט אָן) א יאָ שעהן? (לויפט צום שפּיגעל) אָבער וואס קומט מיר ארוים דערפון? (ווערט ווידער טרויעריג) איך קען זיך מיט קיין זאך ניט פרייען. יעדע מינוט אזוי וויא א שלאנג טרעט מיר צום הארצען און זויגט דאָס בלוט.

ה ע ר ש ע ל ע : פריידעניו, איך האָב דאָ א ביסעל צו טהון. געה, איך וועל באלד קומען.

פ ר י י ד ע נ י ו : איך ווייס, דוא ווילסט בעסער בלייבען דאָ און צעהלען געלד...

ה ע ר ש ע ל ע : הער, איך האָב גערעדט מיט מענשען... איך וועל מיט דיר זומער אי"ה פאָהרען קיין וויען צו א פּראָפעסאר... גאָטעניו, אויב דוא וועסט מיר געבען א זוהן, בעט איך מעהר גאָר ניט בא דיר...

פ ר י י ד ע נ י ו : ווין! איך בין קראנק... איך וויל ניט, איך דארף ניט זיין א מוטער פון קינדער...

ה ע ר ש ע ל ע : אויב דוא ביזט חלילה קראנק? געוויס... וואס דארף איך קינדער? דיין געזונד איז מיר טייערער פון קינדער. אָבער וואָס פעהלט דיר דען, חלילה?

פ ר י י ד ע נ י ו : מיר פעהלט קיין זאך און איך האָב גאָר נישט. איך בין רייך און בין פיעל אָרימער פון ציפּען... איך האָב פערנומען מיין מוטערס פּלאץ און קען זיך קיין אָרט געפינען... (וויינט).

ה ע ר ש ע ל ע : איך פערשטעה ניט, וואס ווילסט דוא?

פ ר י י ד ע נ י ו : איך וויל זיין גליקלאך! גיב מיר גליק! גיב מיר פריידע!

ה ע ר ש ע ל ע : אי! פריידע, דוא ווייסט אליין ניט, וואס דו פערלאנגסט!

פ ר י ד ע נ י ו : איך דארף גאָר ניט און איך פערלאנג גאָר ניט! איין זאך נאָר. איך וויל מיין קראנקעס הערץ זאָל פיהלען דאס, וואס איך האָב געפיהלט, ווען דוא האָכט מיר דאן געשפיעלט אויף דער פיעדעלע. געדענקסט?

ה ע ר ש ע ל ע : ביזט א נאררעלע, דאן האָבען מיר ערשט גע־שטרעבט צוא אונזער גליק, איצט קענען מיר דאס ניט פיהלען מעהר און מיר ווען דאס מעהר ניט פיהלען!

פ ר י י ד ע נ י ו : וויא? האָט דען דיא פיעדעלע דאן מיר א ליעגען געזאגט? ניין! ניין! דאס וואָלט געוועזן שרעקליך. איך בעט דיך זיי ניט פרעמד צו מיר.

ה ע ר ש ע ל ע : געוויס בין איך צו דיר ניט פרעמד. (עפענט דיא קאססע און גיט א קוק) וויפיעל האָב איך איבערגעציילט? דריי טויזענד דאכט זיך... הא?

פ ר י י ד ע נ י ו : קום אהער... נעם דיין פיעדעלע... שפיעל מיר נאָך איין מאָל... נאָר איין מאָל נאָך! און איך וועל דאָ ווידער זיצען בא דיינע פיס...

ה ע ר ש ע ל ע : אי, וואס רעדסט זוא, קינד! שפיעלען? איך האָב שוין העכער צוויי יאהר דיא פיעדעלע אפילו אין האנד ניט געהאלטען. מיר דאכט זיך, איך וועל שוין קיין מאָל ניט קענען שפיעלען מעהר.

פ ר י י ד ע נ י ו : קיין מאָל ניט מעהר? אללעם איז אב־געשטאָרבען?!... עס וועט ניט קומען מעהר צוריק?

ה ע ר ש ע ל ע : איך פערשטעה ניט, וואס איז מיט דיר? פריידעניו, געה צו זיך, בערוהיג זיך... איך דארף דאָ אביסעל איבערקוקען דיא חשבונות, געה, קינד, און שלאָף געזונטערהייד. (ער גיט זיא א קאלטען קוש אין שטערן).

פ ר י י ד ע נ י ו : (שטעהט אויף, קוקט אויף איהם לאנג און

זאגט שטיל) א גוטע נאכט! (ראש אב. מי זעהט וויא זיא פער־שטיקט איהרע טרערען. ער בעמערקט עס ניט.)

הערשעלע: הפנים זיא איז מאקי ניט מיט אלעמען, מי וועט דארפען מארגען שיקען נאכ'ן דאקטאר (געהט, טרינקט אויס א גאנצע גלאז וויין און צוריק צו דער קאססע) דאס האב איך שוין געציילט, דריי־טויזענד, (לעגט דאס איבערגעציילטע אין סאק וואיאזש) פיער טויזענד (צעהלט) פינף טויזענד! (צעהלט) זעקס טויזענד! וואס איז דאס? דאכט זיך גאר ניט, פאפירלאך, און דאך אז מע גיט א קוק אין דער קאססע און מע דערזעהט אזוי פיעל דיעזע פאפירלאך, ווערט דאס הארץ פול מיט פרייד, דער שלאף געהט פערביי, מע פערגעסט, אז מע איז מיעד, אז מע איז הונגעריג.... מע פארגעסט אויף אללעם! יעדער הונדערטער רעדט צו דיר, וויא א לעבעדיגע זאך, יעדע אסיגנאציע גלעט דיך, וויא א ווארעם ווינטעלע. אי! וויפיעל הנאה, פרייד, מאכט, ליעגט אין אט דיא קלייניגקע שייניגקע פאפירלאך! (מזיק אריין) הידד! עס וואקסען דיא טויזענדער וויא פרשות! נאך א פרשה!... נאך א טויזענדער! זעקס! זיעבען! אכט!

מזיק: וואס איז, ר' הערש, איהר גלויבט מיר ניט? איהר קוקט נאך מיינע חשבונות?

הערשעלע: (דערשרעקט זיך) דאס זייט איר, ר' אוריאל? איך וויל גלאט זעהען, אפשר האט איר א טעות געהאט...

מזיק: יא, איך זעה, איך האב אביסעל א טעות געהאט... איך גלויב אייך צו פיעל און האב אייך אויסגעלערנט צו פיעל געשעפטסמאן צו זיין. מיר איז אריין אין נאז, וויא איהר האט דא פריער גערעדט: מיין געלד! מיין פאבריק! מיין קאנטאר! איך וועל הייסען! איך וועל זעהען! אי, איך האב מורא, איר ווערט מיר צופיעל בעל־בית!

הערשעלע: איר קענט זיין רוהיג... איר זייט דא אזא בעל־בית וויא איך.

מזיק: אז מיר זיינען דא אליין, זאגט איר דאס מיר. אבער וויא אזוי וועל איך דאס קענען איבערצייגען, אז איר וועט וועלען

געגעון מיר האנדלען מעשה סוחר? איך האָב זיך מיט אייך ניט צושריעבען, ווייל איך האָב אייך געהאלטען פאר א יאָלד... איך לאָך טאקי פון יאָלדען, אבער איך וויים, מע קען זיי גלויבען! איצט אבער האָב איך מורא: איר הויבט אָן ווערען צו פיעל חכם און אין דער קאססע איז דאָ צופיעל מזומן...

ה ע ר ש ע ל ע: נו! אויב איר גלויבט מיר ניט, וועלען מיר זיך צושרייבען. מיך הארט ניט, אפילו מאָרגען.

מ ז י ק: מאָרגען? א דאנק דעם טאטען אייערען! איך האָב מורא! איך וועל דיא גאנצע נאכט ניט קענען שלאָפען! איך האָב געזעהען, איר האָט געציילט דאס געלד מיט צו פיעל הנאָה... גלייך וויא עס זאָל זיין אין גאנצען אייערעס.

ה ע ר ש ע ל ע: וואס־זשע ווילט איר? איך וואָלט געוואָלט וויסען. רעדט: וואס ווילט איר?

מ ז י ק: איך וויל פשוט דיא 75 טויזענד רובעל נעמען צו זיך דערווייל, ניש־קשה, איר האָט מיך מעהר אין דער האנד. (מאכט עמליכע טריט צו דער קאססע.)

ה ע ר ש ע ל ע: (וואַרפט שנעל אריין אללע פעקלאך געלד אין סאק און מאכט צו דיא קאססע) וואס? אזא סוממע מיט געלד זאָל איך אייך גאָר אָבגעבען? וואָס מיינט איר, איך בין פון זינן אראָפּ?

מ ז י ק: פאר וואָס האָב איך אייך שטענדיג נאָך מעהר געגלויבט? אָה, איצט זעה איך, ווער איר זייט!

ה ע ר ש ע ל ע: נו, זעהר שוין! פון מאָרגען אָן וועט איר מיר ניט גלויבען מעהר!

מ ז י ק: פון מאָרגען אָן? בלאָ! מאָרגען קען שוין זיין צו שפּעט! איר מיינט ניט, אז איר וועט מיך נעמען אויף זיכער. איר האָט ניט געטראָפען דעם אָרט! צדיק מיינער!

ה ע ר ש ע ל ע: און איר מיינט ניט, אז איך וועל אייביג גלויבען, אז אללעס וואָס איר זאָגט, איז תורת לאָקשען! (ציטערט פון אויפרעגונג).

מ ז י ק: אָה! איך וויים, איר זייט שוין א גרויסער חכם

געוואָרען, אויסגעלערנט אויף מיין קאָפּ!...

ה ע ר ש ע ל ע: איך געפעל אייך ניט, וועל איך ניט זיין קיין אונטערפיהרער אויף אייער חתונה. (פערשליעסט דיא קאססע) א גוטע נאכט! איך געה שלאָפען!

מ ז י ק: איר האָט א טעות! איר געהט נאָך ניט שלאָפען! (פערצווימט איהם דעם וועג) איר ווילט מיר ניט געבען דאס געלד, שרייבט מיר אונטער א פּאפּיר אז איר האָט בא מיר גענומען צו בעהאלטען הונדערט טויזענד... טאָמער באנקראָטירט איר אָדער איך ווייס וואס, קען איך אייך לכל הפּחות אריינזעצען אין אסטראָג. איך שרייב באלד אויף און איר שרייבט מיר אונטער!

ה ע ר ש ע ל ע: אי, זייט ניט קיין שוטה! וואס הייסט, איך וועל אייך אונטערשרייבען פּאפּירען! וועלכע פּאפּירען? וואסערע פּאפּירען?

מ ז י ק: וואס? אונטערשרייבען א פּאפּיר אויך ניט?

ה ע ר ש ע ל ע: ניין! איהר האָט מיר געגלויבט אזוי פיעל, וועט איר מיר גלויבען נאָך א גאכט!

מ ז י ק: איך וויל אייך ניט גלויבען מעהר! איך בין אייך ניט מחויב מעהר צו גלויבען! גיט מיר א פּאפּיר אָדער דאס געלד! איך קען בעשטיין, איר זאָלט מיר גלויבען!

ה ע ר ש ע ל ע: אי! געהט צו אללע שווארצע יאהר! איר ווילט מיר ניט גלויבען, גלויבט ניט! איך געה!...

מ ז י ק: איך גלויב אייך ניט און וועל אייך ניט לאָזען גיין. איך גלויב ניט! איך גלויב ניט! (כאפּט ארויס ביי איהם דעם שליסעל און לויפט עפענען דיא קאססע, הערשעלע לאָזט איהם ניט, ער ווארפט איהם אום, כאפּט דעם פּאק מיט דער גאנצער סוממע געלד און לויפט. הערשעלע נאָך איהם.)

ה ע ר ש ע ל ע: גזלן! רוצח! גנב! אהער גיב דאָס געלד! (כאפּט איהם) איך וועל דיך ניט ארויסלאָזען פון דאנען א לעבעדיגען! אהער גיב דאָס געלד! (זיי ראנגלען זיך, מזיק רייסט זיך ערווים, לויפט צום טיש און דערזעהט דעם קאָרקען־ציהער)

מ ז י ק: אוועק פון מיר! איהר זעהט דאס מעסער? איך

בין פאר זיך ניט פעראנטוואָרטליך איצט! (וועהרענד מזיק רעדט, ווידערהאָלט הערשעלע איינס און דאסזעלבע: מיין געלד! מיין געלד! ער ציטערט מיט'ן גאנצען קערפער).

הערשעלע: אָה! דוא ווילסט מיך הרג'ענען? צו־נעמען מיט געוואלד דאָס געלד? מיט א מעסער גאר! וויא א'ן אמת'ער רוצח!.... גיב אהער ראס געלד! דאס געלד אהער! (שלעפט ארויס ביי איהם דאס מעסער, זיי ראנגלען זיך ביידע, וויא פערוווירטע, בידע פאללען, הערשעלע שטעכט איהם מיט'ן פראָבקע־ציהער אין האלז און שרייט) ניין! דאָ וועסט דוא קרעפּירען פריער, איידער דוא וועסט צונעמען מיין געלד! עס איז מיין געלד! מיין געלד! (א גאנצער פאק מיט געלד צושיט זיך איבערן פאָל. פריידעניו און לייזער לויפען אריין ערשראָקענע).

פריידעניו: וועה איז מיר! וואס איז דאָ געשעהן?

הערשעלע: (קלייבט דאס געלד און ווארפט אין סאק וועיאזש, וויא משוגע) מיין געלד! מיין געלד! מיין געלד!

**פאָרהאנג.**

## פערטער אקט.

(זעהר איין ארעמעס צימטער ביי חצקאל'ן אין הויז. ביים טיהר א דיוזשקע מיט וואססער. ביים אויבען גרויסע שייטלאך האָלץ. א טיש. א לאנגע הילצערנע באנק. צוויי בייגקלאך און א קליין שטוליכעל. ביים וואנד א בעט. א קליינע שאפקע.

חצקאל: (זיצט ביים אויבען אויף דר'ערד און שפאלט מיט א האק דיא גרויסע שייטלאך האָלץ. דאָבע ביים טיש, ארבייט א זאָק און צעהלט דיא „אויגלאך.")

דאָבע: (שטיל) איין און צוואנציג, צוויי און צוואנציג, דריי און צוואנציג, פיער און צוואנציג... אי! איך האָב שוין אראָפגע־לאָזט א אויגעל. (לעגט אוועק דעם זאָק) חצקאל, האק ניט דאס האָלץ אויף'ן שוועל, וועסט נאָך, חלילה, דעם שוועל א האק טהון.

חצקאל: האָב קיין מורא ניט, דאָבע, דעם שוועל וועט ניט וועה טהון. (האקט).

דאָבע: מיך הארט ניט דער שוועל. אבער ווען דו וועסט חלילה א האק טהון דעם שוועל און נאכדעם וועט ציפע אריבער־טרעטען דעם שוועל, וועט זיא חלילה האָבען א קינד מיט א צו־האקטע ליפ.

חצקאל: דאָבע, ציפעניו איז סיידען ווידער שוין... ע...

דאָבע: אין א גוטע, כשרה, מזל'דיגע שעה... דאנקען גאָטט. נו, און דוא ווייסט גאָר ניט, אז מע גיט א האק דיא אויבערשטע פריטעלקע איז באם קינד דיא אויבערשטע ליפ צושפאָלטען און אז מע גיט א האק אין שוועל, איז דיא אונטערשטע צוהאקט? קיין זאך ווייסט דוא ניט, גלייך, חלילה, דוא ביזט גאָר ניט אויס־געוואקסען צווישען מענשען.

ח צ ק א ל : מיט מיין פּראָסטען שכל קען איך ניט פֿאַר־שטיין, וויא אזוי קען מען איבערהאקען א מענשען דיא ליפּ, ווען ער איז גאָר ניטאָ דערביי, ווען ער איז נאָך גאָר אפילו ניט געבווירען געוואָרען. נאָר גאָר ניט, דיא ווייבער ווייסען דאָך מסתמא בעסער אין אזעלכע זאכען.

ד אָ ב ע : דוא הער אויף טענה'ן און קום בעסער אהער. אָט אזוי. זעץ דיך אויף דעם קליין ביינקעלע. ציה אויס ביידע הענד, אָט אזוי (טהוט אָן אויף זיינע הענד בייוויל) איך דארף צור־וויקלען א פּאסמע בייוויל. (וויקעלט) אהא! חצקאל כל־בוניק, דוא האָסט געמיינט, דוא וועסט בא מיר זיצען אָהן ארבייט? גייסט ניט אין פאבריק, ביזט דוא בא מיר אין דער היים אנשטאט א שיקסע, להבדיל, א כפּרה... וואסער אָנגעשלעפּט, האָלץ אָנגעהאקט, קיין עין הרע, קיין בייזע אויג. האלט דיא פּאסמע! איך וועל אָנ־וויקלען א גאנצען קנייכעל בייוועל. (זיא וויקעלט לאנג. זיי שווייגען ביידע, ער הויבט אָן באלד דרעמלען און בעגט זיך צו מיט'ן קאָפּ צו איהרע קניע). שש! ער איז אנדרעמילט געוואָרען... איך האָב זיך מורא א ריהר טהון, איך זאָל איהם פלוצים ניט אויפוועקען. זאָל ער אביסעל שלאָפען.. (בלייבט זיצען רוהיג, גאנץ שטיל) מע זאגט יאקבי, אז מע וועקט אויף א מענשען פלוצים פון שלאָף, קען ער חלילה געכאפּט ווערען. (לייזער קומט פון גאס מיט א שטעקען.)

ל י י ז ע ר : גאָטט העלף! זעה נאָר, וואו ער איז אנשלאָפען געוואָרען. אַי! ר' חצקאל, איר זייט נאָך אלץ א גנב?

ד אָ ב ע : (פערשעהמט) אַי, געהט... ער האָט זיך נאָר אנ־געבויגען...

ח צ ק א ל : ניין! איך האָב טאקי א דרעמיל געכאפּט. (וואשט דיא הענד ביי דער דייזשקע) גאָטט העלף, ר' לייזער, גאָטט העלף! איך זעהען איצט איז א גאנצע זכיה.

ל י י ז ע ר : ר' חצקאל, איך בין געקומען אונמיסטען צו'ן אייך, איך דארף אייך זאגען זעהר א נויטיגע זאך. (פיהרט איהם אויף א זייט, שטיל) שש! זייט וויסען עס איז דאָ! איך האָב זיך

לאנג געמוטשעט, אבער איך האָב עס געפונען. איהר ווייסט: הא לחמא עניא?

חצקאל: אויב איך וויים? הא לחמא עניא הייסט: אָט דאָס אָרעם קבצניש ברויט. איך קען דאס ניט נאָר פון דער הגדה, איך וויים דאָס פון לעבען.

לייזער: שש! אָט דאָס איז דאָס. איר קוקט מיך אָן? אָט דאס איז דאָס.

חצקאל: וואס איז דאָס?

לייזער: הא לחמא עניא אז איר וועט זאָגען פארקערט, וועט זיין הא עניא לחמא און עס גראַמט זיך מיט חצקאל דראכמע... הא עניא לחמא — חצקאל דראכמע!...,

חצקאל: אַי, איר אַלטער משוגענער, זיצט, וועט איר זיין א גאסט בא אונז... חא! חא! חא!

לייזער: (זעצט זיך) און וואו איז דאָס עפּעס אייער גאנ־צער עולם, הא? (מיט א ניגון) דער עולם איז א גולם, און א חכם איז דער איינער, וואס גיט דעם עולם אין דיא ציינער... (שטיל) הא עניא לחמא — חצקאל דראכמע....

ד' אָבע: ציפּעניו איז געגאנגען אין יאטקע. איר ווייסט דאָך אין מיטען וואָך קענען מיר ניט עסען קיין פליישׁ. האָב איך איהר געזאגט, זיא זאָל גיין, אפשר וועט זיא טרעפען וואָלוועל, זאָל זיא קויפען א לונג און לעבער אָדער א פוס־נאָהע. און דיא מחותנת'טע פעסי איז בא דעם גביר. מע האָט זיא געשיקט רופען, פריידעניו איז דאָך שוין ווידער... ניט דאָ געדאכט, ניט אין קיין יודישע שטוב געדאכט. איר געהט אריין אמאָל צו זיי?

לייזער: ניין! איך בין מיר בא אפרים כלי־זמר א קעסט קינד און פיהל זיך איצט וויא א בלינטשיק אין סמעטענא. וואס זאָל איך אהין געהן? מיט מיר שעמט מען זיך און דעם כבוד בין איך זיי מוחל. אבער, זאגט נאָר, ידידי ר' חצקאל, מה היום מיומיים? וואס זיצט איר עפּעס אין דער היים? גזלן, איר וויקעלט דאָ בייוועל? (דאָבע פערשעהמט זיך ווי עדער).

חצקאל: וואס איך זיץ אין דער היים? אָט דאָס איז דאָך

דיא קלאָץ קשיה. ר׳ הערשעלע האָט מיך געוואָלט גליקלאך מאכען און געבען מיר א טשין פון א פריקאשציק. דאס הייסט, איך זאָל אליין ניט ארבייטען און זאָל נאָר אומגיין און האווקענען אויף דיא וואס ארבייטען יא. האָב איך איהם בעדאנקט. ניט איך, ניט מאָטעלע, — מיר ווילען פון איהם קיינע טובות! נו, אבער לכל הפחות ארבייט וויא פאר א פראָסטען ארבייטער זאָל מען געבען גענוג? וויים איך! א קדחת שונאי ישראל, דריי טאָג ארבייט איך און דריי טאָג ניין! מע גיט אונז צו פערדינען נאָר אזוי פיעל, מיר זאָלען פון הונגער ניט פערחליאנעט ווערען. מאָטעלע איז אליין אוועק אין פאבריקע ארבייטען און איך, ניט אומגיין פוסט און פאס, דיען איך דאָבען אנשטאט א שיקסע. דאס איז מזיק׳ס פאריאדקעס. ר׳ הערשעלע וויים ניט, אזעלכע נאריש־קייטען וויא חצקאל דראכמע ליעגען איהם איצט ניט אין זינן... און איך וועל ניט געהן קלאָגען זיך אָדער בעטעי א לאסקע בא איהם! (גיט א האק בייז א שטיקעל האָלץ) ניין! דאס וועלען מיינע שונאים ניט דערלעבען!

ד אָ ב ע : אָי, דער מזיק! ער האָט אונז אללע צו־מזיק׳ט. ווען ער איז געווען קראנק, האָבען מיר געמיינט, מיר וועלען שוין פון איהם פטור ווערען. זאָל מיך, איך האָב דיא הענד ניט גע־וואשען, ניט שטראָפען פאר דיא רייד. ער האָט זיך אבער אויס־געקאטשעט. עפים רעכטס וואָלט גאָטט צוגענומען, א צרה לאָזט ער אונז איבער.

ח צ ק א ל : פון דעסטוועגען איז ער דריי חדשים אומ־געגאנגען מיט א פערבונדענע כלי. מע זאגט, זיי האָבען זיך שיער ניט צו׳הרג׳עט פאר׳ן געלד. און פון יענעם טאָג געהט הערשעלע אום שטענדיג זעהר א צוטראָגענער. דאנקען גאָטט וואס איך בין א קבצן. לכל הפחות פאר׳ן געלד וועט מיר קיין מזיק ניט איבערבייסען דעם גאָרגעל!

ד אָ ב ע : בעריל לאפטיוך זאגט יאקבוי, אז דאָס האָט ר׳ הער־שעלען אָבגעקאָסט מיליע־מיליאסען מיט געלד, איידער זיי האָבען

זיך איבערגעבעטען. ר׳ ליזער, וויפיעל איז מיליע־מיליאסען?

ל י י ז ע ר: א סך!...

ח צ ק א ל: נו, יא, אבי עס איז בא זיי ווידער שטיל, קוצע־ניו מוצעניו... זיי זיינען יעצט נאך שטארקערע גוטע פריינד און דער גאנצער פלאקער איז מזיק.

ל י י ז ע ר: אַי, ווען איך דערמאַן מיך, וואס יענע נאכט האָט זיך אבגעטהון! א געשריי: קאראול! קאראול! בא מיין תכשיט א מאשינקע פון פליאשקע, מזיק א צובלוטיגטער וויא א חזיר! געלד! געלד! בלוט!ביידע וואלגערען זיך אויף דר׳ערד, פריידע א טויט־ערשראָקענע, בא מיר דיא נשמה אויף׳ן שפיץ נאָז! — ע! דאנקען גאָטט, איך בין איצט בא אפרים כלי־זמר. (געהט צו דער שאפע) איז ער געגאנגען צו דערלאנגען אביסעל משקה פון דער פליאשקע, און האָט ער גענומען צו דעם גומען. (זוכט, דאָבע לאכט.)

ח צ ק א ל: ר׳ ליזער, אייער טרחה איז אומזיסט... איר וועט ניט געפינען אפילו א לעק... היינטיגען שבת האָבען מיר אפילו קידוש געמאכט אויף טרוקענע חלה....

ל י י ז ע ר: טרוקענע חלה? פע! און אָט איז אונזער ציפעניו. (ציפע קומט מיט א קאשאק א שאל אויף דיא פלייצעס, זיא איז אין א גוטע לוינע.)

צ י פ ע נ י ו: אה, א גאסט! גאָטט העלף, זיידעניו. גוט, וואס איר זייט געקומען. איך דארף אייך נויטיג עפעס פרעגען. (פיהרט לייזערן אָן א זייט, ער איז זעהר פעראינטערעסירט) שש! זאגט מיר, איך בעט אייך... ע! ע! פאר א יאהרען וויַנטער איז גע־גאנגען א שניי? (אללע לאכען.)

ל י י ז ע ר: אזוי גאָר? גוט... איך מוז צוגעבען: גוט...

ד אָ ב ע: אי, מיר בייסט עפּיס אין לינקען אויער, איך האָב מורא, איך האָב מורא, מיר וועלען חלילה האָבען עפּיס א שלעכטע בשורה.

צ י פ ע נ י ו: שוויגער לעבען, א שלעכטע בשורה האָב איך אייך געבראכט: איך האָב קיינע מציאות ניט געהאנדעלט. אויף

יעדען לונג איז דאָ צוואנציג בעלנים און אויף איין פּופּ־נאָהע זיעב־צעהן ווייבער.... בין איך געקומען אָהן א פּוס און א לונג. איאָ א שלעכטע בשורה? ח! הא! חא! דיא קינדערלאך שלאָפען נאָך?

ח צ ק א ל: מאָטעל וועט נעבאך קימען א הונגעריגער פון דער ארבייט.

ד אָ ב ע: נו, מיר וועלען איהם אָבקאָכען פּיש־קארטאָפּליע, ער האָט עס ליעב און עס וועט איהם זיין צו געזונד, קיין עין הרע, קיין בייזע אויג.

צ י פּ ע נ י ו: זיידע, קארטאָפּליעס מיט וואסער, מיט א סך פעפער און אָהן פּיש, רופט זיך בא אונז פּיש־קארטאָפּליע. איהר האָט עס ליעב? פּיש קארטאָפּליע, ע! ע! טאראטאָפּליע... אָי! צו קארטאָפּליע הפנים גראמט זיך קיין זאך ניט.

ל י י ז ע ר: קארטאָפּליע פון פיש מהודו ועד כוש, מכוש ועד הודו, באלד זיי זיך מודה, צו האָסט דוא גענומען צו דיין כשר'ן גומען....

צ י פּ ע נ י ו: (שלאָגט איבער) אביסעל משקה פון דער פליאש־קע. חא! חא! חא! שוויגער לעבען, און וואו איז דאָס דיא מומעניו?

ד אָ ב ע: מע האָט זיא גערופען צו פריידען. זיא האָט דאך ווידער דעם חולאת, ניט אין אונזער שטוב גערדאכט. אלע חודש קומט עס אָן אויף איהר. נא! האָסט דוא געהערט אביסעל א חולאת? קיין זאך טהוט ניט וועה און מען איז קראנק, ניט משוגע און דאך ניט בא'ם זינען. (ציפּע בלייבט זיצען א טרויריגע.)

ח צ ק א ל: דאס איז דיא מרה־שחורה. מע זאגט, אללע גבירים קרענקען מיט דעם חולאת.

ד אָ ב ע: דוא ווייסט! עס קומט דערפון, וואס ווייבער האָבען ניט קיין קינדער... וואס זאָגסט דוא פּאָרט, וויא מיר בייסט אין לינקען אויער...

ל י י ז ע ר: איך זאָל וויסען, אז מרנו ורבנו ר' הערש איז ניטאָ אין דער היים, וואָלט איך אריינגעגאנגען זיא זעהען. זיא איז טאקי א גרויסע נגידת און פון דעסטוועגען איז אויף איהר נעבאך א רחמנות.

צ י פ ע נ י ו : יא, ר' לייזער, געהט אריין צו איהר. איר וועט פערדיענען א מצוה — זיא איז זעהר עלענד. אי ! איר זאלט זיא זעהען, ווען עס קומט אן אויף איהר : שטיל, וויא א טויב, רעדט אליין צו זיך, זינגט זיך אין דער שטיל און איז אזוי אונמוטהיג.— (אללע בלייבען שטיל. פויזע. פלוצלינג א גערויש. ציפעניו חאפט זיך אויף ערשראקען) וועה איז מיר ! וואס איז דאס עפים ? מיר האט זיך אבגעריסען דאס הארץ ! (א יוד א'ן ארבייטער לויפט אריין זעהר ערשראקען.)

א ר ב י י ט ע ר : גאטט איז מיט אייך... איך בעט אייך... שרעקט אייך ניט... מע טראגט אייער מאטעלען אהיים.

א ל ל ע : אי ! וועה איז מיר ! וואס איז ?...

ד א ב ע : א'ן אונגליק האט מיך געטראפען !

א ר ב י י ט ע ר : עס איז חלילה ניט קיין גרויסע סכנה. מיט'ן ראד האט בא איהם אבגעריסען א האנד !

ח צ ק א ל : דיא פאבריקע ! דיא פאבריקע ! אי ! דיא פאבריקע !

צ י פ ע נ י ו : וואו איז ער ? מאטעלע... מאטעלע ! (לויפט צום טיהר. אנקעגען קומען אידישע ארבייטער, וועלכע טראגען מאטעלען, ער איז אויסגעשמירט אין בלוט, איין האנד פערוויקעלט מיט א סך ווייסע טיכער, דורך וועלכע עס זעהט זיך ארויס דאס בלוט. גאר אויבען א ווייסער נייער טלית אויך אין בלוט. ציפע שרייט ניט מיט איהר קול) וועה איז מיר ! ער איז טויט ! ער איז טויט !

ד א ב ע : מיין קינד ! מיין איינציג ק'נד ! מיין מאטעניו !...

א ר ב י י ט ע ר : גאטט איז מיט אייך, ער איז נאר אין חלשות (זיי לעגען איהם אויף'ן בעטיל,)

ח צ ק א ל : גאטט ! דיינע טליתים מאכט מען איצט מיט רעדער, וועלכע רייסען אונז דיא גלידער ! זעהט, מיין זון ! מיין זון. אללע לעבען בעטיל.)

צ י פ ע נ י ו : מאטעלע ! אי ! איך וועל דאס ניט אויסהאל־טען. (זיא און דיא מוטער שרייען לעבען איהם.)

מ א ט ע ל ע : (קומט צו זיך. מיט זעהר א שוואכע שטימע.)

אָי ! (וויל א שמייבעל טהון) שרעקט אייך ניט, עס איז גאָר ניט. נאָר איין האנד אבגעריסען. אָי, וואס איז דאָרט א האנד בא א׳ן אר־בייטער... טאטע, דוא ווייסט, ער... ר׳ הערשעלע... איז פונקט גע־שטאנען לעבען פענסטער... ניט ווייט פון מיר... מיין בלוט האָט אויף איהם געגעבען א שפריץ... אָי, ציפעניו... (חלש׳ט. א דאָקטאָר און א פעלדשער קומען איילענדיג זיך.)

ח צ ק א ל : מאָטעלע, מיין קינד, שטארק זיך. אָט איז גע־קומען דער דאָקטאָר. זון מיינער!

צ י פ ע נ י ו : וועה איז מיר! וועה איז מיר! וואס וועט פון אונז זיין? וואס וועט זיין פון אונז — (קלאָגט)

ד אָ ב ע : מיין קינד! מיין זון! א שלאג האָט מיך געטראָפען, וועה איז מיר! (אללע וויינען, דיא ארבייטער ווישען דיא טרערען. דער דאָקטאָר נעמט פון פאק זיינע אינסטרומענטען.

(א סך יודען און ווייבער ערשראָקענע קוקען אריין אין דיא פענסטער און אין טיהר).

פ ע ר וו א נ ד ל ו נ ג.

(א הויף לעבען דער פאבריק. עס הערט זיך וויא דיא רעדער רוישען און דיא מאשינען קלאפען. מ ו י ק פיהרט ארויס ה ע ר ש ע ל ע ן. הערשעלע זעהר בלאס.)

מ ז י ק : נאָך פילט איהר ניט גוט? קומט ארויס אהער אביסעל אויף׳ן לופט. עי! ווער איז דאָרט? דערלאנגט אהער א ביינקיל (א׳ן ארבייטער טראגט ארויס א ביינקעל) זעה נאָר, וויא בלאַס ער איז געוואָרען!

ה ע ר ש ע ל ע : איך האָב דערזעהען רויטע בלוט, בין איך געוואָרען ווייס. אָי! (שפילעט אב דעם קראַנען פון העמד.)

מ ז י ק : וואס איז דאָרטען אזעלכעס? אזוי געהט דאָס לעבען : דעם רייסט אָב א האנד, דער פערליערט א פוס, פיעלע ווערען גע׳הרג׳עט אין מלחמה. דאָס לעבען שטעלט זיך ניט אָב דערמיט און דיא וועלט ווערט אויף דאס מינדעסטע ניט פער־ענדערט. וואס בעדייטעט מאָטעלע אין דער גרויסער וועלט־פאבריק, וועלכע רופט זיך נאטור?

הערשעלע: מזיק, דוא ביזט גערעכט: מאָטעלע בעדריי־טעט גאָרניט... נו, און הערשעלע בעדרייטעט א סך? אָי! וויא זאָגט אונזער פּיוט: דער מענש איז געגליכען צו א צובראָכענעם שארבען, צו דעם שאטען וואס לויפט פאָרט, צו דעם שטויב, וואס ווערט געטראָגען פון ווינד, צו א חלום וואס ווערט פערשוואונדען...

מזיק: ע! דאס איז א אלטע יודישע לידעלע, מיט וועלכע דער יוד פערביטערט זיך שטענדיג אליין דאס לעבען און ווארפט אויף זיך אליין ארויף א אימה ופחד. נאָך לאנג, לאנג האָט אונזער יודישער צרות־העלד איוב געזאגט דיא זעלבע חכמה: דער מענש איז וויא א גראָז, וואס געהט אויף און ווערט פערשניטען, וויא א שאטען וואס לויפט... ניין! מיר געפעלט שוין פיעל בעסער, וויא דער דייטשער געלערנטער דאָקטאָר האָט געזאגט: „פערגניגען וויל איך פון אללעס זאָל מיין אויג געניסען, דאָך וויטער זאָל שטרעבען מיין זינען!“

הערשעלע: א יוד בין איך און דיא אלטע יודישע לידע־לאך וועלען לעבען אין מיר ביז מיין טויט. דעם מענש קען מען גיכער פון מיר אויסקאָרעניען, אבער ניט דעם יוד... ניין! דער וואס האָט דיר געזאגט: ער וויל פערגניגען מיט'ן אויג געניסען און מיט'ן זינען שטרעבען, — איז געווים געוועזן א גוי... דער יוד מיינט: מע קען ניט געניסען, ווען דער זינען שטרעבט. און דער זינען קען ניט שטרעבען, ווען מע געניסט!...

מזיק: מע דארף אבער זיין ניט נאָר א יוד, מע דארף זיין א מענש!

הערשעלע: יא! מענש אויך!... אָי! אמאָל פלעג איך זיך פאָרשטעלען, וויא שרעקליך עס וועט הילכען דער שופר הגדול, וועלכער וועט ערשאללען פאר'ן גרויסען יום הדין. און וועט וועקען דיא טויטע מענשען וואס ליעגען אין דיא קברים. און... רופען זיי צום כסא המשפט... מזיק, ווען פון זיין ברוסט האָט זיך היינט ארויסגעריסען דער פירכטערליכער יאממער־געשריי, האָב איך ער־פיהלט, אז עס איז דאָ עטוואס, וואס הילכט שרעקליכער פון קול השופר הגדול!... מזיק, דער מענש האָט אין איהם געשריען, דער

אמת'ער, נאטירליכער מענש... און וויא טיעף אין מיר זיינען שוין געשלאָפען דיא מענשליכע געפיהלע, זיין יאממער־געשריי האָט זיי ערוועקט! און ווען איך האָב דערזעהן דיא בלאסע פּנים'ער ארום איהם, זייער אמת'ען שרעק און רחמנות, האָב איך פערשטאנען, דאס דיעזער מענשליכער יאממער־געשריי איז דער מעכטיגער שופר, וואס רופט אונז צום יום הדין, וואס צוברעכט דעם פּאנציר וואס ליעגט אויף אונזער הארץ און וועקט אויף דעם מענשען פון זיין קבר... בא דעם געשריי פערשווינדעט גוי און יוד, בעל־בית און ארבייטער, חכם און נארר... דער מענש נאָר ערוואכט... דער מענש, דער מענש!.....

מ ז י ק: אָה, איך וויים, וואס א יוד רופט מענש! געווים ניט מאכט, קראפט, טהעטיגקייט, ערפינדונגס־פעהיגקייט. פער־זועגענהייט פון גייסט, ניין! זאָרגען זיך וויא א שוואכע פרוי, גריבלען וואנקען, ניט האָבען קיין הנאָה פון'ם לעבען, פיעל טראכ־טען און ווענין טהון — דאס איז דער יודישער מענש! איהר דארפט זעהר נויטיג דעם מין מענש ארויסרופען פון קבר, ער זאָל קומען און פערגיפטען דאס לעבען? וואס קוקט איר? האָט קיין מורא ניט, אויף אייך איז שוין ניטאָ קיין בלוט, מע האָט עס אָב־געוואשען....

ה ע ר ש ע ל ע: אָבגעוואשען? הם... יא אָבגעוואשען, אָדער ניט אבגעוואשען, זיין בלוט שרעקט מיך ניט. זעהסט דוא דאן... אין יענער נאכט, ווען איך האב דיין בלוט געזעהען אויף זיך, האָב איך מורא געהאט, איך האָב געפיהלט מיאוס, איך האב געפיהלט שלעכט... זיין בלוט אָבער שרעקט מיך ניט, עס מאכט מיר וועה. איך פיהל ניט מיאוס, איך פיהל א שארפען ווייטאג.

מ ז י ק: חע! חע! חע! דומהייטען! אייערע נערוועז האָבען זיך אביסעל צושטיפט. איר זעהט דאס צום ערשטען מאָל... קומט, פרישע לופט וועט אייך ווידער געזונד מאכען — עי! בעריל לאָפּ־טיוך, נעם צו דאס בענקיל! (א אידישער ארבייטער טראָגט דאס בענקיל אוועק) וויים איך, נאררישקייטען! אָט האָב איך א מאָל געזעהען, אין א גרויסע פאבריק האָט עס איינעם פערטשעפעט, און דאָס

גרויסע ראָד האָט איהם איינגעהויבען א לעבעדיגען גאנץ הויך און דאן ערשט אראָבגעשלעפט ארונטער און צומאָלען אויף אש.
(פיהרט איהם).

הערשעלע (פערטראכט) אָט אזוי איז דאָס אפּנים: דאָס ראָד פונ'ם לעבען הויבט אויף הויך, גאנץ הויך און נאכדעם ווארפט עס אראָפּ און צומאָלט אויף אש... אויף אש און שטויב!..

מזיק: נו, א יוד אָהן אש און שטויב איז וויא א גוי אָהן בראנפען און אָהן ביער. קומט, מיר וועלען אליין נעמען צו ביסלאך קאָניאק. זעה נאָר, וויא בלאס ער איז! חע! חע! חע! איר זייט נאך גאר גרין... עס איז נאָר א געוואָהנהייט... אויף דיא גרויסע פאבריקען ברעכט עס פיס און עס רייסט הענד יעדע מינוט און גאר ניט... מע דארף זיך נאָר צוגעוואוינען... סענטימענטאל האָט מען געקענט זיין אמאָל, ווען דער מענש האָט געאו בייט מיט'ן מענשען... יעצט ארבייטען מיר מיט מאשינען און דער מענש דארף זיין פינקטליך, שטארק און קאלט וויא א מאשינע... זעהסט? דער מענש האָט זיך אין איהם איינגעהאפּט, איז ער געוואָרען אוים מענש... חע חע! חע! (ביידע אָב). (דיא מאשינען און רעדער רוישען).

פערוואנדלונג. הערשעלעס קאבינעט. א שאפע מיט ספרים, אויף וועלכער עס ליעגט זיין פיעדעלע אין א פוטליאר. אין מיטען צימער א שרייב טיש, לעבען וועלכען עס שטייט א הויכע אייזערנע קאסע, עט־ליכע שטוהלען. לייזער און פּעסעניו זיצען טרויעריגע, פריידעניו געהט אום פערבראָכען דיא הענד און זינגט שטיל מיט א וויינענדיגע שטימע „מזמור לדוד." (ביסלאכווייז ווערט דונקעל.)

פּעסעניו: פריידעניו, וואס טהוט דיר וועה, מיין קינד? ביזט קראנק הא?

פריידעניו: דאָס הארץ טהוט מיר וועה, מומעניו. אזוי וויא א שלאנג זייגט מיר דאָס בלוט, איך קען זיך קיין אָרט געפי־נען. מיך הארט קיין זאך ניט און מיך פרייט קיין זאך ניט. איך פיהל גלייך וויא איך שווים אין א ים פון אונמוטה און טרויער. (געהט צום שאפע און נעמט דאָס פיעדעלע און בעטראכט זיא.)

ל י י ז ע ר: אָבער פאר וואס איז דאָס, פאר וואָס פיהלסט דוא אזוי?

פ ר י י ד ע נ י ו: איך וויים אליין ניט. עס קומט פּלוצלינג אזא פערדרוס, אזא ערגער, אזא הארצ־ווייטאג.

פּ ע ס ע נ י ו: אי, וועה איז מיר. (שטיל צו לייזערן) איך וואָלט געדארפט אריבער לויפען זעהען וואס דאָרט טהוט זיך. נאָר וויא לאָזט מען זיא איצט אליין?

ל י י ז ע ר: מע לאָזט אהין קיין מענשען ניט, א פּשיטה שוין ווייבער... מע טרייבט זיי וויא דיא געגנז. דער דאָקטאָר מאכט איצט דיא אָפּעראציע. (א געוויש) אָי! איך האב מורא, מיר דאכט זיך דעם בדחנס בעל הבית געהט. (הערשעלע און מזיק אריין לייזער שטייט אויף).

ה ע ר ש ע נ י ו (זעהר טרויריג) זעהט, וואָסערע געסט בא מיר אין קאנטאר. נו, פריידעניו, וואָס מאכסט דוא? בייזט געקומען מיך זעהען?

פ ר י י ד ע נ י ו: איך קום אהער אָפּט און איך הער זיך צו, ווען וועט דיא פיעדעלע שפּיעלען און דיא פיעדעלע שוויינט. וויא א טויטע ליעגט זיא שטיל און אמאָל האָט זיא גערעדט. אי! איך וואָלט געוואָלט הערען נאך אמאָל, וואָס האָט זיא דאמאלס געזאָגט... האָט זיא מיך אָבגענארט? ניט דעם אמת געזאָגט?

ה ע ר ש ע ל ע (לייגט צוריק דאס פיעדעלע). בערוהיג דיך, פריידעניו, איך בעט דיך. האָב רחמנות אויף זיך, האָב רחמנות אויף מיר.

פ ר י י ד ע נ י ו (פערטראכט). עס ציהען זיך גראָע לאנגע טעג אָהן ליכט און אָהן פינסטערנים, אָהן קעלט און אָהן ווארימקייט, אָהן צרות און אָהן פרייד.

ה ע ר ש ע ל ע: ניטאָ קיין פרייד דאָרט און ניטאָ קיין פרייד אין דער היים (זיפצעט שווער).

פ ר י י ד ע נ י ו: אך, איך פערשטיי. קום, מומעניו, דער פעטער וויל געווים בערעכענען זיינע חשבונות און איבערציילען נאך אמאָל דאָס געלד... דאָס געלד קלינגט און דיא פיעדעלע שוויינט...

ר' אוריאל, זינד איר האָט אונז געבראכט דעם גרויסען געווינס, האָבען מיר אלעם פערשפיעלט.

פ ע ס ע נ י ו : אי, אללע פערשפיעלען און דער געווינס קומט קיינעם ניט אָן!

מ ז י ק : איר מיינט זיא איז ניט גערעכט? (עפענט דיא קאססע) גוט א קוק, עס איז דאָ וואָס צו בערעכענען און איבערציילען. (ביידע פרויען אָב).

ה ע ר ש ע ל ע (זעצט זיך) ניין! דאָס געלד האָב איך שוין איי־בערגעציילט... דיא חשבונות? זעהסט דוא, דיא חשבונות, דאכט זיך, איז יא צייט צו בערעכענען.

ל י י ז ע ר (וועלכער איז געשטאנען דיא גאנצע צייט א דערשראָ־קענער גיט א מאך מיט'ן האנד און גנב'עט זיך שנעלל צו דער טיער) א גוטען! (וויל ארויסלויפען).

ה ע ר ש ע ל ע : זיי זשע מוחל, טאטע, איך האָב דיר געוואָלט עפּיס זאָגען. געה ניט אוועק, איך בעט דיך... בלייב דאָ... עס איז ניטאָ קיין לעבעדיגער מענש אין שטוב. איך בין דאָ אליין... איך האָב חרטה, טאטע, וואָס איך האָב דיך געלאָזט זיין בא פרעמדע מענשען אויף דער עלטער.

מ ז י ק (א פארט) ער זוכט אינ'ם בדחן דעם מענשען.

ל י י ז ע ר : איך בין ניט בא פרעמדע; מיט אפרים'ען דעם כליזמר זיינען מיר אייגענע. מיר פערשטייען איינע דיא אנדערע, מיר האָבען פון וואס צו שמועסען, וואָס פון דיא אמאָליגע אלטע יאָהרען צו דערמאנען. ניין, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, דאָרט, בא דיא פרעמדע בין איך אין דער היים, און דאָ אין דער היים בין איך געווען אין דער פרעמד. דאָרטען, פערשטייסט דוא, איז ניטאָ קיין מעלאַקאָליע, קיין מרה שחורה. איז דאָ וואָס צו עסען, האקט מען אריין מיט לאַפּעטיט, ניטאָ וואס צו אכלן — דערציילט מען גלייכווערטלאך, מע קריעגט זיך און מע מאכט שלום, מע לאכט, מע שפּיעלט א דאמקע, מע שפּיעלט אביסעל מוזיק... איך לופטער דורך דאָרטען דעם בדחן. איך ווייס, פאר דיר איז דאָס א בזיון, אָבער דאָרטען איז דאָס אויפ'ן פלאץ. געוויס, איך קען דיך ניט

נויטען דורכען שאלאטען שמש דוא זאלסט אפרים'ן צאהלען פאר אזא אלטען טאטען, א גראבען יונג...

הערשעלע: ניין, טאטע, חלילה, ניט דאס האב איך גע־מיינט, דוא האסט מיך ניט פערשטאנען...

לייזער: איך וויל זאגען, אויב דוא וועסט אפילו ניט צאה־לען, וועט מיך אפרים אויך חלילה ניט ארויסטרייבען. בא קבצנים שפיעלט עס ניט קיין גרויסע ראללע. אבער איך דא? וואס דארף איך דא און וואס האב איך דא? א גוטען טאג... עס איז שוין בין השמשות און מע מעג זאגען: א גוטע נאכט. (שטיל) זעקס, זיעבען, אכט. (אב)

מזיק: נו, דארפט איר אייך אזוי שרעקען פאר'ן מענש? חע! חע! חע! ר' הערש, אין יעדען מענש זיצט א בדחן...

הערשעלע: יא! אבער אין יעדען בדחן זיצט א מענש. דוא ווייסט, וויא גרויס מיר זאלען זיך ניט האלטען, וויא רייך און שטארק מיר זאלען ניט זיין, מיר האבען דאך מורא פאר'ן מענשען. ווען מיר בויען א שול, א קהל'שען מרחץ, אדער ווען איך, למשל, האב געוואלט בויען דא א האספיטאל, אדער ווען איך צאהל פיר מיין פאטערס קעסט. דאס איז נאר וויל איך האב מורא פאר'ן מענשען, נאר ווילע מיר ווילען בעצאהלען דעם מענשען חאטש א קליינע טהייל פון א גרויסען חוב, נאר וויל מיר מיינען, אונז וועט געלונגען לכל הפחות אבנאררען דעם מענשען, פערבלענדען, אונ־טערקויפען... מזיק, קיין זאך שרעקט דעם מענשען ניט אזוי שטארק, וויא דער מענש אליין. (עס ווערט ביסלאכווייז דונקעלער).

מזיק: איך פערשטיי ניט! איך ווייס, מע האט מורא פאר גאטט, אנדערע האבען מורא פאר'ן טייוועל. איר האט גאר מורא פאר'ן מענשען! וואס־זשע דער מענש איז אזא כל יכול?

הערשעלע: מיט גאט קען מען זיך אויסגלייכען.... פונם טייוועל האלט מען זעהר וועניג, ווען מע האלט זיך שוין אליין פאר א בריה מיט א חכם. אבער דער מענש? אונזערע חכמים זאגען: דיא עבירות וואס בין אדם למקום, צווישען גאטט און מענש איז יום כפור מכפר. אבער בין אדם לאדם, וואס איין מענש זינדיגט

נעגען אנדערן, — דאָ העלפען ניט טרערען, דיא צדקות, דיא תחינות און תפילות פון יום כפור. (א גערויש) שא, ווער איז דאס דאָרט? עטליכע יודישע ארבייטער פיהרען אריין דאָבען און ציפּען. זיי זיינען זעהר פערוויינט.)

אַרבייטער: האָט קיין פּעראיבעל ניט, ר' הערשעלע, דער דאָקטאָר האָט זיי געהייסען אוועק פיהרען אין קאנטאָר. מע קען איבער זיי דיא אָפּעראַציע ניט ענדיגען... אֵי! מיר האָבען זיי קוים מיט געוואלד אָבגעריסען. (אב.)

הערשעלע: (זאנפט) געהט אריין אהין... קומט, דאָרטען זיינען אונזערע (פיהרט זיי.)

דאָבע: אֵי, ניט אומזיסט האָט זיך מיר פּאַראכטאָגען שבת צו נאכט געחלומט, אז איך האָב פערלאָרען א צאָהן. ניט א צאָהן, א אויג האָט מען מיר אויסגעריסען פון קאָפּ! מיין איינציג קינד האָט איהר מיר געמאכט פאר א קאַליקע.

ציפּעניו: שוויגער, וואס דארפט איהר רעדען? ער איז דאָך אונזער בעל־בית און וואס קען עס הארען א בעל־בית? מאָטעלע האָט שוין ניט קיין הענד, וועט א'ן אנדערער ארבייטען. (וויינט.)

הערשעלע: ציפּעניו, איך בין ניט נאָר דיין בעל־בית — איך בין דיין פעטער און דיין שוואגער.

ציפּעניו: זינד איהר האָט געגט דיא מומעניו זייט איר מיר קיין פעטער מעהר. און דערמיט וואס איהר האָט מיין שוועסטער אונגליקלאך געמאכט זייט איר מיר ניט קיין שוואָגער. (ביידע אב אין דער אינערסטע טיער.)

הערשעלע: אללע זיינען מיר פרעמדע, אללע שונאים. דאכט זיך, עס ווייזט זיך אוים, אללע ווילען זיין קרובים מיט א נגיד, אללע שעצען אזוי טייער זיין פריינדשאפט. אבער דאס ווייזט זיך נאָר אוים.... ווען דיא צייט קומט, דאס זיי רעדען אמת, וויא זיי פיהלען, זעהט מען — אללע זיינען שונאים, אללע זיינען פרעמדע... אין חלום נאָר זעהט מען אללע מיט זיך, אין דער

ווירקליכקייט איז מען אליין! אליין! מזיק, איך בעט דיך... איך וויל איצט דאָ אליין בלייבען.

מ ז י ק: איך וויל אייך אבער איצט אליין ניט לאָזען. איך האָב מורא, איר זייט צו נערוועז... און... און אביסעל צו פיעל פערנומען מיט'ן מענש... מענש!

ה ע ר ש ע ל ע: וואס קענסט דוא מיר איצט העלפען? דוא האָסט מיר געקענט העלפען ווערען רייך, ווערען גרויס, בעריהמט, האָבען כבוד, אָבער מיך גליקלאך מאכען, מיך בערוהיגען, מיין גייסט בעפריעדיגען, מיין קראנקע זעעלע געזונד מאכען, דאס ביזט דוא ניט אימשטאנדע, איך בעט דיך, פערלאָז מיך איצט...

מ ז י ק: (סארקאסטיש) דער מענש וויל בלייבען אליין אָהן מיר?

ה ע ר ש ע ל ע: יא, געה, איך וויל בלייבען אליין מיט זיך. דוא הערסט ניט? (בייז) איך זאג דיר, געה אוועק פון דאנען! (מזיק געהט.)

מ ז י ק: שלעכט מיט אזא שותף! דאכט זיך ער האט שוין אלע עלעמענטען פון וואס דאס גליק ווערט צוזאמענגעשטעלט, און קען זיך דאָך דאָס גליק ניט שאפען. ווילסט דוא איהם העלפען? דאן לאָזט ער זיך פיהרען נאָר א געוויסע צייט, און הויבט זיך אָן ארום קוקען, חרטה האָבען, תשובה טהון. בלייבט טויב צו דיינע רייד און הערט זיך צו, וואס דער מענש זאגט — געה מאך גע־שעפטען מיט אזעלכע ברואים! (אב.)

ה ע ר ש ע ל ע: איך האָב גאר אליין ניט געפיהלט, וויא עלענד, וויא פרעמד איך בין. קיין איין פריינד, קיין איין מענש אפילו אין דער גאנצער וועלט צו וועמען איך זאָל קענען קומען יעצט מיט מיין צואווייטאָגט הארץ, אויסוויינען מיינע צרות, ער־ציילען אללע מיינע טעותן און ערווארטען איין וואָרט פון טרויסט און האָפנונג. מיין אייגנער פאטער פיהלט זיך ניט אין דער היים בא מיר, בא זיין איינציגען זון. מיין פריידעניו? איך פארשטיי זיא ניט. איך בין געוועזן פערנומען מיט געשעפט און האָב קיין צייט געהאט איהר פריינדשאפט צו ערווערבען. אָה! איך מוז

מודה זיין, זיא! דיא געגטע איז אמאָל געווען מיין טרייסטער פריינד אין דער וועלט און איצט... איצט זיינען מיר פרעמדע. וויא שלעכט איך וואָלט ניט געווען, וואָלט זיא מיר מוחל געווען, ווארום זיא... זיא איז געווען א אמתער פריינד... אמתע פריינד־שאפט וויים ניט פון חשבונות און אויסרעכנונגען... (פּעסי אריין) אָי!

פּ ע ס י : קיינער ניטאָ דאָ? איך האָב געוואָלט שיקען נאָך נאשאטירנע ספּירט, ציפּעניו שלאָגט אללע ווײלע א חלשות צום הארצען. (געהט צו דער אויסערסטער טיער.)

ה ע ר ש ע ל ע : עס איז גוט, וואס איר זייט געקומען, מיר ווילט זיך מיט אייך רעדען...

פּ ע ס ע נ י ו : רעדען? ניט איצט... איר זייט אליין דאָ... א פרעמדער...

ה ע ר ש ע ל ע : מיינט ניט, עס איז אזא גרויסער חטא...

פּ ע ס ע נ י ו : ניין! אבער פון וואס קען איך מיט אייך רעדען, אָדער איר מיט מיר? אז מיר זיינען דאָך פרעמדע מענשען... אבער וואס זיצט איר אין דער פינסטער? זאָל איך אייך הייסען ארייטראָגען א לאָמפּ? (אין טיער) טראָגט אריין א לאָמפּ!

ה ע ר ש ע ל ע : ניין, איך וויל זיצען אין דער פינסטער. (א דיענער ברענגט א לאמפּ. אב.)

פּ ע ס י : אָי! ווענען שיקט מען? (אפּארט) וועה איז מיר, ער האָט נעבאך ניט מיט ווענען א וואָרט אויסרעדען. (געהט צום טיער. ל י י ז ע ר ראש אריין).

ה ע ר ש ע ל ע : וואס איז?

ל י י ז ע ר : (ערשראָקען) פּעסי זייט זשע מוחל, איך דארף אייך עפּיס זאגען... שש!

פּ ע ס ע נ י ו : נו, אייער סודות! עס ליעגט מיר איצט מעהר ניט אין זינן.

ל י י ז ע ר : פּעסעניו, צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען קומט מיר אויס צו זאגען אזא סוד, פון וועלכען מע וועט ניט לאכען. (שטיל) איך האָב ערשט געהערט אין גאס, מאָטעלע האָט

ניט אויסגעהאלטען דיא אָפּעראַציע... זיי זיינען דאָרט? מע טאָר זיי ניט זאגען.

פּ ע ס י : אָי! וויא אזוי וועט עס ציפּעניו איבערטראָגען! און דיא ארעמע מאמע נעבאך. וועה איז מיר (ביידע אב.)

ה ע ר ש ע ל ע : וואס איז דאָרט שוין ווידער? אה! וואס געהט עס מיך אָן און וואָס קען עס מיך הארען? (געהט אום). וואָס ערוואַרטעט מיך אין דער צוקונפט? אקוראט וויא איך קוק אריין אין א פינסטערען תהום, אין א שרעקליכען אבגרונד. איך האָב מורא! איך האָב מורא צו לעבען! אזא לעבען שרעקט מיך און איבערמאכען דאס לעבען וועל איך ניט קענען. (פּלוצלינג א חאפּ באם קאָפּ) אָי! א שרעקליכער געדאנק איז מיר איינגעפאלען! גאָטט, דוא ווייסט, וואס איך פיהל, דוא ביזט א גוטער און וועסט מיר מוחל זיין! איך האָב מורא צו לעבען! איך האָב מורא צו לעבען! (פארדעקט זיין געזיכט און בעמערקט ניט וויא ח צ ק א ל גייט אריין. ער איז ניעדערגעשלאָגען און פערוויינט. פויזע.)

ח צ ק א ל : בעלבית, האָט קיין פעראיבעל ניט (הערשעלע דערשרעקט זיך) איר דארפט אייך ניט שרעקען: איך בין געקומען רופען אהיים מיין אונגליקליכע ווייב און מיין ארעמע שנור נעבאך..

ה ע ר ש ע ל ע : אזוי? זיי מעגען שוין גיין אהיים? שוין געענדיגט דיא אָפּעראַציע?

ח צ ק א ל : יא, זיי מעגען שוין אהיים גיין. אייער דאָקטאָר האָט געענדיגט דאס, וואס אייער פאבריק האָט אָנגעהויבען. שש! איך וויל נאָך ניט, זיי זאָלען דאָרט וויסען... (שטיל) ר' הערשעלע, מיין זון איז געשטאָרבען אונטערן מעסער.

ה ע ר ש ע ל ע : אָי, וועה איז מיר! געשטאָרבען? ברוך דין אמת.

ח צ ק א ל : ווער זאגט עס, אז עס איז דאָ א דין אמת? איר? איר גלויבט, אז עס איז דאָ א דין אמת, פיר וועלכען איר וועט דארפען אבגעבען דין וחשבון? אָי, ר' הערשעלע, ניט מיט איהם און פור אללעס, אפילו מיט מיר אליין, וועט איר זיך ניט קענען בארעכענען.

הערשעלע: יא, ר' חצקאל, איך פיהל און איך גלויב אז, פריער אָדער שפּעטער, יעדער מענש וועט מוזען אָבגעבען דין וחשבון. אָבער מיט דיר? דיר אָבגעבען רעכנונג?

חצקאל: יא, מיר, אייער ארבייטער וועט איר מוזען פריער פון אללע אָבגעבען דין וחשבון. אמאָל זיינען מיר געווען בהידער, איצט בין איך אייער באטראק! אמאָל בין איך געווען אייער פריינד, איצט בין איך דיין קנעכט. אמאָל פאר'ן שרייבען, אדושם, פלעגסט דוא זיך טובל זיין אין וואסער און איצט ביזט דוא זיך טובל אין אונזער בלוט! אינ'ם בלוט פון אונזערע יונגע אונשולדיגע קינדער!

הערשעלע: חצקאל, האָב רחמנות אויף מיר, איך בעט דיך.

חצקאל: דוא האסט געהאט א אלטען טאטען, וועלכען, דאכט זיך, דו פלעגסט אבגעבען כבוד מעהר וויא מע דארף, האָסט דוא אבער אויף איהם רחמנות געהאט? האָסט דוא רחמנות גע־האט אויף דיין ווייב, א עהרליכע כשרה יודענע, וועלכע האָט דיך געאכטעט וויא א מלאך? האָסט דוא רחמנות געהאט אויף דיין יונג ווייב וועלכע איז דורך דיר געוואָרען נעבאך וויא א צומישטע?

הערשעלע: דורך מיר?

חצקאל: יא, דורך דיר! האָסט דוא געהאט רחמנות אויף דיין חבר, דיין בעסטען פריינד און אויף זיינע קינדער? אָי! וועה! אין דער צייט, ווען דוא זיצסט דאָ און ציילסט געלד ליעגט בא מיר אין שטוב א ברמנן... א טויטער, וועלכער איז דורך דיין געלד געהרגעט געוואָרען. דוא האָסט פערשפּראָכען דיא גאנצע שטעטיל גליקלאך מאכען מיט דיין פאבריקע און דוא האָסט אונז אללע בעגזלט, אונגליקלאך געמאכט, פערדאָרבען... ר' הערשעלע דובראָוו־נער, דוא האָסט געשפּיעלט א קאָמעדיע מיט גאָטט... האָסט געזוכט נאָר א הייליגע ארבייט, מלאכת אלקים, האָסט געמאַכט טליתים פאר יודען. נא! זעה! (נעמט ארוס פון בוזעם א טלית אין בלוט) דאס איז איינער פון דיינע טלתים, ער איז אין בלוט! ער איז אויס־געווייקט אין דעם בלוט פון מיין קינד און אין דיא טרערען פון

זיינע ארעמע יתומימלאך! מיין געשטאָרבענער זון האָט דיך איבערגעפיהרט א טלית, פערשרייב עס אויף מיין חשבון! (ראש אב אין דיא איננערע צימטערן.)

הערשעלע: (בלייבט לאנג אהן בעוועגונג. דאן נעמט ער דעם טלית און בעטראכט) אויסגעוויקעט איז זיין בלוט און אין דיא טרערען פון זיינע יתומים... און דאָס זאָל איך אויך פערשרייבען אויף זיין חשבון...אי! עס איז א גרויסער חשבון, א שווערער חשבון... איך האָב צופיעל צו צאָהלען און פיהל אז איך מוז באנקראָטירען. באנקראָט! איך באנקראָטיר איצט ניט אזוי וויא דאמאלס. מיט מזיק'ן בשותפות. ניין! אליין! יענע חובות האָב איך געהאט מיט וואס צו צאָהלען און האָב ניט געוואָלט צאָהלען, איצט וואָלט איך אפשר געוואָלט צאָהלען, נאָר איך האָב ניט מיט וואס. (עפפענט דיא קאססע) איר זעהט? א פולע קאססע מיט גאָלד און דעם קלענסטען חוב, וואס א מענש איז שולדיג א מענשען קען מען מיט דעם ניט בעצאָהלען. אָי גרויסער גביר, וואס פאר א שרעקליכער ארעמאן דוא ביזט! (בעטראכט דעם טלית און לעגט אויף דער קאססע) צו פיעל רייד דארף מען האָבען, מע זאָל קענען אויסדריקען אללעס, וואס איך פיהל... גרינגער וואָלט געוועזן אזא שמעריל אויסוויינען, אבער איך האָב ניט קיין טרערען. (דערזעהט דאס פידעלע) אָה! איך וויל שפיעלען... נאָך אמאָל שפיעלען... (נעמט אראָפּ פון שאפע. מאכט צו אללע טירען) אמאָל האָבען מיך גאנץ אנדערע געפיהלע געצוואונגען צו רעדען דורך דיר, איצט זאָלסט דוא נאך אמאָל, נאָך איין מאָל רעדען פאר מיר... פריי־דעניו זאָגט, דוא קומסט פון דיא הימלען. טראָג צוזאמען מיט דיינע טענער אויף מיינע זיפצען און סטעהנען אהין; פון וואנען דוא קומסט. (שפיעלט פיאנאָ און מיט געפיהל „מזמור לדוד“, נאכדעם פארדעקט ער זיין געזיכט און בלייבט שטיל.) פריער האָב איך ניט געהאט קיין טרערען און איצט פיהל איך איך ועל קענען וויינען... יא! איך וויין! און מיר קומט ווידער אויף'ן זינן א שטיקעלע פיוט וואס פאסט זעהר גוט פאר א באנקראָט, וועלכער געהט ענ־דיגען אללע זיינע געשעפטען. (נעמט פון שאפע א מחזור, שטעלט

זיך ביי דער קאססע וויא בא א שטענדער,) אָי! ( א לאנגער זיפץ) אנוש מה יזכה, וואָס קען דער מענש זוכה זיין און וויא קען ער זיין ריין? טמא בשארו, ער איז טמא מיט זיין לייב, אונריין מיט זיין וועזען און מאכט טמא מיט זיין טויט כל ימי חיו תוהו, ולילותיו בוהו, ועניניו הבל (וויינט.) יא, אללע זיינע טעג פון זיין לעבען זיינען תוהו, זיינע נעכט בוהו, זיינע געשעפטען הבל. אזוי וויא א חלום איז זיין לעבען, שרעק פערפאָלגען איהם שטענדיג. בא נאכט שלאָפט ער ניט, בא טאָג רוהט ער ניט, עד ירדם בקבר... אָי! מה יתאונן אדם חי? וואס קען זיך בעקלאָגען דער ארעמער מענש? ער איז געבוירען צו מאטערען זיך און ליידען. זיין סוף איבערצייגט וואס זיין אנפאנג איז... טהוט ער צדקות, וועט מען איהם מאכען א לויה צום בית עולם. צופה בחכמה, וועט זיין חכמה געהן מיט איהם אין גרוב. (פאלט צו צום פערבלוטיגטען טלית און וויינט. נאָכדעם הויבט ער אויף דעם קאָפ ענטשלאָסען. נעמט דעם טלית בינדעט איהם צו צום הענטיל פון דער קאססע, מאכט א שלייף אויפן האלז, גיט א לאנגען קוק ארום זיך, גיט א טיעפען זיפץ און זעצט זיך אראָפ, דיא קאסע פערשטעלט זיין קערפער. פויזע. דאן ערשיינט פ ר י י ד ע נ י ו.

פ ר י י ד ע נ י ו: דיא פיעדעלע האָט ווידער גערעדט, זיא האָט נאָך אמאָל געזאגט דיא וואהרהייט... איך הער זיך צו און הער זיך צו און זיא שווייגט... וואס איז זיא אנשוויגען געוואָרען?... אָי! ווארום רעדסט הוא ניט נאָך? (זינגט פיאנאָ) גם כי אלך בגיא צלמות לא אירא רע כי אתה עמדי. הערשעלע, דיא פידעלע שווייגט און דוא שווייגסט, וואו ביזט דוא? (בעמערקט איהם פלוצ־לינג) אָי! אָי! (שרייט פערצווייפעלט. לייזער, פעסי, דאָבע, ציפעניו, חצקאל פון אינגערסטער טיער. מזיק פון ד"ויסען. דיענער ברענגען ליכט.) אָי! איך האָב מורא! איך האָב מורא צו קוקען אויף איהם!

א ל ל ע: (ערשראָקען) וואס איז? וואס איז געשעהען? (חצקאל בעמערקט איהם.)

פ ע ס ע נ י ו : (העלפט איהם אראָפּנעמען) **ניט מורא פאר איהם... מיין הארץ בלוטיגט פאר איהם!...**

ח צ ק א ל : פאטער אין הימעל... (נעמט איהם אראָפּ) ער איז טויט... (וויינט) ברוך דין אמת. (ער און לייזער לעגען איהם אויף דר'ערד און דעקען איבער מיט'ן טלית).

ל י י ז ע ר : גאָטעניו, ניט דער בדחן, דער אלטער לייזער רייסט איצט קריעה (רייסט קריעה און וויינט.)

(אללע ווייבער וויינען אין פערצווייפלונג.)

מ ז י ק : (אפּארט) אזוי פיעל געלד אין דער קאססע און האָט דאָך ניט געוואָלט לעבען מעהר. וואס זשע, אפילו דיא מאכט פון געלד איז אויך בעגרענצט?... וויא! מען קען נאָר דורך געלד פערפיהרען, פערדארבען, פערקריפּלען, אבער אין גאנצען פערניכ־טען דעם מענשען קען מען ניט? אויב אזוי האָב איך אפּנים פער־שפּיעלט.

פ ע ס ע נ י ו : (פאלט צום קערפּער) איצט, ווען ער איז טויט, ערלויבט מיר חאָטש וויינען לעבען איהם... (וויינט. אללע וויינען.)

(א שופר, וויינט. א חאָר פּיאנאָ.)

שטארבען שטארבט אללעס, וואס עס איז און עס לעבט,
דאס לעבען אליין איז אונשטערבליך,
שטערבליך איז דאָס נאָר, וואס עס וויל און עס שטרעבט,
דאס שטרעבען און ווילען — אונשטערבליך...

פ אָ ר ה א נ ג.

# קאטאלאג
## פון די
# אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

פרייז

פיליפ קראַנץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, געבונדען,
יעדער באַנד ...................... .75
" " פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, געבונדען .... 1.00
" " אַמעריקאַ פאר קאָלומבוס, געבונדען ...... .50
" " יציאת מצרים, פאַפּיער ............... .15
" " וואָס הייסט נאַציאָן ................. .10

לעבענס-בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער.
אַ זאַמלונג פון ביאָגראַפיעס פון די גרעסטע דענקער,
פאָעטען און שריפטשטעלער פון דער אַלטער און נייער
צייט, אין 3 בענדער, געבונדען, יעדער ........ 1.25

מאָרים ראָזענפעלד, שריפטען, 1טער סעט, באַנד 1, געבונדען 1.00
" " " " " " 2 " 1.00
" " " " " " 3 " 1.00
" " נייע שריפטען 2טער סעט, באַנד 4, געבונדען 1.25
" " " " " " " 5 " 1.25
" " " " " " " 6 " 1.25

| | |
|---|---|
| | פרייז |
| ד. פינסקי, ערצעהלונגען, 2 בענדער, געבונדען, יעדער באַנד | .75 |
| " איזיק שעפטעל, דראמא | .15 |
| דר. קאספע, מעכאַניקע | .10 |
| " " כעמיע | .15 |
| " " אַסטראָנאָמיע | .15 |
| יהואש, געזאַמעלטע ליעדער, געבונדען | 1.00 |
| י. גאָרדין, ערצעהלונגען, געבונדען | .75 |
| " " סאפפהא | .25 |
| " " גאָט, מענש און טייפעל | .25 |
| " " אלישע בן אבויה | .15 |
| " " דער אונבעקאַנטער | .20 |
| " " די אמת'ע קראַפט | .20 |
| מאקסים גאָרקי, ערצעהלונגען | .15 |
| " " אינטערוויום | .15 |
| ליעוו טאָלסטאָי, איינציגער מיטעל | .5 |
| " " פאַטריאָטיזמוס און רעגירונג | .5 |
| " " צום ארבייטער פאָלק | .15 |
| דר. ח. זשיטלאָווסקי, דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע | .40 |
| ז. ליבין, געקליבענע סקיצען, געבונדען | .75 |
| מ. באראנאָוו, דער מענש און די נאַטור | .10 |
| לעאָפּ. קאמפף, פאַר'ן שטורם, דראמא | .20 |
| הענריק איבסען, די גייסטער " | .20 |
| „קניאז פאטיאמקין" | .20 |
| דר. ש. פעסקין, סטרייקס | .5 |

## פאלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

א פאָלשטענדיגע אויסגאַבע פון י. ל. פרץ'ס שריפטען
דר. ח. זשיטלאָווסקי'ס שריפטען
ליעסינ'ס געזאַמעלטע ליעדער
יודישע פאָלקס־ליעדער געזאַמעלט פון י. ל. כהן
דער מטורף, דראמא אין 4 אַקטען, פון יעקב גאָרדין
ל. טאָלסטאָי'ס די שקלאַפעריי פון אונזער צייט
" " דער סוף פון דער היינטיגער וועלט
" " די אויפשטעלונג פון גיהנם
" " וועגען דער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג אין רוסלאַנד
" " תחית המתים
היינעס געדיכטע, איבערזעצט פון ד. פינסקי
געקליעבענע ערצעהלונגען פון גיואי דע מאפאסאן, איבערזעצט
פון י. ענטין

אַדרעסירען:

The International Library Pub. Co.
102 & 104 W. 38th ST.
NEW YORK.